# רולס פון די לייברערי

1. קיינער קען ניט בעקומען מעהר ווי איין בוך אויף א מאהל.

2. דער בוך מוז געהאלטען ווערען אין בעסטען ארדער.

3. קיין בוך טאר ניט געהאלטען ווערען מעהר ווי 2 וואכען.

4. אם ענדע פון די 2 וואכען מוז דער בוך צוריקגעבראכט ווערען אדער קריגען ערלויבנים פון לייברערי אויף נאך 2 וואכען.

5. ווען יעמאנד האלט א בוך מעהר ווי 2 וואכען, דאן מוז געצאהלט ווערען 5 סענט, פיר יעדע וואך עקסטרא.

6. ווען דער בוך ווערט פערלארען, צוריסען אדער פערשמוצט, מוז דער פערזאן דעם פולען ווערט פון בוך בעצאהלען.

---

פאלגענדע אבענדען זיינען צו בעקומען ביכער:
מאנטאג, דינסטאג, מיטוואך, דאנערשטאג און פרייטאג, פון 8 ביז 10 אבענדס, און זונטאג פון 10 ביז 12 מארגענס.

# דֶער

# אַנְטְלָאפְּפֶענֶער קַאסְסִיר

## אַ רָאמַאן

פערפאסט פאָן

## נ. מ. שיקעוויטש (ש'מ'ר')



ווילנא

שנת תרנ"ה לפ"ק

БѢГЛЫЙ КАССИРЪ.

Романъ Н. М. Шайкевича.

Изданія Бр. Блетницкихъ.

ВИЛЬНА. Тип. Вдовы и бр. Роммъ. Жмуд. пер. собств. домъ № 328.

1895.




# אֵין שָׁלוֹם אָמַר אֱלוֹהַּ לָרְשָׁעִים

1

רָשָׁע עָרִיץ אִם רָאִיתָ , מְאֻשָּׁר , צוֹלֵחַ ,
עַל שְׁמָרָיו קוֹפֵא בְּאֵין מַחֲרִיד מַפְרִיעַ ,
פְּנֵי עֲנִיִּים יִטְחַן , יְדַכְּאֵם בַּכֹּחַ ,
עַל שֶׁבֶר נִדְכָּאִים יִשְׂמַח יָרִיעַ ;
אַל תִּרְגַּן סְתוּם עַיִן עַל הַהַשְׁגָּחָה !
אַחֲרִיתוֹ לֹא תֶחֱזֶה בַּיָּמִים הַבָּאִים ,
לֹא נֶצַח יִשְׁכּוֹן בְּצֵל הַהַצְלָחָה ,
כִּי אֵין שָׁלוֹם אָמַר אֱלוֹהַּ לָרְשָׁעִים ׃

2.

אַל יִגְבַּהּ לְבָבְךָ אִישׁ רַע מַעֲלָלִים !
עַל יִשְׁרֵי דֶרֶךְ עֵת תַּשְׁלִיךְ גָּעַל ,
«הֵידָד !» אַל תִּקְרָא לְשַׁוְעַת אֻמְלָלִים ,
קֻבַּעַת כּוֹס חֲמָתְךָ שָׁתוּ רָעַל ;
לֹא יָנוּם אֵל הַנְּקָמוֹת שָׁם בַּשָּׁמַיִם ,
לְפָנָיו נִגְלוּ כָּל מַעֲשֶׂיךָ הָרָעִים .
נוֹרָה מֵחֲמָתוֹ , רָשָׁע רוּם עֵינַיִם !
כִּי אֵין שָׁלוֹם אָמַר אֱלוֹהַּ לָרְשָׁעִים .



# פארווארט

דיא פיעלע דאנקען וואס איך ערהאלטע יעדין טאג פון מיינע לעזער, פאר מיינע ראמאנען, דיא מוטהיגען מיך איך זאל נאך נייע ראמאנען פאר אונזערע יודען פאראויס געבין, אבוואל איך האב זיך שוין פיל מאל בעשלאסין איך זאל אויפהערין צו שרייבין אוים פערדרוס וואס נאך אלע דאנקען אונ נאך אלע ראמאנען וואס איך האב ארויס געגעבין ווערט מיין מיהע ניט בעלאהנט.

איך גלויבע אז דער ראמאן וועט אויך מיינע לעזער פערשאפין פערגעניגען וויא אלע פריהעריגע מיינע ראמאנען, דען ער האט אין זיך אלעס וואס דאס יודישע פובליקום פאדערט: ריהרענדע סצענען, גרויסע אינטריגען, ליבעס געהיימניסע, איבעראשענדע צוזאמענטרעפונגען, אויך איבער נאטירליכע ערייגניסע, מיט איינעם ווארטע אלעס וואס אונזערע לעזער האבין ליב.

איך בעט נאך אמאל מיינע לעזער אז ווען זייא נעמען א ווערק אין האנד, פערפאסט פאן שמ״ר זאלין זייא בעטראכטין צו דאס איז ווירקליך מיין ווערק בעזאנדערס זאלין זייא קוקין אין דער רוסישער זאגלאוויע צו עס שטייט „Соч. Н. М. Шайкевича“ ווייל דיא לעצטע צייטין האבין פילע בוכהענדלער אנגעהויבין צו עקספלואטירען מיט דעם נאמען „שמ״ר“ אונ שטעלין אויף פערשיעדענע שמאטעס דעם נאמען אום דיא לעזער דיא אויגען צו פאר בלענדין.

דער פערפאסער.

## א.

# דִיא שְׁרֶעקְלִיכֶע לַאגֶע.

אִין דֶעם מֶענְטְשֶׁענְס לֶעבִּין טְרֶעפִין זִיךְ מַאנְכֶעס מָאל אַזֶעלְכֶע אוּנְגְלִיקְס פַאלֶע, וָועלְכֶע מִיא קָאן אַלְס דִיא עֶרְגְסְטֶע אוּנ גְרוֹיזַאמְסְטֶע צְווִישִׁין אַלֶע אוּנְגְלִיקֶען בֶּעטְרַאכְטֶען, אוּנ דָאךְ זַיינֶען זֵייא אוּנְזִיכְטְבַּאר פַאר דֶער וֶועלְט, זָאגַאר אוּנְבֶּעמֶערְקְבַּאר פַאר דִיא פֶערְזָאנֶען וֶועלְכֶע וואוֹינֶען צוּזַאמֶען מִיט דֶעם אֵיינֶגֶענְטְהִימֶער פוּן דִיא שְׁרֶעקְלִיכֶע אוּנְגְלִיקְס פַאלֶע.

קֵיינֶער הָאט נִיט בַּאמֶערְקְט וָואס פַאר אַשְׁמֶערְצֶענְדֶע וואוּנְדִין עֶס זַיינֶען פַארְבָּארְגִין בַּייא בנימין פריעדפיש אִין הֶערְצִין, אוּנ קֵיינֶעם וָואלְט גִימַאלְס נִיט אַיינְגֶעפַאלִין, אַז דֶער יוּנְגֶער מַאן רבי לוי דֶעם גְבִירְ'ס בֶּן יָחִיד, דֶער אֵיינְצִיגֶער יוֹרֵשׁ פוּן אַזַא רַייכְטְהוּם, דֶער בִּילְדְשֵׁיינֶער יוּנְג וֶועלְכִין מִיא רֶעט דִיא גְרֶעסְטֶע אוּנ בֶּעסְטֶע שִׁידוּכִים אִין דֶער וֶועלְט, עֶר זָאל אוּנְגְלִיקְלִיךְ זַיין אִין דֶער ווירְקְלִיכְקֵייט אָבֶּער וַואר עֶר אֵיינֶער פוּן דִיא אוּנְגְלִיקְלִיכְסְטֶע, אוּנ אִין זַיין גְרוֹיזַאמֶען אוּנְגְלִיק וַואר נָאר עֶר אַלֵיין שׁוּלְדִיג.

מִיר הָאבִּין שׁוֹין אֵיינִיגֶע מָאל גִירֶעט פוּן דִיא קְרֵיינְקֶען וֶועלְכֶע דִיא מֶענְטְשְׁהַייט אִין אַלְגֶעמֵיין לַיידֶעט, קְרֵיינְקֶען וָואס וֶוען מִיא זָאל זֵייא נִיט בֶּעטְרַאכְטֶען זַיינֶען זֵייא נָאר קֵיין קְרֵיינְקֶען נִיט, אוּנ דָאךְ קוּקִין אוֹיף זֵייא דִיא מֶענְטְשִׁין מִיט שְׁרֶעק וִויא אוֹיף דֶער עֶרְנְסְטֶער עֶפִּידֶעמִישֶׁער זַארַאזֶע, וֶועהְרֶענְד דִיא ווירְקְלִיךְ עֶפִּידֶעמִישֶׁע קְרַאנְקְהַייטֶען מַאכִין זֵייא אַוֶועק אוּנְטֶער דֶער הַאנְד אוּנ קוּקִין אוֹיף זֵייא גְלַייכְגִילְטִיג, צוּם בַּייא שְׁפִּיל פָּארְט אַרֵיין אִין אַלִיטְוֶועשֶׁער אָדֶער אַפָּאלְנִישֶׁער שְׁטָאט, וֶועט אִיר בַּאמֶערְקִין וִויא טִירַאנִישֶׁע הֶערְצְלָאזֶע עֶנְגָאִיכְטֶען רוֹיבִּין פוּן אַלֶע זַייטֶען, זֵייא שִׁינְדִין פָּשׁוּט דִיא הוֹיט אַרָאפּ פוּן דִיא שְׁוַואכֶע הִילְפְלָאזֶע מֶענְטְשִׁין, אוּנ פוּן דֶעסְט וֶועגִין קוּקִין אוֹיף זֵייא דִיא בֶּעוואוֹינֶער פוּן דִיא שְׁטָעט גְלַייכְגִילְטִיג אוּנ קַאלְטְבְּלִיטִיג וִויא אוֹיף נַאטִירְלִיכֶע פֶערְזָאנֶען, אוּנ אַסַךְ פוּן דִיא טִירַאנֶען הָאבִּין נָאךְ זֵייעֶר שֵׁיינֶע נֶעמֶען אִיבֶּערַאל, אוּנ אִין דֶער זֶעלְבֶּער שְׁטָאט וֶועט אִיר זֶעהֶען וִויא אַלֶע אָן אַנְ'אוֹיסְנַאהְמֶע פֶערְפָאלְגִין אַפֶּערְזָאן וֶועלְכֶער הָאט קֵיינֶעם קֵיין שְׁלֶעכְטֶס נִיט גֶעטָאן, עֶר הָאט זִיךְ נוּר עֶרְלוֹיבְּט צוּ רֵיידִין אַשְׁלֶעכְט וָוארְט אוֹיף אַחְכִידֶעשִׁין רַבִּין א. ז. ג. נוּא אִיז דָאס גִיט צוּא בֶּעוואוּנְדֶערִין? נָאר נִיט גְרַאדֶע אוּנְזֶערֶע יוּדֶען הָאבִּין אִין זִיךְ דֶעם פֶעהְלֶער, וִויא מִיר הָאבִּין שׁוֹין גֶעזָאגְט לַיידֶעט דִיא גַאנְצֶע מֶענְטְשְׁהַייט פוּן דֶער קְרֵיינְק.

אִין אַשְׁרֶעקְלִיכֶען רֶעזוּלְטַאט פוּן אַזַא קְרֵיינְק, הָאט אוֹיךְ עֶרְוַוארְטֶעט בנימין פריעדפיש.

בנימין אִיז גִיוֶועז וִויא מִיר הָאבִּין דֶערְמָאנְט אַבֶּן יָחִיד בַּייא רבי לוי פריעדפיש דֶער גְרֶעסְטֶער גְבִיר אִין דֶער שְׁטָאט קרויסבאב, רבי לוי וַואר וִויא מִיא הָאט אִים גֶערוּפִין — דֶער פֶּער פוּן דֶער קרויסבאבער קְהִילָה, אוּנ פַּאר וָואס נִיט? אַיוּד וָואס פַּארְמָאגְט בַּייא אַפִּירְטָעל מִילְיָאן רוּבִּיל, אוּנ אִיז דָאךְ דַאבַּייא אַפְרוּמֶער יוּד וָואס גֵייט אַלֶע טָאג דַאוְונֶען צוּא זִיךְ אִין שׁוּל אוּנ קוּקְט נָאךְ אַמָאל אַרַיין אִין אַגְמָרָא אוֹיךְ, אַיוּד וָואס טוּט גְרוֹיסֶע טוֹבוֹת מִיט אַרְמֶע מֶענְטְשִׁין, אוּנ הָאט אוֹיף זַיין אֵייגֶענֶם רֶעכֶענוּנְג נֶעמַאכְט אַנַייא הוֹיז פַאר דֶער תַלְמוּד תּוֹרָה.

בנימין וַואר דֶער אֵיינְצִיגֶער זוּן בַּייא רבי לוי'ן, זַיין קַדִּישׁ, זַיין יוֹרֵשׁ, אוּנ זַיין גַאנְצֶע נֶחָמָה, דַארוּם אִיז קַיין וואוּנְדֶער וָואס מִיא הָאט אוֹיף דֶעם קִינְד פוּן זַיין פְרִיהְסְטֶע יוּגֶענְד אָן גֶעקוּקְט מִיט טוֹיזִינְד אוֹיגִין, דֶער פָאטֶער הָאט צוּא אִים גֶעהַאלְטִין גְרוֹיסֶע מְלַמְדִים אוֹיךְ לֶעהְרֶער פוּן פַארְשַׁיידֶענֶע וִויסֶענְשַׁאפְטֶען, דָאס פַארְשְׁטֵייט זִיךְ אַלֵיין, אַז דִיא מְלַמְדִים הָאבִּין פֶּערְנוּמֶען דֶעם עֶרְשְׁטִין פְּלַאטְץ, דֶען זַייא הָאבִּין דָאךְ בַּאדַארְפְט בּוֹיעֶן דֶעם פוּנְדַאמֶענְט פוּן בֵּיידֶע וֶועלְטִין פַאר דֶעם בֶּן יָחִיד, אוּנ דִיא אִיבֶּערִיגֶע קֶענְטְנִיסֶע וִויא צוּם בַּייא שְׁפִּיל אֵיינִיגֶע יֶעווְרָאפֵּייאִישֶׁע שְׁפְּרַאכֶע אוּנ רֶעכֶענֶען הָאט דֶער צֶערְטְלִיכֶער פָאטֶער בֶּעטְרַאכְט וִויא זַייטִיגֶע זַאכִין, וֶועלְכֶע וֶועלִין אַמָאל נוּצִין נוּר צוּא אַשִׁידוּךְ, אוּנ עֶר אִיז אֶפְשַׁר נִיט אוּנְגִירֶעכְט גִיוֶועז וָואס עֶר הָאט אַזַא מֵיינוּנְג גֶעהַאט דֶען עֶר הָאט דָאךְ גִיזֶעהֶען אָן זִיךְ, אַז חָאטְשׁ עֶר קָאן קַיין זַאךְ נִיט פוּן דֶעסְט וֶועגִין אִיז עֶר גֶעוָוארִין אַזַא גְבִיר, אוּנ פִיהְרְט אַזֶעלְכֶע גְרוֹיסֶע גֶעשֶׁעפְטִין, נָאר מֶערְקְוֶוערְדִיג וַואר דָאס, וָואס גְרַאדֶע דִיא זַייטִיגֶע קֶענְטְנִיסֶע הָאט זִיךְ בנימין גִיכֶער אוּנ בֶּעסֶער אוֹיס גִילֶערִינְט אַלְס דִיא גְמָרָא מִיט וֶועלְכֶע זַיינֶע מְלַמְדִים הָאבִּין אִים גֶעשְׁטָאפְּט, דִיא אוּרְזַאכֶע דַאפָאן אִיז אוֹיךְ זֵייעֶר אֵיינְפַאךְ מִיר וֵוייסִין דָאךְ וִויא אַזוֹיא עֶס נִיט מְלַמְדִים וָואס לֶערְנֶען מִיט זֵייעֶרֶע שִׁילֶער, זַייא פֶּערְשׁוּמֶען דִיא קִינְדֶער דֶעם קָאפּ מִיט פְּשֶׁעטְלַאךְ אוּנ מִיט אִיבֶּערְשְׁפִּיצִיגֶע פִּלְפּוּלִים, נָאךְ אֵיידֶער דִיא שִׁילֶער פַארְשְׁטֵייעֶן דֶעם אֵיינְפַאכִין זִינֶען פוּן דֶער פָּשׁוּטֶער גְמָרָא, עֶס גִיט אָפְט אַז דֶער לֶעהְרֶער מִיט דֶעם שִׁילֶער וֵוייסִין בֵּיידֶע נִיט וָואס זֵיי רֵיידִין, דִיא גוּטֶע לֶעהְרֶער וֶועלְכֶע רבי לוי הָאט אוֹיס גֶעזוּכְט פַאר זַיין בֶּן יָחִיד הָאבִּין זִיךְ אוֹיס גֶעצֵייכֶענְט דוּרְךְ זֵייעֶרֶע שַׁארְפֶע קֶעפּ אִין פִּלְפּוּל, אוּנ הָאבִּין מִיט זֵייעֶרֶע פִּלְפּוּלִים אַזוֹיא פֶערְשְׁלָאגִין בנימינ'ן דֶעם קָאפּ אַז עֶר הָאט נָאר נִיט גֶעוואוּכְט ווָאוּ עֶר אִיז אִין דֶער וֶועלְט, דַאגֶעגִין אָבֶּער הָאבִּין אִים זַיינֶע שְׁפְּרַאךְ לֶעהְרֶער אִים גִילֶערִינְט סִיסְטֶעמַאטִישׁ אוּנ שְׁטוּפֶּענְוַויים זָא דָאס עֶר הָאט זֵייעֶר לַייכְט פַארְשְׁטַאנֶען וָואס זַייא מֵיינֶען.

אִין דֶער צַייט וָואס מִיר הַאלְטִין וַואר שׁוֹין בנימין אַיוּנְג פוּן נַיינְצֶעהֶען יָאר. עֶר וַואר גִיט אִיבֶּעריג שֵׁיין אָבֶּער אוֹיךְ נִיט מִיאוּס, אִין שְׁטָאט הָאט עֶר

גְעהַאט אַנָאמֶען פַאר אַגְרויסֶען לַמְדָן אוּנ פַאר אַמוּשְׁלָם בְּכָל הַמַעֲלוֹת, אִין דֶעם הִינְזִיכְט פוּן לוּמְדִישׁ הָאבֶּין אַלֶע אַגְרויסֶין טָעוֹת גֶעהַאט, דֶען נִיט עֶר הָאט גֶעקֶענְט גְמָרָא אוּנ נִיט עֶר הָאט גֶעוָואלְט קֶענֶען, דַאגֶעגֶען אָבֶער וַואר עֶר הָעכְסְט גֶעבִּילְדֶעט, עֶר הָאט זֶעהֶער גוּט פֶערְשְׁטַאנֶען רוּסִישׁ פָּאלְנִישׁ דַייטְשׁ פְרַאנְצֶאזִישׁ, אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס הָאט עֶר זִיךְ אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט אִין דֶער מַאטְהֶעמַאטִיק.

דָאס פֶערְשְׁטֶעהְט זִיךְ פוּן זֶעלְבְּסְט אַז אַזַא יוּנְגֶער מַאן מִיט אַזַא רַייכְטְהוּם אוּנ מִיט אַזַא נָאמֶען הָאט אוֹיף זִיךְ גֶעהַאט אַסַךְ בַּעלָאנִים, מִיא הָאט אִיהם גִירֶעט דִיא גְרֶעסְטֶע אוּנ פַיינְסְטֶע שִׁידוּכִים, נָאר אִין יֶעדֶען שִׁידוּךְ הָאט רבי לוי אַלְס גֶעפוּנֶען אַנְ'אַנְדֶער פֶעלֶער, עֶר הָאט אַלֵיין נִיט גֶעוואוּסְט וָואס עֶר וִויל, אִיהם הָאט אוֹיסְגֶעוִויזֶען אַז עֶר דַארְף טָאהן מִיט זַיין בֶּן יָחִיד עֶפֶּעס אַנֵייטָאדְנֶעם שִׁידוּךְ וָואס מִיט אִיהם זָאל דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט קְלִינְגֶען.

אוּנ וֶועהְרֶענְד רבי לוי הָאט פֶערִיסֶען דֶעם קָאפְּף צוּקוּקֶען אִיבֶּערִין הִימֶעל הָאט בנימין וִויא אַזִינְדִינֶער בָּשָׂר וָדָם גֶעקוּקְט זַייעֶר נִידֶערִיג, עֶס אִיז נָאר אַחֲרְפָּה עֶר הָאט זִיךְ פֶערְלִיעֶבְּט אִין בֶּערְגְטַאהְל דֶעם סְטַאנְצְיָאנֶעם רֶעווִיזָארְס טָאכְטֶער.

סַאמוּאִיל בֶּערְגְטְהַאל וַואר אַנַאקְצִיזְנֶער סְטַאנְצְיָאנֶער רֶעוִוזָאר, וֶוער פוּן אַייךְ מַיינֶע לֶעזֶער הָאט נִיט גִיזֶעהֶען אָדֶער נִיט גִיהֶערְט פוּן דִיא אַקְצִיזְנֶע בַּאעַאמְטֶע אַלְס דֶער גָאטְזֶעלִיגֶער יָאזֶעף גִינְצְבּוּרְג הָאט דֶעם אַקְצִיז גֶעהַאלְטֶען, דַאמָאלְס וַואר נָאךְ אִין רוּסְלַאנְד בַּייא דִיא יוּדֶען רֶעכְט פִינְסְטֶער, דִיא פָאנַאטִיזְמוּז הָאט מִיט אִיהְרֶע גְרוֹיסַאמֶע שְׁוַוארְצֶע שַׁאטְטֶען בֶּעדֶעקְט אַלֶע יוּדִישֶׁע גֶעמֵיינְדֶען, אוּנ דָאךְ הָאט דֶער אַקְצִיז אַזֶעלְכֶע גְבוּרוֹת גֶעוִויזֶען אַנְטְגֶעגִין דֶער שְׁטַארְקֶער פַאנַאטִיזְמוּז, זָא דָאס מִיר קָאנֶען נָאךְ הַייטֶע נִיט פֶערְשְׁטֶעהֶען מִיט וֶועלְכֶען צוֹיבֶּער הָאט זִיא דַאמָאלְס אַזֶעלְכֶע קוּנְסְטְשְׁטִיקֶע גֶעוִויזֶען, קוֹים הָאט אַיוּד בֶּעטְרָאטֶען אַשְׁטֶעלֶע אִין אַקְצִיז, עֶר הָאט גֶעמָאגְט וֶוער וַוייסְט וִויא פַאנַאטִישׁ זַיין, אִיז עֶר פוּן דֶער הֶעלֶער הוֹיט גָאר אַנְאַנְדֶער מֶענְטְשׁ גֶעוָוארִין, עֶר אִיז וִויא אִיבֶּערְגֶעזַאנְגֶען אִין אַיין אַנְדֶער לַאנְד אוּנ צוּ אַנְ'אַנְדֶער פָאלְק, בַּאלְד הָאט עֶר פוּן זִיךְ דִיא אַלְטְמָאדִישֶׁע זִיוּפֶּעצֶע מִיט דֶעם בְּרַייטֶען קַאזִירָאק אַרָאפְּגֶעוָוארְפִין, אוּנ הָאט זִיךְ אָנְגֶעקְלֵיידְט וִויא אַיין יֶעוְורָאפֵּייעֶר, עֶר הָאט שׁוֹין קַיין מוֹרָא נִיט גֶעהַאט צוּ זִיצֶען אָן אַהִיטֶעל אוּנ זִיךְ שַׁדְבֶענֶען צוּ אַשֵׁיין מֵיידִיל, אוּנ עַל פִּי נוֹיט אוֹיךְ צוּ אַן . . . אִישׁ, דָאס רֵיידִין מִיר אַלְץ וֶוענִין דִיא קְלֵיינֶע בֶּעאַמְטֶע וֶועלְכֶע הָאבִּין גֶעהֵייסִין אַקְצִיזְנִיקֶעס, אָדֶער סְמַאטְרִיטֶעלֶעס, פוּן דִיא גְרוֹיסֶע וִויא צוּם בַּיישְׁפִּיל פוּן סְטַאנְצְיָאנֶע רֶעוִוזָארִין, פוּן אוּפְּרַאוְולַיאִישְׁצֶעס, אִיז בָּאר נִיטָא וָואס צוּ רֵיידִין, יֶענֶע הָאבִּין שׁוֹין גָאר נִיט גֶעוואוּסְט וָואס צוּ טָאהן, זַייא הָאבִּין גָאר אוֹיפְגִיהֶערְט צוּ רֵיידִין יוּדִישׁ, אוּנ אַלֶע קְלֵיינֶע בֶּעאַמְטֶע הָאבִּין פַאר זַייא גֶעמוּזְט שְׁטֶעהְן אָן הִיטְלֶען, זַייא פְלֶעגִין פָארִין אוּם שַׁבָּת, אוּנ דַוְקָא מִיט אַפַּאפִּירָאס אִין מוֹיל, זָא דָאס דֶער אֵיינֶע נָאמְמֶען אַקְצִיזְנֶער מֶענְטְשׁ

הָאט בַּייא דֶעם יוּדִישֶׁען פּוּבְּלִיקוּם גֶעהֵייסִין אַזוֹיא פִיל וְויא, אַפִּיקוֹרְס הוֹלְטַאי, מוּמַר לְהַכְעִיס.

סאמואיל בערגטאהל אִיז גִיוֶוען וְויא מִיר הָאבִּין שׁוֹין עֶרְצֶעלְט אַכְטַאנְצְיָאנֶער רֶעקְרוּט, אַלֵיין וַואר עֶר גֶעבָּארִין אוּיס קְסְטָעבִיוו, מִיא הָאט עֶרְצֶעהְלְט אַז אִין זַיין שְׁטָאט אִיז עֶר גִיוֶוען אַהֵייסֶער חָסִיד וָואס פְּלֶעגְט זִיךְ הַרְגֶנֶן פַאר דֶעם רֶבִּינְס שִׁירַיִם, עֶר פְּלֶעגְט אוֹיךְ — אַזוֹיא הָאט מֶען גֶעזָאגְט — לוֹיפִין אַלֶע טָאג אִין מִקְוֶה, נָאר דָא אִין קְרוֹיסְבָּאב, הָאט עֶר גֶעשְׁפִּילְט אַרָאלְיֶע פוּן אַדַייטְשׁ, עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען קוּרְץ גֶעקְלֵיידֶעט, אוּנ אִיז גֶעפָארִין אוּם שַׁבָּת, אוּנ הָאט נָאר קֵיין יוּדִישׁ נִיט גֶעוָואלְט רֵיידִין נָאר רוּסִישׁ, חָאטְשׁ עֶר הָאט אַזוֹיא גִירֶעט רוּסִישׁ פוּנְקְט וְויא אַקְרִיסְט רֶעט יוּדִישׁ, אוֹיךְ זַיין וַוייבּ חַייקֶע אִיז גֶעוָוארִין אַגַאנְצֶע דַייטְשְׁקֶע זִיא אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין דִיא אֵייגֶענֶע הָאר, אוּנ הָאט גֶעפִירְט נָאר אַטְ יָפֶה קִיךְ, אוֹיךְ זֵייעֶר טָאכְטֶער מֶערֶע, הָאט זִיךְ אַנָאמֶען גֶעגֶעבִּין מַארִיאַ אוּנ הָאט בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט גֶעוָואלְט מִיא זָאל דֶערְקֶענֶען אַז זִיא אִיז אַיוּדִישֶׁע טָאכְטֶער.

בִּנְיָמִין פְּרִיעֶדְפִישׁ הָאט גֶעקוּקְט אוֹיף סאמואיל בערגטהאלס הויז מִיט עֶהְרְפוּרְכְט, עֶר אִיז דָאךְ שׁוֹין גִיוֶוען בַּאלֶעזִין אִין בִּיכֶער, אוּנ הָאט שׁוֹין גֶעוואוּקְסְט וְויא מִיא פִירְט זִיךְ בַּייא לַייטֶען, אִיז נָאךְ זַיין מֵיינוּנְג אוֹיסְגֶעקוּמֶען, אַז אַזָא פַאמִילְיֶע וְויא בערגטהאלס אִיז, מָאג זִיךְ נִיט שֶׁעמֶען וָואהְנֶען אִין פַּארִיזְשׁ, בֶּעזָאנְדֶערְס הָאט אוֹיף אִיהם מאריא אַשְׁטַארְקִין אַיינְדְרוּק גֶעמַאכְט, עֶר הָאט אִין אִיהר גֶעפוּנֶען אַלֶע מַעֲלוֹת וָואס עֶר הָאט גֶעלֶעזִין וֶוענִין דִיא הֶעלְדִינֶען פוּן דִיא רָאמַאנֶען, אִיהם אִיז נִיט שְׁוֶוער גִיוֶוען צוּ בֶּעקָאנֶען זִיךְ מִיט דֶער פַאמִילְיֶע, דֶען בערגטהאל פְּלֶעגְט זֵייעֶר אָפְּט אַרַיינְקוּמֶען צוּ זַיין פָאטֶער וֶוענִין גִישֶׁעפְט, וַוייל פריעדפיש הָאט גֶעהַאט אֵיינֶענֶע צְוֵוייא בְּרַייזֶער, אִיבֶּער וֶועלְכֶע בערגטהאל הָאט גֶעהַאט דִיא קָאנְטְרָאלְיֶע, אוּנ בֶּעשְׁטֶענְדִיג הָאט עֶר (בערגטהאל) נוּר גִירֶעט מִיט בנימינ׳ן, וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ גֶעמִישְׁט אִין דֶעם פָאטֶערְס אַלֶע גֶעשֶׁעפְטֶען, אוּנ בנימין פְּלֶעגְט אִיהם גֶעבֶּען לֹא יֶחֱרַץ גֶעלְד, בערגטהאל הָאט דֶעם יוּנְגֶען מַאן פֶערְבֶּעטִין אֵיינְמָאל צוּ זִיךְ אוֹיף אַוִויזִיט, פוּן וֶועלְכֶען בנימין הָאט זִיךְ נִיט עֶנְטְזַאגְט וַוייל עֶר הָאט שׁוֹין גֶעהֶערְט אַז דֶער סְטַאנְצְיָאנֶער רֶעוִויזָאר הָאט אַשֵׁיין מֵיידִיל.

מאריא אָדֶער מערע אִיז בנימינן זֶעהֶער גֶעפֶעלֶען, זִיא אִיז וִוירְקְלִיךְ גִיוֶוען זֶעהֶער אַשֵׁיין מֵיידִיל אוּנ הָאט נָאךְ שֵׂכֶל גֶעהַאט צוּ לַאכֶען פוּן דִיא זִידָאוְוסְקִי מָאדֶעס, אוּנ דָאס הָאט דֶעם יוּנְגֶען פריעדפישען פֶערְבְּלֶענְדֶעט דִיא אוֹיגֶען עֶר זָאל נִיט זֶעהֶען אַז דִיא שֵׁיינֶע פְרַיילִין אִיז אַנְאַיינְפַאכֶע קָאקֶעטְקֶע, אַדוּמֶעס גֶעפִיהְלְדָאזֶעס יוּדִישׁ מֵיידִיל, אוּנ עֶר הָאט זִיךְ אִין אִיהר שְׁטַארְק פֶערְלִיבְּט, עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבִּין אִיהרֶע עֶלְטֶערִין רִיכְטִיגֶער גֶעזָאגְט אִיהר אַלֵיין, אָפְּטֶע וִויזִיטֶען צוּ מַאכִין, אוּנ הָאט שׁוֹין זַיין גַאנְצֶעס גְלִיק נוּר גִיזֶעהֶען בַּייא בערגטאהלע׳ן אִין שְׁטִיבּ, סאמואיל מִיט זַיין וַוייבּ הָאבֶּען גוּט בֶּעמֶערְקְט אַז

דער גבירעשער יונגערמאן איז איבער דיא אהרען פערליעבט [illegible] אונ האבען זיך אינערליך שטארק געפרייט אויף דעם גליקליכען צופאל, זייא האבען שוין זייער טאכטער אנגעהויבען צו בעטראכטען אלס קינפטיגע מאדאם פריעדפיש, אונ האבין אסך מיטגעווירקט דיא ליבע זאל זיך מיט יעדען טאג מעהר צו פלאמען, אלס פריעדפיש פלעגט צו זייא קומען האבען זייא געפונען אנ'אויסרייד אז זייא דארפין אוועקגעהען, כדי דאס יונגע פאריל זאל קענען אונגעשטערט פערברייגגען.

אז מאריא איז געוועזען צופרידען מיט דער ליבע דארף איך ניט ערצעהלען, דען וועלכעס פריילין וויל ניט זיין אגבירה, בעזאנדערס אזא מעדכען וויא מאריא וואס האט שטארק חשק געהאט לעבען וויא אגרעפין, ארויספאהרען אין אנ'עקיפאזש אונ שפילען אראליע פון אגראססארטיגער מאדאם, זיא האט זיך שטארק צוגעלאזט צו בנימינע'ן, אונ האט איהם ענדליך ערפרייעט מיט דער גוטער נאכריכט אז ער וועט באלד זיין אפאטער.....

וויא אדאגער האט דיא נאכריכט געטראפין בנימינע'ן, נאר ער האט זיך געטרייסט מיט דער האפנונג אז מאריא אליין וועט זיך בעמיהען דיא שאנדע צו פערשטיקען, אונ וויא ערשראקען איז ער איינמאהל געווארין אלס סאמואיל האט איהם געזאגט אפפען, אז ער ווייס פון אלעס, אונ אויב ער וועט מיט זיין טאכטער באלד קיין התונה ניט האבין וועט דאס מוזען ענטדעקט ווערין.

יעדע זאך איז זיס אונ דאפפעלט טייער איידער מיא באקומט זיא, קוים אבער ערדייכט מען זיא פערלירט זיא איהר גראססען ווערטה אין דיא אויגען פון דעם איינגענטהימער, בעזאנדערס איז דאס צו בעמערקען אין דער ליבע, דער ליב האבער אדער דיא ליב האבערין זיינען פערטיג זייער לעבין צו אפפערין אום צו זייער ציל צו קאממען, דיא ליבע איז דיא היילינגסטע זאך אין דער וועלט איידער מיא געניסט איהרע פריכטע, קוים אבער ערלויבען זיך דיא ליבענדע איהרע פריכטע צו געניססען, פערלירט דיא היילינגע געטטליכע ליעבע איהר היילינגטהום, אונ זיא ווערט בעטראכט וויא אלע איינפאכע לעבענס פערגעניגען.

בנימין האט פריהער אלס ער האט אנגעהויבין ראמאנסירען מיט מאריא'ן אויף איהר געקוקט וויא אויף אגעטטליכעס וועזען, ער איז ווירקליך פערטיג געוועזען זיין עהרע מיט זיין רייכטהום פרייז געבען פאר דעם הימלישען שאטין, קוים אבער האט ער זיא ענטהערט, איז איהר גאנצע היילינגטהום פון איהר אין זיינע אויגען אראפגעפאלען, אונ ער האט אויף איהר געקוקט וויא אויף אלע געוועהנליכע מיידלאך מיא קאן נאך זאגאר זאגען ער האט אויך איהר געקוקט מיט פעראכטליכע בליקען, אונ דיא אידעע הייראטהען מיט איהר איז שנעל וויא אבליטץ פון זיין געדאנק פערשוואונדען געווארין, אלזא קאן מען זיך פארשטעלען וויא סאמואילס ווערטער האבען איהם געשמעקט, ער

האט שוין יעצט פערשטאנען אז מאריאס עלטערן האבין דא אנגעטין פאר איהם אויסגעשפרייט אונ ער איז אין איהר מיאוס אריינגעפאלען, ער האט ערווארטעט וויא מיר האבען שוין געזאגט אשרעקליכען רעזולטאט, דען ער האט גוט געוואוסט אז קוים וועט מאן אין שטאט דיא געהיימנים ערפאהרען, איז זיין עהרע אונ דעם פאטערס עהרע אויף עוויג פערשמוצט, אונ מיט זיין גאנץ געלד וועט ער דעם שאנדפלעק ניט אבוואשען. דארום איז ער ארום געגאנגען אין איינע שמערצען, אונ ער האט קיין מיטעל ניט געקענט געפינען וויא זיך הערויס צו פלאנטען פון דער שרעקליכער לאגע.



## ב.

## פלטיאלס ערשטער אויפטריט

אלאנגע צייט איז בנימי'ן ארום געגאנגען פערזונקען אין זיינע פינסטערע געדאנקען, אונ האט זיך קיין ראטה געקענט געבין וואס צו טאן, ער האט אויך ניט געהאט אזא גוטען פריינד ער זאל איהם קענען דיא שרעקליכע געהיימנים ענטדעקען, אונ איהם פרעגען אראטה וויא זיך צו רעטען פון דער פינסטערער לאגע, נור אלס סאמואיל איז צו איהם איינמאל געקומען אונ האט איהם שטרענג געזאגט אז אויב ער וועט דיא וואך קיין ענדע ניט מאכין וועט דיא גאנצע שטאט דערפון וויסען, האט זיך דער פערצווייפעלטער פריעדפיש בעשלאסען זיך צו בעראטהען מיט זיין גיוועזענעם מלמד פלטיאל אקס וועלבער דינט היינט ביי זיין פאטער אלס קאססיר.

פלטיאל אקס וואר אליין פון אפאלניש קליין שטעטיל, זיינע יונגע יארין האט ער פערבראכט אין דיא ישיבות, אונ וויל ער האט געהאט אנאמען פאר אגרויסין למדן אונ פאר אמתמיד האט איהם אר ייכער קצב גענומען פאר אנ'איידים ער האט איהם געגעבין זיין איינפיסיגע טאכטער ציפה פאר אווייב אונ דערצו אפאר הונדערט רובעל נדן מיט אייביגע קעסט, אין אקורצער צייט נאך דער התונה האט זיך ערשט פלטיאל ארום געקוקט אז זיין ווייב איז ניט איבעריג שיין, אונ ער האט פערשטאנען אז אווייב מיט צוויא פיס קאן גיכער געהען אונ גלייכער אלס אווייב מיט איין פוס, דארום האט ער זיין ווייב פיינד געקריגין אונ האט געמאכט דיא פליטה, אונ כדי איהם זאל ניט זיין אומעדיק אין וועג, האט ער מיט זיך גענומען אגוטען בעגלייטער, דעם נדן וואס דער מחותן האט איהם געגעבען, אונ האט זיין פרויא אלס פריזענט איבערגעלאזט אזאהן פון איין מאנהייט.

ער האט זיך עטליכע יאהר ארום געוואגילט אין דער וועלט, אין דער שטאט איז ער גיוועזען אפרוש, אין יענער אוואלאזענער משולח, דא אשמש אין אקלויז, דארט אמלמד, קיין גליקען וויא עס ווייזט אויס האט ער אין ערגעץ

גִּיט גֶעכַאפְּט , דַארוּם אִיז עֶר גֶעפְלוֹיגִין פוּן שְׁטָאט צוּ שְׁטָאט , פוּן אַיין אַרְבֵּייט צוּ דֶער אַנְדֶערֶער , בִּיז עֶר אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ קְרוֹיסבַאב , עֶר אִיז דָא גֶעוָוארִין אַפָּרוּשׁ , אוּנ אִיז גֶעזֶעסִין טָאג אוּנ נַאכְט אוּנ הָאט גִילֶערִינְט , וִויא פוּן אַלְטֶע יָארִין אִיז דָאךְ בֵּייא דִיא לִיטְוִוישֶׁע אוּנ פֵּוילִישֶׁע יוּדִין אַיינְגֶעפִירְט אַז אַלַמְדָן מוּז יֶעדֶערֶער מְקָרֵב זַיין , דִיא יוּדֶען פוּן דֶעם קְלוֹיז וואוּ פלטיאל הָאט גִילֶערִינְט הָאבִּין דֶעם נַייֶעם פָּרוּשׁ אוֹיךְ מְקָרֵב גִיוֶוען , חָאטְשׁ מִיא הָאט נִיט גֶעוואוּסְט פוּן זַיין לוּמְדִישׁ , עֶטְלִיכֶע בַּעֲלֵי בַּתִּים הָאבִּין אִיהם גֶעגֶעבִּין יֶעדֶער אַטָאג בֵּייא זִיךְ אִין שְׁטוּב , אוּנ אִיהם הָאט גָאר נִישְׁט גֶעפֶּעלְט .

עֶנְדְלִיךְ הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט אַצוּפַאל וָואס דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט הָאט גֶעקְלוּנְגֶען מִיט דֶעם פָּרוּשׁ , דֶער קרויסבאבער רָב הָאט אַיין מָאל גֶעמַאכְט אִין שׁוּל אַהֶסְפֵּד נָאךְ אַגֶעוִויסֶען צַדִיק , אִין דֶעם הֶסְפֵּד הָאט עֶר גֶעוִויזֶען זַיינֶע גְרוֹיסֶע חֲרִיפוּת אִין תַּלְמוּד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעפִירְט הוֹדוּ מִיט כּוּשׁ דִיא גְמָרָא פוּן בָּשָׂר וְחָלָב מִיט דֶעם דִין פוּן פֶּתַח כָּתוּחַ מָצָאתִי , דֶעם דִין פוּן עֵירוּבִין מִיט דֶעם דִין פוּן קִדוּשִׁין , דֶער עוֹלָם הָאט אָנְגֶעשְׁטֶעלְט מוֹיל אוּנ אָהְרֶען צוּ דִיא הֵיילִיגֶע וֶוערְטֶער פוּן זַייעֶר רָב , פְּלוּצִים הָאט מֶען דֶערְהֶערְט פוּן דֶער זַייט אַנְ'אַנְדֶער שְׁטִימֶע , דָאס אִיז גִיוֶוען פלטיאלס קוֹל עֶר הָאט גֶעפְרֶעגְט דֶעם רָב אַקַשְׁיָה , דֶער רָב הָאט נִיט גֶעהַאט וָואס צוּ עֶנְטְפֶערִין , נָאר אוּם נִיט פֶערְשֶׁעמְט צוּ וֶוערִין הָאט עֶר גֶעכַאפְּט אַתִּירוּץ וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ גֶעקְלֶעבְּט וִויא אַנְ'אַרְבֶּעס צוּם וַואנְד , פלטיאל הָאט זִיךְ אָבֶּער נִיט בֶּעפְרִיעֶדִיגְט מִיט דֶעם תִּירוּץ אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבִּין אָבְּצוּוֶוענְדִין דֶעם רָבְס וֶוערְטֶער , זַייא הָאבִּין זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבִּין שְׁטַארְק מְפַלְפֵּל צוּ זַיין , אוּנ זַייעֶר פִּלְפּוּל הָאט גֶעדוֹיעֶרְט אַגַאנְצֶע שְׁטוּנְדֶע , בִּיז דֶער רָב הָאט גֶעזָאגְט , אַז עֶר הָאט אַטָעוּת גֶעהַאט .

דֶער צוּפַאל הָאט גֶעמַאכְט אַגְרוֹיסִין רוֹשֶׁם אִין שְׁטָאט , וואוּ צְוַוייא הָאט מֶען נוּר גִיהֶערְט רֵיידִין פוּן דֶעם פָּרוּשׁ וֶועלְכֶער הָאט דֶעם רָב מְנַצֵחַ גִיוֶוען , אוּנ מִיא הָאט דֶעם גְרוֹיסִין לַמְדָן אוֹיפְגֶעהוֹיבִּין בִּיז צוּם הִימֶעל , וִויא דִיא גֶעוָואהְנְהַייט אִיז בֵּייא אַזַא גֶעלֶעגֶענְהַייט , הָאט יֶעדֶער צוּגֶעלֵייגְט אַשְׁטִיקֶעל לִיגִין , אוּנ מִיא הָאט אָנְגֶעהוֹיבִּין פלטיאלן פָּשׁוּט צוּ פֶערְגֶעטְטֶערִין .

רבי לוי פריעדפיש הָאט דֶעם אֶבֶן טוֹב בַּאלְד אוֹיסְגֶעכַאפְּט , עֶר הָאט אִיהם צוּגֶענוּמֶען פַאר אַמְלַמֵד צוּ זַיין דְרַייצֶעהְנְיָאהְרִיגֶען זָאהְן .

פלטיאל הָאט גִיזֶעהֶען וִויא דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט פֶערְגֶעטְטֶערְט אִיהם , הָאט עֶר זִיךְ בַּאנוּצְט מִיט דֶער גֶעלֶעגֶענְהַייט , עֶר הָאט דֶערְצֵיילְט אַז עֶר אִיז אַגְרוּשׁ , נוּא גֶעוֶועהְנְלִיךְ הָאבִּין זִיךְ גֶעפוּנֶען זַייעֶר פִיל בַּאלָאגִים אוֹיף אַזַא אוֹצָר , אוּנ אַשֵׁיינֶער בַּעַל הַבַּיִת הָאט דִיא מְצִיאָה גֶעכַאפְּט פַאר זַיין בַּת יְחִידָה דְבָשָׁה דַוְקָא אַשֵׁיין מֵיידִיל , אוּנ הָאט אִיהם נָאךְ דַאצוּ גֶעגֶעבֶּען טוֹיזֶענְד רוּבֶּעל נַדָן .

פלטיאל הָאט צוּ מַזִיל דָאס צְוֵויטֶע מָאהל חֲתוּנָה גֶעהַאט , אוּנ חָאטְשׁ עֶר אִיז שׁוֹין גִיוֶוען אַשְׁטִיקִיל נָגִיד , הָאט עֶר דָאךְ זַיין מְלַמֵד שְׁטֶעלֶע בֵּייא רבי לֵיין נִיט אָפְּגֶעלָאזְט , וַוייל עֶר הָאט דָא גְרוֹיסְגֶעזֶעהֶען פַאר זִיךְ אִין דֶעם צוּקוּנְפְט

אנאלדגרוב, רבי לוי האט איהם זייער שיין אונ ארדענטליך בעהאנדעלט, זא דאס ער איז גיוועזען אגאנצער בן בית ביא דעם גביר, דרייא יאהר האט פלטיאל געקנעלט מיט בנימינ'ן, אין דיא דרייא יאהר האט ער זיך אויסגילערנט זעהער גוט רעכענען אונ אביסעל פאלניש, אויך עטוואס דייטש, אונ אלס בנימין איז צו זיין זעכצענטען יאהר ארוים פון דער אפייעקע פון זיינע מלמדים, האט פלטיאל גיבעטין רבי לוין ער זאל איהם געבען עפעס אשטעלע ביא זיך אין גישעפט, רבי לוי האט מיט פערגעניגען זיין פערלאנג ערפילט, אונ האט איהם געמאכט פאר זיין קאססיר, דען ווער קאן נאך זיין אזויא באגלויבט אויף אזא שטעלע וויא דער גרויסער למדן? אלע פלטיאל'ס בעקאנטע האבין איהם אפילו אויסגירעכנט אז ער טוט אנעולה דאמיט וואס ער פערבויט דיא גמרא אויף אוועלטליכען געשעפט, נאר פלטיאל האט זייא גיהערט וויא דעם קאטער, אונ איז ביא זיך שטארק שטאלץ גיוועזען מיט זיין נייער שטעלע.

שוין דרייא יאהר דינט פלטיאל אלס קאססיר ביא רבי לוי פריעדפיש, זיין פרינציפאל וואר פון איהם העכסט צופרידען, דען פלטיאל האט געוואוסט וויא איהם צו שמייכלען אונ קויפען זיין צוטרויען, ער איז גיוועזען דער בעל סוד אונ דער בעל יועץ פון דער גאנצער פאמיליע, אונ דיא קרויסבאבער יודען האבין פאר איהם געהאט אזא רעספעקט וויא פאר רבי לוין אליין, קוקענדיג אויף איהם האט מען געקאנט מיינען אז ער איז נאך היינט אויך דער זעלבער מלמד וואס פריהער, דען ער האט זיין קליידונג אויף דאס מינדעסטע אומגיענדערט, אונ איז גיוועזען ביא זיך פראכט פונקט וויא אין דער צייט וואס ער איז גיוועזען אפרוש, אונ דאדורך האט ער געקויפט אלעמענס ליעבע אונ אכטונג.

פאר דעם פלטיאל'ן האט זיך אונזער בנימין בעשלאסען פערטרויען זיין געהיימנים אונ פרעגין אנעצה, ער האט קיין געטרייערין אונ קיין קליגערין מענטשין פון איהם ניט געפונען, אונ ער האט געגלויבט אז דער גיוועזענער מלמד זיינער וועט איהם מיט זיין חכמה פון אלע צרות בעפרייען.

אין דעם זעלבען אבענד ווען סאמואיל האט איהם אזא שטרענגע התראה געגעבין האט בנימין געשיקט זיין בעדינטען אריינרופין צו זיך דעם קאססיר אקס, עס האט לאנג ניט גיווערט אונ פלטיאל איז אריינגעקומען.

דאס מוז עפעס זיין וואס דוא האסט מיך געשיקט פלוצים רופען — האט ער געזאגט אריינקאממענד.

יא רבי פלטיאל — האט בנימין גיענטפערט מיט אציטטערענדע שטימע — איך האב אייך אוויכטיגע זאך צו פערטרויען, אזא זאך וואס איך קאן דאס אפילו מיינע עלטערין ניט זאגין.

ערהערענד דיא ווערטער האבין פלטיאלס אויגען אנגעהויבין צו פינקלען וויא ביא אקאטץ, נאר ער האט זיך געמאכט קאלט אונ האט געזאגט מיט

זײן נעװעהנליכע שטימע : אזא װיכטיגע זאך איז דאס װאס דוא טאהרסט דאס דײנע עלטערן ניט פערטרױען .

יא רבי פלטיאל , אפילו פאר אײך װאס איהר זײט מײן בעסטער גוטער פרײנד שעם איך מיך אויך דאס צו זאגען , נאר דער נאטה צװינגט מיך דאצו, אונ אײדער איך װעל פאר אײך מײן הארץ עפענען מוזט איהר מיר אײער װארט געבין אז דאפאן װעט קײנער ניט װיסען .

דוא בעלײדיגסט מיך מיט דיא װערטער מײן ליבער בנימין — האט פלטיאל מיט אפערדריסליכען טאן געזאגט — עפעס אסך מאהל האסטו גיהערט איך זאל מגלה זײן אפרעמדין סוד , בפרט נאך דײנם אנגעהײמנים , זײא זיכער אז צװישען אונז בײדען װעט דאס בלײבען , אונ אויב דוא גלױבסט מיר אלץ ניט , גיב איך דיר מײן װארט אונ שװער דיר בײא מײנע יודישקײט , אז קײנער װעט דאפון ניט װיסען .

האט קײן פאראיבול ניט רבי פלטיאל װאס איך האב אײך געבראכט צו אשבועה , אז איהר װעט מײן סוד הערין װעט איהר פערשטעהן , אז איך האב דאס געמוזט טאהן .

נוא נוא דערצײל שױן לאמיך הערין װאס איז דאס אזעלכעס .

בנימין האט פערשלאסען דיא טיר , אונ האט מיט טרערין ערצעהלט דיא גאנצע געשיכטע װעלכע מיך װײסין שױן .

פלטיאל האט שטום , פערװאונדערט , אונ גלײכגילטיג דיא גאנצע געשיכטע אױס געהערט , אונ אלס בנימין האט גיענדיגט האט ער אנגעהױבין שטארק צו לאכין .

איך פערשטײא ניט װאס לאכט איהר אזױא ? — האט בנימין געפרעגט האלב צארניג אונ ערשטױנט .

איך לאך דערפון װאס דוא ביזט נאך גאר איונגעל — האט פלטיאל גיענטפערט — דוא דערצעהלסט מיר אזא מעשה װעלכע איז גאר ניט װערט מיא זאל פון איהר רײדין מיט אזא זארג , פונקט װיא דוא װאלסט דא אמענטשין געקײלעט , אונ האסט מורא מיא זאל דיר אין סיביר ניט אנװעקשיקען , לאך זיך אױס פון סאמואיל׳ן , פון זײן װײב , אונ פון זײער טאכטער .

װאס הײסט אױסלאכין זיך ? איהר הערט דאך אז ער װיל דאס אלעמען דערצײלין — האט בנימין נאך מעהר פערװאונדערט געפרעגט .

לאך זיך אױס פון זײא זאג איך דיר נאך אמאל — האט פלטיאל געזאגט — ער שרעקט דיך נור , אבער ער װעט קײנעם ניט דערצײלין , װיא פערשטעהסטו, װעט װעלין אפאטער אונגליקליך מאכין זײן אײגין קינד ?

ער װעט זיך אבער װעלין אן מיר נוקם זײן .

דאס הײסט ער װעט װעלין זיך בײדע אױגען ארױסנעמען אבי דיר אײנע זײן ! לאך זיך אױס פון זײן קאפף , ער װעט דאס ניט טאן , אונ װען ער װעט דאס יא טאהן הערסטו איהם אױך װיא פאר אאהרינגען שנײא , װאס איז ?

דאבייא זיינען גיוועזן עדות ? אונ ווען אימעצער וועט דיך שרעקין , אז ער וועט אויף דיר מאכין אבלבול אז דוא האכט ערמארדעט אמענטשין וועסטו זיך אויך שרעקין ?

בנימין האט מיט שטראהלענדע אויגין פאר פרייד געקוקט אויף פלטיאל'ן , ער האט פארשטאנען אז ער איז גירעכט ,וואס זע ניט איר מיר פאר אנ,עצה' ? האט ער געפרעגט ערנגרייפענד זיין מלמד'ס האנד .

דיא עצה איז נאר פשוט , ווען סאמואיל וועט צוא דיר נאך אמאל קומען אונ וועט דיר זאגין אזעלכע ווערטער זאלסטו אים אנכראקין אין זיין גענאלטען פנים , זאג אים אז דוא קענסט אים ניט אונ ווילסט אים ניט קענען , אונ ווען ער וועט זיך וואגין עטוואס אויף דיר שלעכטס צוא ריידין וועסטו איהם אונגליקליך מאכין , דוא וועסט זעהען וויא אפגעשמיסען ער וועט בלייבין בייא דעם אנטוואָרט .

איך פארשטייא אבער ניט וואס האט ער פאר מיר מורא , וואס קאן איך אים טאן .

דוא קענסט אים אסך טאן , ערשטינס קאנסטו זייער לייכט מאכין מיא זאל אים פון זיין שטעלע ענטזאגין , מיר ווייסין דאך ביידע אז ער האט הטאימלאך , צווייטינס וועל איך דיר געפינען אזא מענטשיל וואס פאר איינע פינף קערבלאך וועט ער־ שרייען געוואלד אין אלע גאסען אז מאריא איז שוואנגער פון אים .

דאס קאנסט איר טאן ? — האט בנימין העכסט ערפרייט געפרעגט .

דאס איז פון דיא קלענסטע זאכין — האט פלטיאל קאלט גיענטפערט .

בנימין האט איינינע מינוטין געקלערט , אונ האט ענדליך געזאגט : ניין רבי פלטיאל קיין שלעכטס קאן איך דער פאמיליע ניט טאן , וייל איך וייס דאך אז איך בין טאקע דא אין גאנצין שולדיג .

ווער הייסט דיר דען טאן שלעכטס , פון זאגין ביז טאן איז אגרויסער אונטערשייד , דוא וועסט אים דאס נאר זאגין , אונ דוא וועסט שוין פערשפארין צוא טאן , דען סאמואיל וועט אפטרעטין דיא פאלעס , אונ וועט שוין מיט דיר מעהר פון דעם ניט ריידין , קוים וועט ער נאר דיינע ווערטער ערהערין , נאר אויב דוא ווילסט וועל איך דיר דיא ארבעט פערשפארין .

וואס הייסט איר וועט מיר דיא ארבעט פערשפארין ?

זייער איינפאך איך וועל שוין מיט דעם הערין בערנטהאל אליין ריידין , אונ ער וועט זיך שוין פון דיר אפטשעפין .

וואס וועט איר מיט אים ריידין ?

דאס איז ניט דיין גישעפט , נאר אסימן וועסטו האבין אז דוא וועסט אים שוין מעהר אין דיא אויגין ניט אנקוקין .

איר זייט מיין העבער מיין בעסטער פריינד אין דער וועלט — האט

בנימין אַנְגֶעשְׁרֵייא גֶעטָאן פַאלֶענְד פלטיאל'ן אוֹיף דֶעם האַלְדְז, אוּנ אִיהְם הֶערְצְלִיךְ קוּשֶׁענְד.

## ג.

## בֶּעפְרַייט פוּן אוּנְגְלִיק.

אִין דֶער זֶעלְבֶער נאַכְט זֶעהֶען מִיר סאמואיל'ן מִיט זַיין פְרוֹיא אוּנ טָאכְטֶער זִיצֶענְד אַרוּם אַטִישׁ טְרִינְקֶענְד טְהֵייא.

וִויא מֵיינְסְטוּ שמואל וֶועט דָא עֶפֶּעס וֶוערִין? הָאט חייקע גֶעפְרֶעגְט אִיהְר מַאן וֶועלְכֶער אִיז גִיוֶועסִין בְּרֵייט אוֹיף אַזָאפֶע, אוּנ הָאט גֶערֵייכֶערְט אַצִינַאר.

דוּא פְרֶעגְסְט נָאךְ שַׁאֲלוֹת צוּא דָא וֶועט עֶפֶּעס וֶוערִין? — הָאט סאמואיל גִיעֶנְטְפֶערְט — אִיךְ רֶעכִין אַז נָאךְ דִיא וָואךְ וֶועלִין מִיר שְׁטֶעלִין אַשְׁטִילֶע חוּפָּה.

וָואס הָאט עֶר דִיר גִיעֶנְטְפֶערְט?

עֶר הָאט מִיר גִיעֶנְטְפֶערְט אַז דִיא טֶעג וֶועט גֶעמֶען אַנ'עֶנְדֶע.

עֶר הָאט דִיר אֶפְשַׁר גֶעוָואלְט וַוייטֶער אָפְּפִיהְרֶען מִיט שִׁיהֶע פִּיהֶע.

נֵיין אִיךְ הָאבּ אָן אִים פֶערְשְׁטַאנֶען אַז עֶר מֵיינְט דָאס עֶרִינְסְט, עֶר צִיטֶערְט וִויא אַבְּלַאט אִין שְׁטוּרֶעם.

הַלְוַאי זָאל גֶעמֶען אַסוֹף.

עֶס וֶועט נֶעמֶען אַסוֹף אוּנ מאריא וֶועט וֶוערִין דִיא גְרֶעסְטֶע גְבִירָה אִין שְׁטָאט — הָאט סאמואיל פֶערְגֶענִיגְט גֶעזָאגְט, אִיךְ רֶעכִין אַז וֶוען מאריא וֶועט שׁוֹין חֲתוּנָה הָאבִּין מִיט פריעדפישין, וֶועט זִיא וֶוערִין בַּייא זִיךְ גְרוֹיס אוּנ וֶועט זִיךְ שׁוֹין שֶׁעמֶען מִיט אִירֶע אַרְמֶע עֶלְטֶערִין אַיָא מאריא?

דוּא מַאכְסְט חוֹזִיק פַּאפַּא — הָאט מאריא מִיט אַשְׁמֵייכִיל גִיעֶנְטְפֶערְט.

אִיךְ וֵוייס? אַקַשְׁיָא אוֹיף הַיינְטִיגֶע קִינְדֶער, אִיךְ הָאבּ בַּאמֶערְקְט אַז קִינְדֶער הָאבִּין נוּר לִיבּ דִיא עֶלְטֶערִין וֶוען זֵייא דַארְפִין צוּא זֵייעֶרֶע לַאקֶעס אָנְקוּמֶען, קוֹים אָבֶּער זַיינֶען זֵייא רֵייכֶער פוּן דִיא עֶלְטֶערִין וַוייזִין זֵייא נָאר אַנ'אַנְדֶער פָּנִים.

עֶס קָאן זַיין — הָאט מאריא גִיעֶנְטְפֶערְט — נָאר אִיךְ בִּין נִיט פוּן דִיא זִידָאוֶוסְקֶע קִינְדֶער, דוּא וֶועסְט זֶעהֶען פַּאפַּא וִויא אִיךְ וֶועל דִיר גְלִיקְלִיךְ מַאכִין אִיךְ וֶועל דִיר קוֹיפִין אַשֵׁיין הוֹיז דָא אִין קרויסבאב, אוּנ וֶועל דִיךְ אוֹיךְ מַאכִין פַאר אַגַאנְצִין גְבִיר, דוּא פַארְשְׁטֵייסְט דָאךְ אַלֵיין, פַּאסְט דָאס פַאר אַגְרוֹיסֶע גְבִירָה זִיא זָאל הָאבִּין אַרְמֶע עֶלְטֶערִין.

וֶועהְסְטוּ דִיא לֶעצְטֶע דַאֲגָה זָאל דָאס מִיר זַיין — הָאט חייקע גֶעזָאגְט — וִויא דֶערְלֶעבּ אִיךְ שׁוֹין עֶס זָאל הָאטְשׁ זַיין נָאר אֵיין שָׁעָה נָאךְ דֶער חוּפָּה וָואלְט

איך שוין צופרידין גיוועז , איך וויים אז אונזער מאריא איז אגוט און אקלוג קינד , זיא וועט ניט פערגעסין אז מיר האבין זיא צוא אזא גליק געפירט , איך מאג מיך רימען אז דאס איז גיוועזן מיין פלאן , וויא איך האב דאס ערשטע מאל דערזעהען בנימינן , האב איך דיר באלד געזאגט אז דא וועט ווערין אשידוך ווען מיא זאל נאר וויסען וואס צוא טאן און וויא זיך צוא באגיין .

און ווער האט אויפגינגעבין דעם גאנצין פראיעקט וויא אזויא אים צוא פערטשעפען אין אזא געטץ ווען ניט איך ? — האט סאמואיל שטאלץ געזאגט .

אין דער מינוט האט מען גיגעבין אקלונג אין גלעקיל .

ווער קאן דאס איצונד צוא אונז גיין ? — האט חייקע געפרעגט ,

מיר וועלין באלד זעהען , האט סאמואיל גיענטפערט און האט געהייסין דיא דינסט עפענען דיא טיר .

עס האט לאנג ניט געדויערט און פלטיאל אקס איז אריינגעקומען .

דיא הערצער פון דיא דרייא פערזאנען האבין אנגעהויבין שטארק צוא קלאפין אלס זייא האבין דעם גאסט דערזעהען , זייא האבין פארשטאנען אז דאס האט איהם בנימין אהער געשיקט , און געוויס איבער ריידין וועגין דער חופה .

אך וואס פאר אטייערין גאסט מיר האבין — האט סאמואיל פריינדליך געזאגט רייכענד פלטיאל'ן דיא האנד .

מיר האבין אזא טייערין גאסט גאר ניט ערווארטעט — האט אויך חייקע מיט אפריינדליכען שמייכיל געזאגט .

און מאריא האט וויא פארשעמט אראפ געלאזין דיא בליקען צוא דער ערד .

איך באדארף מיט אייך הער בערנטהאל אוויכטיגע זאך ריידין — האט פלטיאל מיט אנ'ערינסטע מינע געזאגט — אבער טאקע נור מיט אייך .

עס הייסט איר ווילט מיר זאלין אפטרעטין — האט חייקע לאכענד געזאגט — מיר וועלין דאס אייך צוא ליב טאהן הער אקס קום מאריאצקע לאמיר דעם פאפא מיט דעם הערין אקס דא אליינע לאזין , צום ווידער זעהען הער אקס .

און זיך קאקעטיש פערנייגענד איז זיא מיט דער טאכטער אין צווייטען צימער אריינגעגאנגען .

איר רויכערט געוויס הער אקס — האט סאמואיל געזאגט רייכענד פלטיאל'ן אציגאר — איר מאגט דעם ציגאר רייכערין דאס זיינען עכטע האוואנער ציגארין .

איך דאנק — האט פלטיאל געזאגט צונעמענד דעם ציגאר און האט אים טאקע באלד פערויכערט .

וואס וועט איר עפעס זאגין גוטס הער אקס — האט סאמואיל נאך

אַקוּרְצֶער פּוֹיזֶע גֶעפְּרֶעגְט .

מִיךְ הָאט גֶעשִׁיקְט צוּא אַייךְ דֶער יוּנְגֶער פריעדפיש — הָאט אקס קַאלְט גִיעֶנְטְפֶערְט .

אִיךְ הָאבּ דָאס בַּאלְד פֶערְשְׁטַאנֶען — הָאט סאמואיל לַאכֶענְד גֶעזָאגְט — אִיר מוּזְט זַיין בַּייא אִים זֵייעֶר טַייעֶר וָואס עֶר הָאט גְרַאדֶע אַייךְ גֶעשִׁיקְט וֶועגִין אַזַא גִישֶׁעפְט .

אִיר וֵוייסְט דֶען וֶועגִין וֶועלְכִין גִישֶׁעפְט אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען ?

פַאר וָואס זָאל אִיךְ נִיט וִויסֶען , גֶעוִויס וֶועגִין דֶער חֲתוּנָה . . . .

יָא וֶועגִין דֶער חֲתוּנָה . — הָאט פלטיאל גִיעֶנְטְפֶערְט — אִיךְ מוּז אַייךְ זָאגִין אַז אִיהְר הָאט דָא זֵייעֶר אַפַּאסְקוּדְנֶע חֲתוּנָה אוֹיפְגֶעשְׁפִּילְט .

וָואס הֵייסְט אַפַּאסְקוּדְנֶע חֲתוּנָה ? הָאט סאמואיל עֶרְשְׁרָאקִין גִיפְרֶעגְט .

אִיךְ מֵיין טַאקֶע דִיא חֲתוּנָה וָואס בַּייא אַייעֶר טָאכְטֶער אִיז גִיוֶוען אִן קְלֶעזְמֶער . . . .

עֶר הָאט אַייךְ אַלְץ עֶרְצֵיילְט ? הָאט סאמואיל גֶעפְרֶעגְט אוֹיסֶער זִיךְ .

יָא אִיךְ וֵוייס אַלֶעס , אוּנ פוּן אַייעֶר זַייטֶע אִיז דָאס זֵייעֶר נִיט אָרְדֶענְטְלִיךְ אוּנ נִיט שֵׁיין צוּא מַאכִין אַבִּלְבּוּל אוֹיף אַזַא פַּיינֶעם עֶדְלֶען מֶענְטְשִׁין אַז עֶר אִיז אִין דֶעם שׁוּלְדִיג וֶועהְרֶענְד אִיר אַלֵיין וֵוייסְט אַז עֶר אִיז דָא רֵיין וִויא גָאלְד .

וָואס רֶעט אִיר ? אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה אַייךְ גָאר נִיט — הָאט סאמואיל גֶעזָאגְט אוּנ אִיז בְּלַאס גֶעוָוארִין וִויא דֶער טוֹיט .

אָהָא אִיר פַארְשְׁטֵייט מִיר זֵייעֶר גוּט , נוּר אוּם קֵיין סַךְ נִיט צוּא טַעֲנֶה'ן זָאג אִיךְ אַייךְ קוּרְץ אוּנ שַׁארְף , בנימין הָאט מִיר גֶעשִׁיקְט אִיךְ זָאל אַייךְ זָאגִין אַז אִיר זָאלְט זִיךְ מֶער נִיט וַואגֶען צוּא דוּלִין אִים דֶעם קָאפְּף מִיט אַייעֶרֶע פּוּסְטֶע נִידֶערְטְרֶעכְטִיגֶע זַאכִין , עֶר הָאט פַאר אַייךְ גָאר קֵיין מוֹרָא נִיט .

אַזוֹיא הָאט עֶר גִיזָאגְט ? — הָאט סאמואיל צָארְנִיג אַגֶעשְׂרֵייא גֶעטָאן — אִיךְ וֶועל דֶעם אוּנְמֶענְטְשִׁין וַוייזִין אִיךְ וֶועל . . . .

שְׁ שְׁ שְׁ שְׁ שְׁ — הָאט פלטיאל גֶעלַאסִין גֶעזָאגְט — נוּר אָן כַּעַס , דֶען אַייעֶר כַּעַס וֶועט אַייךְ גָאר נִיט הֶעלְפִין , בנימין הָאט מִיר עֶרְצֵיילְט דִיא גֶעשִׁיכְטֶע וִויא אַזוֹיא אִיר זַייט צוּא אִים גֶעקוּמֶען אוּנ הָאט אִים גֶעזָאגְט אַז עֶר זָאל אַייךְ גֶעבִּין פּוּפְצִיג טוֹיזֶנְד רוּבֶּעל אָדֶער חֲתוּנָה הָאבִּין מִיט אַייעֶר טָאכְטֶער וֶוען נִיט וֶועט אִיר אַרוֹיס גֶעבִּין אַקְלַאגְג אַז עֶר הָאט אַייעֶר טָאכְטֶער אוּנְגְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט שְׁ שְׁ שְׁ שְׁ שְׁ שְׁלָאגְט זֶע מִיךְ נִיט אִיבֶּער , אִין אָנְהוֹיבּ הָאט עֶר זִיךְ שְׁטַארְק דֶער שְׁרָאקֶען פַאר אַזֶעלְכֶע וֶוערְטֶער , נָאר גְרַאדֶע הַיינְט , דָא מִיט אַפָּאר שְׁטוּנְדִין צוּרִיק הָאט עֶר רִיכְטִיג עֶרְפַאהְרֶען וֶוער עֶס אִיז שׁוּלְדִיג אִין אַייעֶר טָאכְטֶערְס אוּנְגְלִיק , עֶפֶּעס אֵיינֶער אַגֶעוִויסֶער גַנָּב חָנִיאָק , אוּנ דֶער גַנָּב הָאט גֶעזָאגְט אַז עֶר וֶועט אַלֵיין זָאגִין בַּייא דֶעם רָב אַז נָאר עֶר אִיז דָא שׁוּלְדִיג

און דורךְ דָער פָּאלִיצֵייא וָועט עָר פון אַייךְ פָאדֶערין זַיין גֶעלד, אִיהר פַאר שְׁטֵיים?

דָאס אִיז אַשְׁענְדְלִיכֶער לִיגִין דָאס אִיז נִידֶערְטְרֶעכְטִיג! — הָאט סאמואיל הֶעכְסְט צָארְנִיג גֶעשְׁרִיעֶן — אִיךְ וָועל אִים וַוייזִין דֶעם בַּאגְדִיט.

עֶר זָאגְט נָאךְ — הָאט פלטיאל אִלְס גֶעלַאסִין גֶעזָאגְט — אַז אוֹיב אִיר וָועט אִים נָאךְ אַמָאל דַאקוּמֶענְטִין מִיט אַייעֶרֶע בִּלְבּוּלִים, וָועט עֶר אַרַיינְגֵיין צוּא דֶעם אוּפְּרָאווָלַאיוּסְצֶע וָועלְכֶער דַארְף דִיא טֶעג זַיין הִיא, אוּנ וָועט אִים קְלָאר מַאכִין פוּן אַלֶע אַייעֶרֶע זַייטִיגֶע גֶעשֶׁעפְטִין אוּנ אִיר וַוייסְט דָאךְ אַז עֶר הָאט גֶענוּג פַּאקְטִין אוֹיף דֶעם.

דָאס אִיז אוּנְמֶענְשְׁלִיךְ! דָאס הָאט מֶען נִיט גִיהֶערְט אַזַא רְצִיחָה! — הָאט סאמואיל גֶעשְׁרִיעֶן אוּנ פוּן מוֹיל אִיז אִים גֶעלָאפִין דִי פֵּינֶע פַאר רְצִיחָה — אַמֶענְטְשׁ וָואס הָאט אַזוֹיא אוּנְגְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט אוּנ פַארְפִיהְרְט מַיין טָאכְטֶער זָאל הָאבִין דִיא הָאזֶע אַזֶעלְכֶע וֶוערְטֶער צוּא רֵיידִין עֶס מָאג זַיין וָואס עֶס ווִיל אִיךְ מוּז דָער וָועלְט וַוייזִין וָואס פַאר אַיין שְׁווִינְדְלֶער וָואס פַאר אַבֶּעטְרִיגֶער עָר אִיז.

אַקוּרְצֶע צַייט זַיינֶען דִיא בֵּיידֶע מֶענְטְשִׁין גֶעזֶעסִין שְׁטוּם, עֶנְדְלִיךְ הָאט פלטיאל גֶעזָאגְט מִיט אַוֵוייכִין טָאן: הֶער בערגטהאל! אִיךְ מוּז אַייךְ אִיצוּנְד דֶעם אֶמֶת זָאגִין אַז בנימין הָאט דִיא וֶוערְטֶער נִיט גִירֶעט אוּנ גִים גֶעזָאגְט.

סאמואיל הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבִין זַיין גֶעזֶענְקְטֶען קָאפּ אוּנ הָאט עֶרְשְׁטוֹינְט גֶעקוּקְט אוֹיף פלטיאל'ן

יָא מַיין פְּרַיינְד! — הָאט פלטיאל ווַייטֶער גֶעזָאגְט — בנימין הָאט אַזֶעלְכֶע וֶוערְטֶער גִים גִירֶעט, וַוייל עָר וַוייס אַז מַאקֶע נוּר עֶר אִיז שׁוּלְדִיג אִין אַייעֶר טָאכְטֶעְר'ס אוּנְגְלִיק עָר ווִיל אַייךְ חָלִילָה נִיט אוּנְגְלִיקְלִיךְ מַאכִין, עֶר אִיז אַייךְ דָער בֶּעסְטֶער גוּטֶער פְּרַיינְד אוּנ עָר הָאט מִיטְלֵייד מִיט אַייךְ אוּנ מִיט אַייעֶר טָאכְטֶער, נָאר דָאס הָאט עָר מִיר יָא גֶעזָאגְט, אַז חֲתוּנָה הָאבִין מִיט אַייעֶר טָאכְטֶער קָאן עֶר בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט, אוּנ עֶר קָאן אַייךְ מֶער נִיט ווִיא הֶעלְפִין דֶעם שַׁאנְדְפְלֶעק פוּן אַייעֶר פַאמִילְיֶע אָפְּצוּווִישֶׁען, נָאר אוֹיב אִיר וָועט צִין אַיינְגֶעשְׁפַּארְט אוּנ וָועט דַוְקָא וֶועלִין זַיין נָאמֶען פֶערְשְׁמוּטְצֶען וָועט עֶר זִיךְ מוּזֶען בֶּעדִינֶען מִיט אַייעֶר אוּנְגְלִיק ווִיא אִיךְ הָאב אַייךְ גֶעזָאגְט, אַלְזָא אִיז מַיין עֵצָה, אִיר זָאלְט גָאר אוֹיפְהֶערִין צוּא רֵיידִין וֶועגִין אַשִׁידוּךְ דֶען דָאס אִיז גָאר אוּנְמֶעגְלִיךְ, אוּנ אִיר זָאלְט בֶּעסֶער זֶעהֶען אַייעֶר כָּבוֹד צוּא פֶערְהִיטִין.

אוּנ אִיךְ זָאל אִים שֵׁיינְקֶען דֶעם פַּאטְשׁ אִין פָּנִים וָואס עָר הָאט מִיר גִינֶעבִּין?

וָואס קֶענְט אִיר בֶּעסֶער מַאכִין הֶער בערגטהאל, וָועט דָאס זַיין שֵׁיין וֶוען מִיא וָועט עֶרְפָאהְרֶען אַז אַייעֶר טָאכְטֶער אִיז שְׁוַואנְגֶער, בנימין הָאט דֶערְפַאר

נָאר קֵיין מוֹרָא נִיט , עֶרְשְׁטֶנְס וַוייסְט אִיר דָאךְ אַז מִיט גֶעלְד קָאן מֶען זִיךְ פוּן דֶער גְרֶעסְטֶער צָרָה אוֹיס קוֹיפְן , צְוֵייטֶנְס וֶועט עֶר גֶעווִיס מוּזֶען פוּן זִיךְ דִיא בּוּשָׁה אַרָאפּ וַוארְפִין אוּנ זִיא אִיבֶּער גֶעבִּין אַזַא מֶענְטְשִׁין וָואס דִיא בּוּשָׁה אִיז פַאר אִים אַכָּבוֹד , וִויא צוּם בַּייא שְׁפִּיל דֶער גַנָב חְנִיאָק , אִיר וַוייסְט דָאךְ אַז אַזַא גַנָב וִויא חְנִיאָק אִיז וֶועט פַאר עֶטְלִיכֶע קֶערְבְּלַאךְ אַלְץ טָאן , נוּא פְּרֶעג אִיךְ אַייךְ וֶועט דָאס עֶפֶּעס זַיין שֵׁיין פַאר אַייךְ אַז דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט וֶועט מִיט אַייךְ הָאבִּין צוּא טָאן , אֵיינִיגֶע וֶועלִין אֲפִילוּ גְלוֹיבִּין אַז בנימין אִיז שׁוּלְדִיג , אָבֶּער דֶער גְרֶעסְטֶער טְהֵייל וֶועט מֵיינֶען אַז חְנִיאָק אִיז דָא שׁוּלְדִיג , וָואס זֶע קָאן אַייעֶר סוֹף זַיין ? אַייעֶר כָּבוֹד וֶועט אִיר פֶערְשְׁמוּטְצֶען , אוּנ אַייעֶר שְׁטֶעלֶע וֶועט אִיר גֶעווִיס פֶערְלִירֶען פָאלְגְט מִיר הֶער בערגטהאל , שְׁלָאגְט אַייךְ אַרוֹיס פוּן דֶעם קָאפּ דִיא פּוּסְטֶע חֲלוֹמוֹת אוּנ זֶעהְט בֶּעסֶער צוּא פֶערְשְׁטִיקִין דִיא שַׁאנְדֶע .

וִויא אַזוֹיא זָאל אִיךְ דִיא שַׁאנְדֶע פֶערְשְׁטִיקֶען ? — הָאט בערגטהאל גֶעפְרֶעגְט שׁוֹין גֶעלַאסֶען נָאךְ אַלַאנְגֶער פּוֹיזֶע .

דַאצוּ זַיינֶען דָא מִיטְלֶען אַסַךְ . — הָאט פלטיאל גִיעֶנְטְפֶערְט — נָאר דָאס בֶּעסְטֶע מִיטֶעל אִיז אִיר זָאלְט אַייעֶר טָאכְטֶער אַוֶועק שִׁיקִין קֵיין ווארשויא , אִיר וֶועט שׁוֹין גֶעפִינֶען אַנְ'אוֹיסְרֵייד וֶועגִין וָואס אִיר שִׁיקְט זִיא , דָארְט זָאל זִיא זִיצֶען בִּיז זִיא וֶועט בְּשָׁלוֹם אִיבֶּער קוּמֶען , אוּנ דָאס קִינְד זָאלְט אִיר זֶעהֶען מִיא זָאל אַרַיינְוַוארְפִין אִין פִינְדֶעלְהוֹיז , וֶועט אִיר זַיין פוּן אַלֶע זַייטִין גֶעזִיכֶערְט עֶרְשְׁטֶנְס וֶועט אַייעֶר טָאכְטֶערְס נָאמֶען נִיט פַאר פְלֶעקְט וֶוערִין , אוּנ צְוֵייטֶנְס וֶועט אִיר נִיט אוּמְבְּרֵיינְגֶען אַנֶפֶשׁ , דֶען דָאס קִינְד נֶעבַּאךְ אִיז דָאךְ דָא גָאר נִיט שׁוּלְדִיג ? . . .

פַארְגֶעסְט אָבֶּער נִיט וִויפִיל גֶעלְד מִיא בַּאדַארְף הָאבִּין צוּא אַזַא פְּלַאן ? אוּנ אִיר וַוייסְט דָאךְ אַז מַיינֶע פֶערְדִינְסְטִין עֶרְלוֹיבִּין מִיר נִיט אַזַא אוּנְטֶער גֶעהְמוּנְג .

זֶעהְט אִיר וָואס אִיר זַייט גִירֶעכְט זַייט אִיר טַאקֶע גִירֶעכְט , אִיךְ וֶועל אִיבֶּער רֵיידִין מִיט בנימינען , עֶר זָאל גֶעבִּין דָאס גַאנְצֶע גֶעלְד וָואס דֶער פְּלַאן פָאדֶערְט , אִיךְ רֶעכִין אַז פִינְף הוּנְדֶערְט קֶערְבְּלַאךְ אִיז גֶענוּג .

וֵוינִיג — הָאט בערגטהאל גִיעֶנְטְפֶערְט — דֶען מַיין טָאכְטֶער אִיז אִין פִּירְטֶען מָאנְהַייט מוּז זִיא דָארְט זִיצִין וֵוינִיגְסְטֶענְס זֶעכְּס מָאנְהַייט אוּנ אַלֵיין קָאן זִיא נִיט פָארִין מוּז מַיין פְרוֹיא אוֹיךְ מִיט פָארִין הַיינְט בַּארֶעכִינְט זֶעכְּס חֲדָשִׁים הוֹצָאוֹת אִין אַפְרֶעמְדֶער שְׁטָאט , הַיינְט וואו אִיז רַייזֶע גֶעלְד , אוּנ וֶוער וַוייסְט וִויפִיל גֶעלְד מִיא וֶועט נָאךְ דַארְפִין הָאבִּין בַּייא דֶער עֶנְטְבִּינְדוּנְג .

אָבֶּער טוֹיזִינְד רוּבֶּעל וֶועט זַיין גֶענוּג ?

יָא טוֹיזִינְד רוּבֶּעל אִיז גֶענוּג .

נוּא וֶועל אִיךְ זֶעהֶען בנימין זָאל אַייךְ גֶעבִּין טוֹיזִינְד רוּבִּיל , אוּנ טַאקֶע

הַיינְטִיגֶע וְואָךְ זָאל אַייעֶר טָאכְטֶער מִיט אַייעֶר וַוייבּ אַװֶעק פָאהְרֶן, בְּלַייבְּט דָאס אַזוֹיא?

מֵילָא וָואס קָאן אִיךְ הֶעלְפִין, מִסְתָּמָא בַּאדַארְף אַזוֹיא זַיין — הָאט סאמואיל זִיפְצֶענְד נִיעֶנְטפֶערְט.

מָארְגִין פְרִיא בְּרֵיינְג אִיךְ אַייךְ אַלֵיין טוֹיזִינְד רוּבִּיל — הָאט פלטיאל גֶעזָאגְט — אוּנ אִיךְ בֶּעט אַייךְ הֶערְט שׁוֹין אוֹיף גָאר מִיט בנימינ'ן צוּ רֵיידִין וֶועגִין דֶעם, דֶען אִיר וֶועט נוּר פֶערְשַׁאפִין זִיךְ אוּנ אִים עַגְמַת נֶפֶשׁ, אִיךְ קָאן אַייךְ נָאךְ דִיא טוֹבָה אוֹיךְ טָאן, אִיךְ אַלֵיין זָאל זַיין אִין ווארשויא וֶוען אַייעֶר טָאכְטֶער וֶועט בֶּעפְרַייט וֶוערִין פוּן אִיר שַׁאנְדֶע, אוּנ אִיךְ וֶועל אִיר בֶּעהִילְפִיג זַיין דָארְט מִיט אַלֶעס וָואס אִיךְ וֶועל קֶענֶען.

אָךְ אִיךְ וֶועל אַייךְ זַייעֶר דַאנְקְבַּאר זַיין. — הָאט סאמואיל גֶעזָאגְט.

נוּא דֶערְוַוייל אַגוּט נַאכְט! — הָאט פלטיאל גֶעזָאגְט דְרִיקֶענְד סאמואיל'ס הַאנְד — מָארְגִין פְרִיא בִּין אִיךְ בַּייא אַייךְ, מִיט טוֹיזִינְד רוּבִּיל.

אוּנ מִיט דִיא וֶוערְטֶער אִיז עֶר אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פוּן סאמואיל'ס הויז.

וָואס פַאר אַנ'אַיינְדְרוּק דִיא נַאכְרִיכְט הָאט גֶעמַאכְט אויף חייקען מִיט מאריא'ן בַּאדַארְף אִיךְ נִיט עֶרְצֵיילִין, דָאס קֶענֶען דִיא לֶעזֶער זֶעלְבְּסְט פַארְשְׁטֵיין דֶער פַאר אִיז אָבֶּער בנימין גִיוֶוען הֶעכְסְט צוּפְרִידִין אוּנ גְלִיקְלִיךְ, עֶר אִיז אִינִיגְסְט דַאנְקְבַּאר גִיוֶוען דֶעם קְלוּגִין אוּנ גֶעטְרַייעֶן קַאסִיר דֶער פַאר וָואס עֶר הָאט אִים פוּן אַזַא אוּנְגְלִיק בֶּעפְרַייט.



## ד.

## פלטיאל'ס פְּרָאיֶעקְט.

מִיט אַצוּבְּרָאכִין הַארְץ אִיז דִיא מַאדַאם בערנטהאל מִיט דֶער טָאכְטֶער אַוֶועק גֶעפָאהְרִין נָאךְ ווארשויא, פלטיאל הָאט וִוירְקְלִיךְ אויף מָארְגִין גִיבְּרַאכְט פוּן בנימינן טוֹיזִינְד רוּבִּיל, פוּן וֶועלְכֶע סאמואיל הָאט זַייא גִיגֶעבִּין דִיא הֶעלְפְט, פַאר אַלֶע זַיינֶע בַּאקַאנְטֶע הָאט בערנטהאל גֶעזָאגְט אַז עֶר שִׁיקְט אָפּ זַיין פְרוֹיא מִיט זַיין טָאכְטֶער צוּא זַיינֶע עֶלְטֶערִין וַוייל זַיין מוּטֶער אִיז גִיפֶערְלִיךְ קְרַאנְק, אוּנ קֵיינֶעם אִיז גָאר נִיט אַיינְגֶעפַאלִין דָאס מִינְדַעסְטֶע פוּן דֶער גַאנְצֶער גֶעשִׁיכְטֶע, סאמואיל הָאט בנימינען שׁוֹין גְלַייךְ אִין דִיא אוֹיגִין נִיט גִיקֶענְט קוּקִין, אוּנ עֶר פְלֶעגְט אִים בֶּעשְׁטֶענְדִיג אוֹיס וַוייכִין.

עֶס זַיינֶען אִיבֶּער גֶעלָאפִין פוּן דֶעם טָאג וָואס חייקע מִיט מרים'ן זַיינֶען אַוֶועק גֶעפָאהְרִין פִינְפְטְהַאלְבִּין מָאנְהַייט, דַאן אִיז אִין אַשֵׁיינֶעם פְרִיהְמָארְגֶען גֶעקוּמֶען פלטיאל צוּא בערנטהאל'ן, אוּנ הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ בִּין יֶעצְט הֶער בערנטהאל צוּא אַייךְ גֶעקוּמֶען אָבְּגֶעבִּין אַייךְ מַיין אַלְטִין חוֹב, אִיר גֶעדֵיינְקְט אַז אִיךְ הָאבּ אַייךְ פֶערְשְׁפְּרָאכִין אִיךְ זָאל זַיין אִין ווארשויא אַלְס אַיי־

טָאכְטֶער וָועט בַּאדַארְפֶן מַיין הִילְף , אִיךְ רֶעכֶן אַז אִיצוּנְד אִיז דִיא צֵייט דֶער פוּן .

אִיךְ בִּין אַייךְ זֵייעֶר דַאנְקְבַּאר הֶער אקס — הָאט סאמואיל גִיעֶנְפֶערְט — יָא דִיא טֶעג דַארְף זִיךְ מַיין אוּנְגְלִיקְלִיכֶע טָאכְטֶער עֶנְטְבִּינְדֶען , אוּנ אִיהְר וָועט אוּנְז אַלֶע דִיא גְרֶעסְטֶע גֶעפֶעלִיגְקֵייט טָאן וֶוען אִיר וָועט אֵייעֶר וָוארְט הַאלְטֶען .

אִיר זֶעהְט דָאךְ אַז אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען מַיין הַבְטָחָה מְקַיֵם זַיין . — הָאט אקס גִיעֶנְטְפֶערְט — אוּנ דַאבַּייא וִויל אִיךְ אַייךְ נָאךְ אַשְׁטִיקֶעל טוֹבָה טָאן .

וָואס פַאר אַטוֹבָה ?

אִיךְ מוּז אַייךְ זָאגִין דִיא וַוארְהֵייט הֶער בערגטהאל אַז דִיא טְרוֹיעֶרִיגֶע גֶעשִׁיכְטֶע פוּן אַייעֶר טָאכְטֶער דְרִיקְט מִיר צוּם טוֹיט , דֶען וָוער וֵייס נָאךְ וִויא אִיךְ וָואס פַאר אַנְ׳עַוְלָה בנימין הָאט דָא גֶעטָאן , וִויא אוּנְמֶענְטְשְׁלִיךְ עֶר הָאט גֶעגֶען אַייךְ בֶּעזָאנְדֶערְס גֶעגֶען אַייעֶר טָאכְטֶער גֶעהַאנְדֶעלְט , נָאר וַוייל אִיךְ הָאבּ אִים לִיבּ וִויא אַנְ׳אֵיינְגִין קִינְד אוּנ אִיךְ בִּין זֵייעֶר דַאנְקְבַּאר זַיין עֶדְלֶען פָאטֶער דַארִיבֶּער הָאבּ אִיךְ אִים דַן גִיוֶועןְ לְכַּף זְכוּת .

נָאר גָאט אִיז מַיין עֵדוּת אַז דִיא גַאנְצֶע צֵייט זַייט אִיךְ הָאבּ דִיא גֶעהֵיימְנִים עֶרְפַאהְרֶען קָאן אִיךְ בנימינען גְלַייךְ אִין דִיא אוֹיגִין נִיט קוּקִין , עֶר הָאט בַּייא מִיר פֶערְלָארִין זַיין גַאנְצִין וֶוערְטְה , אוּנ וֶוען אִיךְ הָאבּ אוֹיף אַייךְ אַקוּק גֶעטָאן הָאט מִיר גִינֶעבִּין אַשְׁטָאךְ אִין הַארְצִין .

אִיךְ דַאנְק אַייךְ זֵייעֶר פַאר אַייעֶר טְהֵיילְנַאהְמֶע — הָאט סאמואיל גֶעזָאגְט הֶעכְסְט גֶערִיהְרְט פוּן דִיא זִיסֶע וֶוערְטֶער . — נָאר זָאגְט מִיר וָואס פַאר אַטוֹבָה וִוילְט אִיר מִיר דָא טָאן .

אִיךְ וֶועל מַאכִין אַז בנימין וָועט חֲתוּנָה הָאבִּין מִיט אַייעֶר טָאכְטֶער .

אִיר מֵיינְט דָאס עֶרינְסְט צוּא אִיר לַאכְט — הָאט בערגטהאל פֶערְוואוּנְדֶערְט גֶעפְרֶעגְט .

לַאכִין פוּן אַזַא אוּנְגְלִיקְלִיכֶען מֶענְטְשִׁין וִויא אִיר זַייט ? — הָאט פלטיאל גֶעזָאגְט מִיט אַרַחֲמָנוּת פָּנִים — קָאן מֶען זַיין אַזַא טִירַאן אוּנ לַאכִין פוּן דֶעם מֶענְטְשִׁין וועלְכֶער אִיז אִין אַזַא בְּלָאטֶע פֶערְקְרָאכִין , נֵיין מַיין פְרַיינְד אִיךְ מַיין דָאס זֵייעֶר עֶרינְסְט אִיךְ וֶועל דָאס אַייךְ גֶעוִוים אוֹיסְפִיהְרֶען , נָאר אִיר זָאלְט מִיר גֶעהָארְזַאם זַיין .

זָאגְט פְרַיינְד וָואס זָאל אִיךְ טָאן , אִיךְ וֶועל אַייךְ פָאלְגִין וָואס אִיר וֶועט מִיר בֶּעפֶעהְלֶען .

אִיר זָאלְט אַזוֹיא טָאן — הָאט פלטיאל נָאךְ אַקוּרְצֶעס שְׁוַויינֶען גֶעזָאגְט — אִיר זָאלְט הַיינְט אַרַיינְגֵיין צוּא בנימינען , אוּנ זָאלְט אִים זָאגִין אַז אַייעֶר טָאכְטֶער הָאט זִיךְ אַנְ׳אוּנְגְלִיק גֶעטְרָאפִין , זִיא הָאט גֶעבָּארִין אַקִינְד אוּנ הָאט אִים מִיט דִיא אֵייגֶענֶע הֶענְד דֶערְשְׁטִיקְט , דָאס הָאט בַּאמֶערְקְט דִיא הַייבְּאַם אוּנ הָאט

דאס גימעלדעט דער פאליציא , וועלכע האט באלד ארעסטירט אייער טאכטער אונ דאס קינד האט מען אונטערזוכט אונ מיא האט ערקענט אז סיא האט עס ערשטיקט .

נוא וואס זע וועט זיין ? — האט סאמואיל נייגעריג געפרעגט .

אייער טאכמער איז יעצט אין אגרויס געפאהר — אזויא זאלט איר ערציילין בנימינען — אונ עס איז גאר קיין אנדער מיטעל ניטא וויא זיא צוא רעטען , נור מען זאל אויפווייזען אז זיא האט קיין אורזאכע געהאט איר קינד צוא ערמארדען , ווייל זיא האט אדייכין אונ אצערטליכען מאן וועלכער האט זיא ליב וויא זיין גאנצין לעבין , אונ האט מיט דער גרעסטער אונגעדולד ערווארטעט דיא גליקליכע צייט אין וועלכע זיין ליבע פרויא וועט איהם אקינד שיינקען .

וויא אזויא קאן מען דאס באווייזין ?

נאך פארשטייט איר ניט מיין געדאנק — האט אקס לאכענד געזאגט — איר וועט בנימינען געבין צוא ערקלערין , אז אזויא וויא ער איז דיא אורזאכע פון דעם גאנצין אונגליק , איז זיין שולדיגקייט ער זאל זיך אלס איר מאן פארשטעלין , איר וועט פון אים פאדערין אקליינע טובה , ער זאל שרייבין אבריף צוא אייער טאכטער וויא צוא אגעליבטע ווייב , אין דעם בריף זאל ער אויסדריקען זיין גרויסע ליבע צוא איר אונ צוא דעם קינד וואס זיא וועט אים שיינקען , אונ ווען איר וועט אזא בריף אין דיא הענד האבין וועט איר אים קענען צווינגען ער זאל זיין אייער טאכטערס מאן .

יא דיא עצה איז זייער גוט , אבער וועט דען בנימין זיין אזא נאר אונ וועט שרייבין אזא בריף ?

ער וועט געוויס ניט וועלין שרייבין , נאר אויף דעם בין איך דאך דא . . . זייט זיכער אז איך וועל אים בעוועגין ער זאל דאס איך טאן .

איך ווייס ניט — האט סאמואיל אונגלויביג געזאגט — עפעס לייגט זיך מיר ניט אויף דעם קאפ אז בנימין וועט אזא זאך טאן .

איר טוט נאר וויא איך וועל אייך לערנען , וועט איר שוין זעהען וואס פאר אמענטשין פריינד איך בין — האט פלטיאל געזאגט — איר גייט נאך היינט אריין צוא אים אונ לייגט דאס אים פאר , קאן זיין אז איך אליין זאל זיין דער איבערברייננגער פון דעם בריף צוא אייער טאכטער .

איך וועל אייך זאגין דיא ווארהייט , אז איהר וועט דאס אוים פיהרען זייט איהר נאר אמלאך ניט קיין מענטש , אונ דיא טובה וועל איך אייך ביז מיין טויט ניט פארגעסין , האט סאמואיל געזאגט דריקענד שטארק פלטיאל'ס האנד .

איך בין ניט קיין מלאך נאר אמענטשענפריינד — האט פלטיאל זאנפט גיענטפערט — אלזא וועט איר טאן וויא איך האב אייך געהייסין ?

יא איך וועל אזויא טאן — האט בערנטאל גיענטפערט .

פלטיאל אִיז אַרוֹיס גִינַאנְגֶען פוּן בערגטאהל׳ס הויז מִיט אַשְׁמֵייכֶעל אוֹיף דִיא לִיפִּין, וִויא עֶר זָאל זָאגֶען: דָא וֶועט [illegible] אוֹיפְשְׁפִּילֶען אַשְׁפָּאגִיל בַּייעֶ חֲתוּנָה אוּנ דַוְקָא אַשֵׁיינֶע, עֶר אִיז לַאנְגְזַאם אוּנ פַארְטְרַאכְט גֶעגַאנְגֶען אִין זַיין קַאנְטָאר אוּנ הָאט דָארְט גֶעטְרָאפִין בנימינען אַלֵיין פֶערְטִיעֶפְט אִיבֶּער דִיא רֶעכְנוּנְגְס בִּיכֶער.

דוּא בִּיזְט דָא מַיין לִיבֶּער בנימין? — הָאט אקס גֶעזָאגְט מִיט אַטְרוֹיעֶרִיגֶע מִינֶע — אִיךְ הָאבּ דִיר אַטְרוֹיעֶרִיגֶע נַייעֶס צוּא עֶרְצֵיילִין.

וָואס פַאר נַייעֶס? — הָאט בנימין עֶרְשְׁרָאקִין גֶעפְרֶעגְט זִיךְ אָבְּוֶוענְדֶענְד פוּן דִיא בִּיכֶער.

אִיךְ הָאבּ עֶרְשְׁט בַּאגֶעגְנֶט סאמואיל בערגטאהל הָאט עֶר מִיר אַשְׁרֶעקְלִיכֶע זַאךְ עֶרְצֵיילְט פוּן זַיין טָאכְטֶער.

וָואס פַאר אַזַאךְ? הָאט בנימין נַייגֶערִיג אוּנ עֶרְצִיטֶערְט גֶעפְרֶעגְט.

זִיא אִיז אִיצוּנְד אַרֶעסְטִירְט אִין ווארשויא, אוּנ וֶועט דוּכְט זִיךְ אַוֶועק גֵיין הֶעט הֶעט אַז אִין קַאטַארְגֶע.

וָואס רֶעט אִיר? פַאר וָואס?

וָואס פַארְשְׁטֵייכְסְטוּ דָא נִיט, זִיא הָאט אִיר אֵייגִין קִינְד עֶרְשְׁטִיקְט אוּנ מִיא הָאט דָאס בַּאלְד עֶרְפַאהְרֶען.

בנימין אִיז בְּלַאס גֶעוָוארִין וִויא אַלֵייכֶע, עֶר הָאט אָנְגֶעשְׁפַּארְט דֶעם קָאפּ אוֹיף דִיא הֶענְד אוּנ הָאט זִיךְ שְׁטַארְק פַארְטְרַאכְט וֶועהְרֶענְד אִין דִיא אוֹיגִין הָאבִּין זִיךְ אִים גֶעוִויזֶען טְרֶערִין, דֶען עֶר הָאט זִיךְ זֶעלְבְּסְט בֶּעטְרַאכְט וִויא דֶער שׁוּלְדְנֶער אִין אִיר אוּנְגְלִיק.

וָואס בִּיזְטוּ אַזוֹיא אוּנְרוּהִיג? — הָאט פלטיאל גֶעפְרֶעגְט — דוּא הָאסְט דֶער פוּן עַגְמַת נֶפֶשׁ?

אַרַחֲמָנוּת אוֹיף דֶער אוּנְגְלִיקְלִיכֶער מאריאן — הָאט בנימין גֶעזָאגְט מִיט אַרִיהְרֶענְדֶער שְׁטִימֶע — זִיא הָאט נִיט פַארְדִינְט אַזַא אוּנְגְלִיק, נָאר זָאגְט מִיר רבי פלטיאל עֶס אִיז נָאר קֵיין מִיטֶעל נִיטָא וִויא זִיא צוּא רֶעטִין?

עֶס אִיז יָא דָא אַמִיטֶעל וִויא סאמואיל הָאט מִיר גֶעזָאגְט, עֶר הָאט מִיר גֶעפְרֶעגְט צוּא אִיז דָאס מֶעגְלִיךְ צוּא עֶרְרֵייכֶען נָאר אִיךְ הָאבּ מִיר פוּן אִים אוֹיס גֶעלַאכְט אוּנ הָאבּ אִים גֶעזָאגְט, אַז עֶר אִיז אַנַאר.

זָאגְט מִיר אוֹיךְ וָואס אִיז דָאס פַאר אַמִין מִיטֶעל.

פְרֶעג נָאר נִיט דָאס אִיז אַפּוּכְטֶע זַאךְ.

דָאךְ בִּין אִיךְ נַייגֶערִיג צוּא וִויסֶען.

עֶר הָאט מִיר גֶעזָאגְט, אַז דָאס אֵיינְצִיגֶע מִיטֶעל זִיא צוּא רֶעטִין אִיז מִיא זָאל אִיבֶּער צֵייגִין דֶער פָּאלִיצֵייא אַז זִיא הָאט קֵיין אוּרְזַאכֶע נִיט גֶעהַאט אִיר אֵייגִין קִינְד צוּא עֶרְמָארְדֶען, וַוייל זִיא הָאט אַמַאן וֶועלְכֶער לִיבְּט זִיא שְׁטֶערְבְּלִיךְ, אוּנ דֶער נַארֶעשֶׁער סאמואיל וִויל דִיר בֶּעטִין דוּא זָאלְסְט זִיךְ פָארְשְׁטֶעלִין אַלְס אִיר מַאן, נוּא וִויא פַארְשְׁטֵייסְטוּא? הָאבּ אִיךְ מִיר נִיט

אוּיס גֶעלַאכְט פוּן אִיהְם ; אוּנ הָאבּ אִיהְם גֶעזָאגְט אַז עֶר פְּלוֹידֶערְט וִויא אַשִׁיכּוֹרֶער פּוֹיעֶר .

וִויא אַזוֹיא מֵיינְט עֶר זָאל אִיךְ מִיר אַלְס אִיר מַאן פָארְשְׁטֶעלִין ?

עֶר מֵיינְט דוּא זָאלְסְט שְׁרַייבִּין אַבְּרִיף צוּא מאריא׳ן וִויא אַגֶעטְרַייעֶר מַאן צוּא אַגֶעטְרַייעֶ וַייבּ , אִין דֶעם בְּרִיף זָאלְסְטוּ אוֹיס דְרִיקֶען דַיין גְרוֹיסֶע לִיבֶּע צוּא אִיהְר אוּנ דַיין אוּנְגֶעדוּלְדִיגֶע עֶרְוַוארְטוּנְג אוֹיף דֶעם קִינְד וָואס זִיא וֶועט דִיר שֵׁיינְקֶען .

דָאס אִיז עֶר אַנַאר . — הָאט בנימין גֶעזָאגְט .

הֶערְסְטוּ דַארִיבֶּער הָאבּ אִיךְ זִיךְ דָאךְ פוּן אִים אוֹיס גֶעלַאכְט , וָואס אַנָארֶעשִׁין מֶענְטְשִׁין קָאן אַיינְפַאלִין אִין מוֹחַ , עֶר הָאט מִיר גֶעזָאגְט אַז הַיינְט וֶועט עֶר צוּא דִיר אַרַיין גֵיין רֵיידִין וֶוועגִין דֶעם , הָאבּ אִיךְ אִים גִינֶעבִּין אַנְ׳עֵצָה עֶר זָאל זִיךְ גָאר נִיט פְּרוּוִוין אוּנ גָאר נִיט גֵיין .

אֶפְשַׁר אִיז דָא אַנְ׳אַנְדֶער מִיטֶעל דֶער אוּנְגְלִיקְלִיכֶער צוּא רֶעטִין — הָאט בנימין גֶעפְרֶעגְט נָאךְ אַקוּרְצֶעם נַאכְדֵיינְקֶען .

נֵיין עֶר הָאט מִיר גֶעזָאגְט אַז קַיין אַנְדֶער מִיטֶעל אִיז נִיטָא , וַוייל דִיא דָקְטוֹרִים הָאבִּין שׁוֹין עֶרְקְלֶערְט אַז דָאס קִינְד אִיז עֶרְשְׁטִיקְט , אוּנ מִיא הָאט אַלְס שׁוּלְדִיג עֶרְקְלֶערְט .

פִילַייכְט אִיז מֶעגְלִיךְ מִיא זָאל גֶעפִינֶען אַזַא מֶענְטְשִׁין וֶועלְכֶער וֶועט פַאר עֶטְלִיכֶע קֶערְבְּלַאךְ זָאגִין אַז עֶר אִיז אִיר מַאן .

אִיךְ הָאבּ שׁוֹין דָאס אוֹיךְ גֶעקְלֶערְט , נָאר עֶנְדְלִיךְ הָאבּ אִיךְ זִיךְ בַּאקְלֶערְט אַז דָאס וֶועט גָאר נִיט הֶעלְפִין , פַארְקֶערְט עֶס קָאן נָאךְ גָאר שַׁאדֶען , דֶען בַּייא אַזַא גֶעפֶעהְרְלִיכֶע זַאךְ מוּז זַיין דֶער מֶענְטְשׁ וֶועלְכֶער וֶועט זִיךְ פַאר אִיהְר מַאן אוֹיס גֶעבִּין , אַמֶענְטְשׁ מִיט אַנָאמֶען , מִיא זָאל אִין זַיין אָרְדֶענְטְלִיכְקַייט נִיט צְווייפְלֶען .

שַׁאדֶע ! — הָאט בנימין זִיפְצֶענְד גֶעזָאגְט — מִיר רַייסְט דָאס הַארְץ אוֹיף דֶער אוּנְגְלִיקְלִיכֶער אִיךְ וָואלְט מִיר גֶעלָאזְט קָאסְטִין טוֹיזֶענְדֶער רוּבִּיל אוּם זִיא צוּא רֶעטֶען , גִיט עֶפֶּעס אַנְ׳עֵצָה רבי פלטיאל , אִיר פַאלְט דָאךְ יָא בֶּעשְׁטֶענְדִיג אוֹיף אַגוּטִין פְּלַאן .

דוּא וֵוייסְט בנימין וָואס אִיךְ וֶועל דִיר זָאגִין — הָאט פלטיאל פְּלוּצִים גֶעזָאגְט וִויא אִים אִיז עֶרְשְׁט אַגֶעדַאנְק אַיינְגֶעפַאלִין — עֶס אִיז דָא אַנְ׳עֵצָה .

וָואס פַאר אַנְ׳עֵצָה ?

דוּא מָאגְסְט אַזַא בְּרִיף שְׁרַייבִּין .

וָואס רֶעט אִיהְר ? גָאט אִיז מִיט אַייךְ ! אִיר שְׁפִּילְט זִיךְ וָואס אַזַא בְּרִיף קָאן מַאכִין ?

אִיךְ וַוייס אוּנ פַארְשְׁטֵייא וָואס אַזַא בְּרִיף הֵייסְט . — הָאט פלטיאל קַאלְט גִיעֶנְטְפֶערְט — נָאר וֶוער הֵייסְט דִיר דֶעם בְּרִיף אִיר אִין דִיא הֶענְד אָבְּגֶעבִּין .

וָואס הַייסְט דָאס ? וֶועמֶען דֶען אַז נִיט אִיר ?

אִיךְ וֶועל דִיר צוּלִיבּ טָאן, וַוייל אִיךְ זֶעה וִויא דִיר קְרֶיינְקְט דִיא גֶעשִׁיכְטֶע אוּנ דוּא ווִילְסְט זִיא רֶעטֶען, וִויל אִיךְ דִיא אַרְבֶּעט אוֹיף זִיךְ אִיבֶּער גֶעמֶען, דוּא וֶועסְט אֶנְשְׁרַייבִּין דֶעם בְּרִיף מָאגְסְט דָארְט שְׁרַייבִּין וִויא דֶער גֶעטְרַייסְטֶעטֶער מַאן צוּא זַיין לִיבְּסְטֶער פְּרוֹיא, אוּנ דֶעם בְּרִיף זָאלְסְטוּ מִיר אִיבֶּער גֶעבִּין, וֶועל אִיךְ פָארִין נָאךְ ווארשויא אוּנ וֶועל זִיךְ פָארְשְׁטֶעלִין אַלְס פֶערְטְהֵיידִיגֶער פוּן דֶער אוּנְגְלִיקְלִיכֶער, אוּנ וֶועל דֶעם בְּרִיף צוּא שְׁטֶעלִין וואוּהִין מִיא בַּאדַארְף מָאגְסְט זִיךְ אוֹיף מִיר פַארְלָאזִין, אִיךְ וֶועל דָאס אַזוֹיא קוּנְצִיג אָפּ אַרְבֶּעטִין אַז זִיא וֶועט גִירֶעטֶעט וֶוערִין אוּנ דֶער בְּרִיף וֶועט קוּמֶען צוּרִיק אִין דַיינֶע הֶענְד.

בנימין הָאט אַהִיבְּשֶׁע צַייט גֶעטְרַאכְט, אוּנ הָאט עֶנְדְלִיךְ גֶעזָאגְט: נַיין אַזַא בְּרִיף וֶועל אִיךְ קַיין אֵיינֶעם נִיט גֶעטְרוֹיעֶן אֲפִילוּ מַיין אֵיינֶענֶעם פָאטֶער נִיט.

אוֹיבּ דוּא ווִילְסְט נִיט בַּאדַארְף מֶען נִיט. — הָאט פלטיאל קַאלְט גִיעֶנְטְפֶערְט — נָאר אֵיין זַאךְ טוּט מִיר הֲנָאָה וָואס אִיךְ הָאבּ חָאטְשׁ עֶרְפַאהְרֶען אַז דוּא הַאלְטְסְט מִיר נִיט פַאר קַיין גוּטִין פְרַיינְד.

אִיךְ הַאלְט אַייךְ פַאר דֶעם בֶּעסְטִין גוּטִין פְרַיינְד, נָאר אַזַא בְּרִיף הָאבּ אִיךְ דָאךְ אַייךְ גֶעזָאגְט וֶועל אִיךְ אֲפִילוּ מַיין פָאטֶער נִיט גֶעטְרוֹיעֶן, וֶוער וַוייס וָואס עֶס קָאן זִיךְ מַאכִין, עֶר קָאן אֶפְשַׁר אַרַיינְפַאלִין אִין אַזֶעלְכֶע הֶענְד פוּן וֶועלְכֶע מִיא וֶועט אִים שׁוֹין נִיט קֶענֶען אַרוֹיס רַייסִין.

נוּא אוֹיבּ דוּא הָאסְט מוֹרָא דַארְף מֶען נִיט, אוּנ אֶפְשַׁר בִּיזְטוּ טַאקֶע גִירֶעכְט. — הָאט פלטיאל גֶעזָאגְט מִיט אַנ׳אוּנְצוּפְרִידֶענֶע מִינֶע.



## ה.

## עֶר אִיז אַנְטְלָאפִין.

דֶער וַואהְרֶער אָרְדֶענְטְלִיכֶער מַאן וֶוען עֶר בַּאגֵייט אַזַא זִינְד צוּלִיבּ וֶועלְכֶע אוּנְשׁוּלְדִיגֶע מֶענְטְשִׁין וֶוערִין אוּנְגְלִיקְלִיךְ, דֶער קָאן זִיךְ אַלֵיין נִיט פֶערְצַייהֶען אוּנ מַאכְט זִיךְ אַלֵיין בֶּעשְׁטֶענְדִיג פָארְווירְפֶע אוֹיף דֶעם וָואס עֶר הָאר דִיא אוּרְזַאכֶע פוּן יֶענֶעמְס אוּנְטֶערְגַאנְג.

יֶענֶעם טָאג אִין וֶועלְכִין פלטיאל הָאט גֶעבְּרַאכְט בנימינען דִיא פַאלְשֶׁע נַאכְרִיכְט פוּן מאריא׳ס אוּנְגְלִיק, אִיז בנימין אַרוּם גֶעגַאנְגֶען וִויא אוֹיף אַפְּרֶעמְדֶער וֶועלְט, עֶר הָאט זִיךְ אַלֵיין פַארְשָׁאלְטִין דֶערְפַאר וָואס צוּא לִיבּ דִיא אֵיינִיגֶע מִינוּטִין פֶערְגֶעניגֶען וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט הָאט עֶר אַיין אוּנְשׁוּלְדִיגֶעם מֶעדְכֶען אִין טִיפִין אָבְּגְרוּנְד גֶעשְׁלַיידֶערְט, עֶר הָאט זִיךְ פָארְגֶעשְׁטֶעלְט דֶער אוּנְגְלִיקְלִיכֶעם לַאגֶע, וִויא זִיא זִיצְט יֶעצְט אִין גֶעפֵיינְקְנִישׁ פֶערְצְוַוייפֶעלְט בְּלַאס, אוּנ פוּן אִירֶע לִיפֶּען גֵייט אַרוֹיס אַיין אִינְגְסְטֶע קְלָלָה

פאר דעם וועלכער האט זיא צוא אזא לאנגע געבראכט, ער האט זיך אויך פארגעשטעלט וויא אפאטער מיט אמוטער זיצין אויף דער ערד אונ קלאגין נאך זייער טאכטער וועלכע מוז אין אירע בעסטע יארין וועלקען וויא אבלום אין הערבסט, נור דער פאר וואס אפרעמדע שלאנגע האט זיך אריינגעמישט אונ האט זייער לעבין פערגיפטעט.

דאס איז דאך שוין בעוואוסט אז דעם מענטשינס פאנטאזיע שטעלט בעשטענדיג פאר אלע בילדער וואס מאהלען זיך אין זיין קאפּ, וויא דורך איין אפערגרעסערינגס גלאז שרעקליך גרויס, ערווארטעט יעמאנד אגליק, שטעלט דיא פאנטאזיע פאר אים פאר אנ'אונגעהייער גרויס שטראהלענדעס גליק וועלכע פערבלענדעט אים דיא אויגין מיט אירע גלענצענדע שטראהלען, ערווארטעט יעמאנד אנ'אונגליק, מאהלט דיא פאנטאזיע פאר אים דאס אונגליק מיט דיא שווארצעסטע פארבין זא דאס אים ווערט פינסטער אין דיא אויגין, אונ ער געפינט קיין רוהע ניט,

פלטיאל'ס קליינע שווארצע געמעלדע, וועלכע ער האט פאר בנימינען פארגעשטעלט האט זיך אין איינינגע שטונדין אזויא פארגרעסערט, זא דאס בנימין האט שוין פאר זיך קיין אנדער זאך ניט גיזעהען וויא נור אשרעקליכע פינסטערע קארטינע, וועלכע ער אליין האט דורך זיין לייכטזיניגקייט געמאהלט, מאריא האט זיך יעצט אין זיינע אויגין פארגעשטעלט וויא אהייליגעס וועזען וועלכע איז דורך איינע אונרייניגע האנד בעפלעקט געווארין, אונ ביי דעם געדאנק האט ער זיך גיוועהן בעשלאסין איר אין דיא הענד דעם רעטענדען בריף צוא שיקין, באלד אבער האט דער פערשטאנד פאר אים געשטעלט גאר איין אנדער בילד, וויא מאריא איז גירעטעט געווארין אונ ווייזט פאר דער גאנצער וועלט אז בנימין פריעדפיש איז איר מאן, אונ דאדורך פעראכטין אים אלע זיינע באקאנטע, אונ זיינע עלטערין האבין זיך ניט וואו צוא באהאלטין פאר חרפה, מיט איינעם ווארט ער איז יענעם טאג געווארין אויס מענטש, ער האט זיך פערשפארט אין זיין צימער אונ האט ניט ערלויבט קיינם מי זאל אים צושטערין דעם שרעקליכען קאמפף וועלכער וויטהעט אין זיין הערצין.

אלס דער בעדינטער האט אים גימעלדעט אז סאמואיל בערנטאהל וויל מיט אים ריידין, איז ער פון ארט אויפגעשפרונגען וויא וואהנזיניג אונ האט געהייסין אים אריינלאזין, ער האט זיך מיט אלע קרעפטין בעמיהעט זיך ווייזין קאלט, אבער אים האט דאס ניט געלונגען.

סאמואיל איז אריינגעקומען מיט אפינסטער געזיכט, אונ זיך העפליך פערנייגענד האט ער געזאגט: אבוואהל איר האט מיר מיט מיין פאמיליע זייער טיראניש בעהאנדעלט פון דעסט וועגין האב איך מיר געוואגט קומען צוא אייך הער פריעדפיש, ווייל איך רעכין אז אין אייך מוז דאך פארט ברענען חאטש איין פונק מענטשליכקייט, אונ קוים האב איך קיין טעות ניט אונ איר האט

ווירקְלִיךְ אַפּוּנְק מֶענְטְשְׁלִיכֲקייט , וָועט אִיר זִיךְ נִיט ֶענְטְזַאגְן צוּא רֶעטִין אַנַאנְצֶע פַאמִילְיֶע פוּן אוּנגְלִיק .

אִיךְ הָאבּ שׁוֹין נִיהֶערְט פוּן אַייֶער אוּנְגְלִיק — הָאט בנימין גֶעזָאגְט — מִיר הָאט דָאס ֶערְצֵיילְט אקס , אִיךְ מוּז אַייךְ זָאגְן אַז אִיךְ הָאבּ שְׁטַארְק מִיטְלַייד מִיט אַייךְ אוּנ מִיט אַייֶער טָאכְטֶער , אִיךְ וָואלְט ַקיין זַאךְ אִין דֶער וָועלְט נִיט גֶעזַאלֶעוֶועט פַאר אַייֶער רֶעטוּנְג , נָאר וִויא מִיר הָאט אקס ֶערְצֵיילְט פָאדֶערְט אִיר פוּן מִיר אַצוּגְרֵייסִין אָפְּפֶער וָועלְבִין אִיךְ ָקאן נִיט אִין פָאלְָקאמֶענְהַייט בְּרֵיינְגֶען .

סאמואיל הָאט אָן דִיא וָוערְטֶער בַּאלְד פַארְשְׁטַאנֶען אַז פלטיאל הָאט שׁוֹין דָא נִירֶעט , אוּנ זַיינֶע רֵייד הָאט דָא אַשְׁטַארְקֶע ווירְקוּנְג גֶעמַאכְט , דַארוּם הָאט ֶער בֶּענוּצְט דִיא גֶעלֶעגֶענְהַייט , אוּנ הָאט פַאלְשֶׁע טְרֶערִין פַארְגָאסִין אוֹיף זַיין טָאכְטֶערְס אוּנְגְלִיק אוּנ דִיא גַאנְצֶע שוּלְד הָאט ֶער אַרוּף גֶעוָוארְפִין אוֹיף בנימינען , ֶער הָאט אִים פָארְגֶשְׁטֶעלְט אַשְׁרֶעקְלִיכֶען צוּקוּנְפְט , וִויא ֶער וֶועט ַקיין מָאל ַקיין רוּהֶע נִיט הָאבִּין פוּן דָער גֶעוִויסֶענְבִּיסֶע וֶועלְכֶע וֶועט אִים אַלֶע מָאל בִּיז צוּם טוֹיט צוּא דְרִיקֶען דָער פַאר וָואס ֶער הָאט אַנ׳אוּנְשוּלְדִיג ִקינְד אַזוֹיא אוּנְגְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט .

ֶער הָאט אַזוֹיא לַאנְג גִירֶעט בִּיז בנימין הָאט זִיךְ בֶּעשְׁלָאסִין צוּא רֶעטֶען מאריא׳ן פוּן אִיהְר אוּנְגְלִיק דוּרְךְ דֶעם שְׁרֶעקְלִיכֶען מִיטְטֶעל , נָאר אוֹיף דֶעם אוֹפֶּן וִויא פלטיאל הָאט אִים גֶערַאטְהֶען , ֶער זָאל אִים (פלטיאל׳ן) אִין הַאנְד דֶעם בְּרִיף אָבְּגֶעבִּין אוּנ ֶער זָאל מִיט אִים פָארִין נָאךְ ווארשויא .

נָאךְ דֶעם זֶעלְבִּין טָאג , הָאט ֶער דוּרְךְ פלטיאל׳ס רַאטְה דֶעם בְּרִיף אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען .

מַיינֶע טְהַייֶערֶע הֶערְצֶענְס נֶעלִיבְּטֶע פְרוֹיא מאריא !

אִיךְ בִּין דָא אִין קרויסבאב , אָבֶּער מַיינֶע זֶעלֶע אִיז גֶעבֶּען דִיר אִין ווארשויא , דֶער גֶעדַאנְק אַז דִיא טֶעג דַארְפְסְטוּ מִיר בֶּעגְלִיקִין מִיט אַקִינְד מַאכְט מִיךְ גְלִיקְלִיךְ אוֹיךְ אוּנְגְלִיקְלִיךְ , אִיךְ בִּין גְלִיקְלִיךְ מִיט דֶעם גֶעדַאנְק אַז אִיךְ וֶועל בַּאלְד זַיין אַפָּאטֶער בַּייא דֶעם שֵׁיינֶעם קִינְד וָואס דוּא וֶועסְט מִיר שֵׁיינְקֶען אוּנ דַאבַּייא פִיל אִיךְ מִיךְ הֶעכְסְט אוּנְגְלִיקְלִיךְ בַּייא דֶעם גֶעדַאנְק וֶוער וֵוייסְט וִויפִיל שְׁמֶערְצִין דִיר וֶועט קָאסְטֶען דֶער טְהַייֶערֶער פְּרֶיזֶענְט , אִיךְ בֶּעט דִיר מַיין לֶעבִּין דוּא זָאלְסְט מִיר דִיא מִינוּט שְׁרַייבִּין וָואס דוּא מַאכְסְט , וָוארוּם הָאסְטוּ מִיר אֵיינֶע זָא לַאנְגֶע צַייט נִיכְט גֶעשְׁרִיבֶּען פוּן דַיין וָואהְל זַיין , פוּן מַיינֶער זַייטֶע קָאן אִיךְ דִיר בֶּענַאכְרִיכְטֶען אַז אִיךְ בִּין גָאט זַייא דַאנְק גֶעזוּנְד אוּנ מוּנְטֶער מִיר פֶעלְט נוּר דָאס אֵיינֶע גְלִיק דִיךְ צוּ הָאבִּין נֶעבֶּען מִיר , אִין אָאפְּפֶע אַז דוּא וֶועסְט מִיר בַּאלְד שְׁרַייבִּין וֶוענִין אַלֶעם וָואס דִיר אָנְבֶּעלַאנְגְט , דָען דַאמִיט וֶועסְטוּ ֶערְקְוִויקֶען דַיין נָאךְ דִיר שְׁמַאכְטֶענְדֶען גֶטְרַייֶען גֶעמַאהְל .

בנימין פריעדפיש.

קרויסבאב דֶען 7 טֶען יוני 1854

דָעם בְּרִיף הָאט בנימין פֶערְזִיגֶעלְט אוּנ הָאט אִים מִיט צִיטֶערֶענְדֶע הֶענְד אָבְּגֶעגֶעבִּין זַיין גֶעטְרַייֶען לֶעהְרֶער פלטיאל'ן, וֶועלְכֶער הָאט אִיהם גְלַייכְגִילְטִיג צוּגֶענוּמֶען נָאר יֶעדֶער זַייטִיגֶער מֶענְטְשׁ הָאט גֶעקָאנְט בֶּעמֶערְקֶען, וִויא דוּרְךְ דֶער גְלַייכְגִילְטִיגְקַייט שְׁטְרַאהְלְט אַרוֹים אַיינֶע טַייפְלִישֶׁע פְרַיידֶע.

אוֹיף מָארְגֶען הָאט פלטיאל גֶעפוּנֶען אַנְאוּרְזַאכֶע צוּ פָאהְרֶען נָאךְ ווארשויא אוּנ פֶערְזִיכֶערֶענְד בנימינע'ן אַז אַלֶעס וֶועט זַיין אִין בֶּעסְטֶען אָרְדְנוּנְג, אִיז עֶר אַוֶועק גֶעפָאהְרֶען.

דָאס אִיז מֶערְקְווִירְדִיג, עֶס טְרֶעפְט מַאנְכֶעס מָאהל בַּייא דִיא קְלֵינְסְטֶע עֶרְפַאהְרֶענְסְטֶע מֶענְטְשֶׁען, וֶוען זַייא בַּאדַארְפִין מַאכִין אַנְגֶעפַאהְרְפָאלֶען שְׁרִיט, בֶּעדֶענְקֶען זַייא אוּנ בֶּערֶעכֶענֶען אוֹיף דֶעם טוֹיזֶענְדֶען פַאל, אוּנ עֶנְדְלִיךְ אַז זַייא הָאבֶּין שׁוֹין אַלֶעס גוּט בֶּערֶעכִינְט אוּנ זִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען צוּ מַאכֶען דֶעם שְׁרִיט, קוֹים קָאנֶען זַייא שׁוֹין נִיט צוּרִיק חַאפִּין זַייעֶר טְהַאט, הָאבֶּען זַייא שְׁטַארְק חֲרָטָה אוּנ זֶעהֶען זִיךְ אַרוּם אַז זַייא הָאבֶּען גֶעפֶעלְט, אָבְּוָואהל זַייא קָאנֶען אוֹיךְ יֶעצְט דִיא זֶעלְבֶּע רֶעכֶענוּנְגֶען הָאבֶּען וָואס פְרִיהֶער, דָאס אִיז אַיינֶע פוּן דִיא קְלָלוֹת וָואס בֶּעגְלַייטֶען דֶעם מֶענְטְשֶׁען אִין זַיין קוּרְצֶען לֶעבֶּען, אִיהם זָאל אַנְ׳אוּנְזִיכְטִ־בַּארֶע הַאנְד טְרַייבֶּען מִיט דֶער גְרֶעסְטֶער קְרַאפְט צוּ אַגֶעוִויסֶען צִיעל אוּנ קוֹים הָאט עֶר דֶעם לֶעצְטֶען פוּנְקְט עֶרְרַייכְט, הָאט עֶר חֲרָטָה אוֹיף דֶעם גַאנְצֶען גַאנְג אוּנ אוֹיף דֶער גַאנְצֶער מִיהֶע וָואס עֶר הָאט וֶוענִין דֶעם גֶעהַאט.

בנימין הָאט אוֹיךְ בַּאלְד שְׁטַארְק חֲרָטָה גֶעהַאט אוֹיף דֶעם וָואס עֶר הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט צוּ רֵיידִין שְׁרַייבֶּען אַזַא בְּרִיף, אָבְּוָואהל עֶר הָאט פְרִיהֶער פוּן אַלֶע זַייטֶען בַּארֶעכִינְט אוּנ הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דָא אִיז קַיין גֶעפַאהר נִיטָא, דֶען אִין פלטיאל'ס אִיבֶּערְגֶעבֶּענְהַייט הָאט עֶר זִיךְ שׁוֹין אוּנְצֶעהלִיגֶע מָאל אִיבֶּערְצַייגְט, אוּנ עֶר אִיז גִיוֶועזֶען פֶערְזִיכֶערְט אַז דֶער גֶעטְרַייעֶר מֶענְטְשׁ וֶועט נִיט לָאזִין זַיינֶם אַהָאר זָאל גֶעקְרִימְט וֶוערִין, דָאךְ אִיז עֶר גֶעוָוארִין שְׁרֶעקְלִיךְ אוּנְרוּהִיג, אוּנ וֶוען עֶר זָאל קֶענֶען דֶעם בְּרִיף צוּרִיקְחַאפִּין וָואלְט עֶר אַלֶעס וָואס עֶר הָאט צוּלִיבּ דֶעם גֶעאָפְּפֶערְט, עֶר הָאט זִיךְ אָבֶּער אִיבֶּערְצַייגְט אַז עֶס אִיז פֶערְפַאלִין, דֶען פלטיאל אִיז שׁוֹין גִיוֶועזֶען אִין וֶועג.

וָואס מֶעהר בנימין הָאט גֶענוּמֶען בֶּעקְלֶערִין דָאס גֶעפַאהר פוּן דֶעם בְּרִיעף, הָאט עֶר אַלְס מֶעהר שְׁרֶעקְלִיכֶעס גֶעפוּנֶען, עֶר הָאט זִיךְ עֶרְשְׁט אַרוּם גִיזֶעהֶען אַז דֶער קְלֵיינֶער בְּרִיעף קָאן אִיהם מֶעהר אוּנְגְלִיק בְּרֵיינְגֶען אַלְס דִיא גֶעפֶערְלִיכְסְטֶע זַאכִין אִין דֶער וֶועלְט, דַאבַּייא הָאט זִיךְ עֶרְוֶועקְט אִין אִיהם אַחְשַׁד אוֹיף פלטיאל'ן, וָוארוּם הָאט עֶר אִיהם אַזוֹיא פִיל צוּגִירֶעט דַאצוּ, אוּנ פַאר וָואס הָאט מֶען אִיהם נִיט גֶעבֶּעטִין עֶר זָאל אָנְשְׁטָאט אַבְּרִיף בֶּעסֶער אַלֵיין פָארִין נָאךְ ווארשויא, וָואלְט עֶר דָאךְ פִיל בֶּעסֶער גֶעווִירְקְט אַלְס טוֹיזֶענְד בְּרִיף, עֶר הָאט זִיךְ שׁוֹין גִיוֶועזֶען בֶּעשְׁלָאסִין פָארִין נָאךְ ווארשויא אוּם אָבּ צוּ נֶעמֶען בַּייא פלטיאל'ן דֶעם בְּרִיף גְּנְדְלִיךְ הָאט עֶר זִיךְ אָבֶּער בֶּערֶעכִינְט, אַז דָאס אִיז אוּמְזָאנְסְט, דֶען וֶוען

פלטיאל הָאט דַאבּייא וִוירְקְלִיךְ אַשְׁלֶעכְטֶען נֶעדַאנְק וֶועט עֶר אִיהם דֶעם בְּרִיף שׁוֹין נִיט אָבְּגֶעבֶּען.

דָאס רֶעטֶענִישׁ הָאט זִיךְ בַּאלְד עֶרְקְלֶערְט פַאר בנימינ׳ן, דֶען אִין דֶעם זֶעלְבֶּען טָאג וָואס פלטיאל אִיז אַוֶועקְגֶעפָאהְרִין, הָאט דָער אַלְטֶער רבי לוי אִיהם (בנימינ׳ן) אַרַיינְגֶערוּפֶען צוּ זִיךְ אִין קַאבִּינֶעט אוּנ הָאט אִיהם מִיט אַבְּלַאסֶעס גֶעזִיכְט אוּנ מִיט אַפֶּערְצְוֵויפֶּעלְטָע מִינֶע גֶעזָאגְט אַז נָאךְ דֶעם רֶעכֶענוּנְג וָואס פלטיאל הָאט אִיהם פַאר זַיין אַוֶועקְפָאהר אִיבֶּערְגֶעגֶעבִּין פֶּעהלְט אִין דֶער קַאסְסֶע זֶעכְצִיג טוֹיזֶענְד רוּבֶּעל, עֶר הָאט גֶעהֵייסִין בנימינ׳ן עֶר זָאל גֶעשְׁוִוינְד מַאכִין אַבַּאלַאנְס פוּן דֶעם גַאנְצִין גֶעשֶׁעפְט, בנימין הָאט זִיךְ גֶעמוּטְשֶׁעט אַגַאנְצֶע נַאכְט אוּנ הָאט דֶעם פָאטֶער אַשְׁרֶעקְלִיכֶע נַאכְרִיכְט גֶעבְּרַאכְט אַז נִיט זֶעכְצִיג טוֹיזֶענְד רוּבֶּעל פֶּעהלֶען, נָאר בִּיז הוּנְדֶערְט פוּפְצִיג טוֹיזֶענְד.

עֶס אִיז גֶעוָוארִין אַרַעשׁ אַמְהוּמָה, מִיא הָאט גֶעשִׁיקְט יָאגִין דֶעם אָרְדֶענְטְ־לִיכֶען קַאסְסִיר דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט הָאט גֶעקְלוּנְגֶען מִיט דֶעם זָאנְדֶערְבַּארֶען נַייעֶס, אוּנ בַּעֲלֵי חובות הָאבִּין זִיךְ גֶעשָׁאטִין פוּן אַלֶע זַייטֶען צוּא רבי לוין מָאנֶען זַייעֶר גֶעלְד.

אַצוּנְד הָאט עֶרְשְׁט בנימין פֶערְשְׁטַאנֶען דֶעם צִיעל פוּן דֶעם בְּרִיף וָואס פלטיאל הָאט פוּן אִיהם אוֹיסְגֶענַארְט אוּנ עֶר אִיז גֶעוָוארִין אוֹיף דָער הֶעכְסְטָער שְׁטוּפֶע פֶערְצְוֵויפֶעלְט.

---

## ו.

## דִיא שְׁוַאנְגֶערֶע כַּלָה.

אִיהר מוּזְט דָאךְ גֶעוִויס מֵיינֶען לִיעבֶּע לֶעזֶער אַז מאריא בערגטאהל גֶעפִינְט זִיךְ אִין ווארשויא זֶעהֶער אִין אַשְׁלֶעכְטֶע לַאגֶע, זִיא שֶׁעמְט זִיךְ גֶעווִיס קוּמֶען צְווִישֶׁען מֶענְטְשֶׁען אוּנ זִיא עֶרְוַוארְטֶעט מִיט שְׁרֶעק דֶעם מָאמֶענְט פוּן אִיהר עֶנְטְבִּינְדוּנְג, זָאג אִיךְ אַייךְ אַז אִיהר הָאט אַלֶע כִּמְחִילַת כְּבוֹדְכֶם אַטָעוּת, וֶוען אִיהר זָאלְט זִיא זֶעהֶען וָואלְט אִיהר גֶערֶעכִינְט אַז זִיא אִיז דִיא גְלִיקְלִיכְסְטֶע אִין דָער וֶועלְט, זִיא לֶעבְּט אִין ווארשויא וִויא אַפִירְשְׁטִין, בֶּעשְׁטֶענְדִיג הָאט מַאן בַּייא אִיהר גֶעפוּנֶען קָאמְפַּאנִיֶעס פוּן יוּנְגֶע קַאוַואלִירֶען וֶועלְכֶע הָאבִּין זִיךְ צוּ אִיהר גֶעשַׁדְכֶענְט אוּנ גֶעמַאכְט הֵייסֶע קָאמְפְּלִימֶענְטִין, זִיא הָאט אַזוֹיא שֵׂכֶל גֶעהַאט צוּ בֶּעהַאלְטֶען אִיהר שַׁאנְדֶע, זָא דָאס קֵיינֶער הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז זִיא אִיז שְׁוַאנְגֶער, זִיא הָאט גֶעשְׁפִּיעלְט אַרָאלְיֶע פוּן אֵיינֶע יֶעווְרָאפֵּייאִישֶׁע גְרָאסְ־אַרְטִיגֶע מָאדְמַאזֶעל, פַאר אַלֶע אִיהרֶע נַייֶע בֶּעקַאנְטֶע הָאט זִיא זִיךְ פָאר־גֶעשְׁטֶעלְט אַלְס פְרַיילִין בערגטהאל, דִיא טָאכְטֶער פוּן אַגְרוֹיסִין גְבִיר סאמואיל בערגטהאל, אוּנ הָאט עֶרְצֶעהלְט אַז זִיא אִיז אַהֶער גֶעקוּמֶען צוּלִיעבּ דֶער מוּטֶער וֶועלְכֶע בַּאדַארְף זִיךְ קוּרִירֶען בַּייא דִיא ווארשעווער פְּרָאפֶעסָארִין, גֶעווֶעהנְלִיךְ

הָאט דִיא מוּטֶער אִיהרֶע נָוערְטֶער בֶּעשְׁטֶעטִיגְט, אוּנ אִיהר אִיז אוֹיךְ זֶועהֶער אָנְגֶענֶעהם גִיוֶוען צוּ בֶּעטְרַאכְט וֶוערִין אַלְס אַגְרָאסֶע רַייכֶע מַאדַאם, אוּנ דוּרְךְ אַזֶועלְכֶע לִיגֶענְס הָאבֶּען זַייא צוּ זִיךְ צוּגֶעשְׁלֶעפְּט אַסַךְ רַייכֶע אוּנ עֶדְלֶע יוּנְגֶע לַייט פוּן דֶער ווארשויער אַרִיסְטָאקְרַאטִי, אוּנ אֵיינֶער אַגְבִיר אַזאהן הֶערְמַאן גוּסְט הָאט זִיךְ אִין אִיהר פֶערְלִיעבְּט אִיבֶּער דִיא אָהרֶען.

הערטאנס פָּאטֶער גַבְרִיאֵל, וַואר אַמָאהל אַשְׁנַיידֶער אִין אַקְלֵיין פָּאלְנִישׁ שְׁטֶעטִיל עָר אִיז מִיט צְוַואנְצִיג יָאהר צוּרִיק פוּן זַיין שְׁטָאט אַנְטְלָאפִין פַאר דֶעם פְּרִיץ פוּן דֶעם שְׁטֶעטִיל וֶועלְכֶער הָאט גֶעוֶוארִין אַז עֶר מוּז אִיהם שִׁיסֶען דֶער פַאר וָואס עֶר הָאט זַיין וַוייבְּס אַטְהַייעֶר סַאמֶעטְקְלֵייד נִיט גוּט אוֹיפְגֶענֵייט, דֶער אוּנְגְלִיקְלִיכֶער גבריאל הָאט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט זַיין פְרוֹיא מִיט זַיינֶע קִינְדֶער וִויא אוֹיפֶען וַואסֶער אוּנ אִיז אַנְטְלָאפִין נָאךְ ווארשויא, דָא הָאט עֶר גִיךְ גֶעקְרִיגֶען אַרְבֵּייט, אוּנ אִין אַקוּרְצֶער צַייט הָאט עֶר שׁוֹין גֶעקֶענְט זַיין פַאמִילְיֶע אוֹיךְ צוּ זִיךְ נֶעמֶען, דוּרְךְ אַצוּפַאל אִיז עֶר גֶעוָוארִין שְׁנַיידֶער אִין אַדָאמִינִיקַאנִישֶׁען קְלָאסְטֶער, אוּנ הָאט זִיךְ גֶעקוֹיפְט דִיא לִיעבֶּע פוּן אַלֶע קְסָאנְדְזִין, דֶען צוּזַאמֶען מִיט דֶער אַרְבֵּייט וָואס עֶר פְלֶעגְט זַייא בְּרֵיינְגֶען הָאט עֶר אוֹיךְ בֶּעשְׁטֶענְדִיג גֶעבְּרַאכְט דִיא בֶּעסְטֶע וַויינֶען, פַאר וֶועלְכֶע דִיא הֵיילִיגֶע קְסָאנְדְזִין פְלֶעגִין זֶועהֶער גוּט בֶּעצָאהלֶען, אוּנ דוּרְךְ דֶער פְּרָאפֶּעסְיָאן אִיז עֶר אִין אַקוּרְצֶער צַייט זֶועהֶער רַייךְ גֶעוָוארִין, מִיא הָאט עֶנְדְלִיךְ עֶרְפַאהרֶען פוּן זַיין מִסְחָר אוּנ מִיא הָאט אִיהם פוּנֶעם קְלָאסְטֶער פֶערְיָאגְט, אָבֶּער עֶר הָאט זִיךְ שׁוֹין גִיט גֶענָאטְהִיגְט אִין דִיא פֶערְדִינְסְטִין, אִין דֶעם זֶעלְבֶּען יָאהר הָאט עֶר גֶעקוֹיפְט זֵייעֶר אַשֵׁיין הוֹיז אוּנ הָאט גִיעֶפִינְט אַמַאגַאזִין פוּן פַארְטִיגֶע קְלֵיידֶער, דָאס גְלִיק הָאט אִיהם זֵייעֶר אָרְדֶענְטְלִיךְ גֶעדִינְט אוּנ עָר אִיז פוּן יָאהר צוּ יָאהר אַלְס רַייכֶער גֶעוָוארִין אוּנ הָאט גֶעהַאט אִיבֶּערַאל קְרֶעדִיט, עֶר הָאט שׁוֹין גֶעלֶעבְּט וִויא אַגְבִיר אוּנ הָאט זַיינֶע קִינְדֶער אוֹיךְ זֵייעֶר שֵׁיין עֶרְצָאגֶען, זַיינֶע צְוֵוייא טֶעכְטֶער הָאבִּין גֶעהֵיירַאטֶ-הֶעט מִיט רַייכֶע עֶדְלֶע מֶענֶער, אוּנ זַיין יוּנְגְסְטֶער זָאהן הערטאן הָאט גִיעֶנְדִיגְט דִיא קָאמֶערְצְיֶענְשׁוּלֶע אוּנ הָאט גֶעאַרְבֵּייט מִיט דֶעם פָאטֶער אִין גֶעשֶׁעפְט עָר (הערמאן) וַואר זֵייעֶר אַשֵׁיינֶער אוּנ אַטִיכְטִיגֶער יוּנְגֶערְמַאן, עָר אִיז גִיוֶוען אַגְרוֹיסֶער וִויטְצְלִינְג מִיט אַפְרֵיילִיכֶען כַּארַאקְטֶער, עָר הָאט גֶעמָאגְט קוּמֶען אִין דֶער טְרוֹיעֶרִיגְסְטֶער גֶעזֶעלְשַׁאפְט הָאט עֶר בַּאלְד אַלֶעמֶען עֶרְמִינְטֶערְט אוּנ פְרֵיילִיךְ גֶעמַאכְט, עָר פְלֶעגְט בֶּעשְׁטֶענְדִיג לַאכִין פוּן דִיא נַארֶעשֶׁע יוּנְגֶע לַייט וָואס פֶערְ-לִיבֶּען זִיךְ, זַיין מֵיינוּנְג אִיז גִיוֶוען אַז דִיא לִיעבֶּע אִיז נוּר אַפּוּסְטֶע פַאנְטַאזְיֶע, אוּנ אַמֶענְטְשׁ מִיט אַנְלַייכֶען פֶערְשְׁטַאנְד קָאן זִיךְ גָאר נִימַאלְס לִיעבֶּען, עֶנְדְלִיךְ הָאט אִיהם דִיא לִיעבֶּע גֶעוִויזֶען אַז זִיא וִויל נִיט לַיידִין מִיא זָאל פוּן אִיהר לַאכִין, אוּנ הָאט אִיהם דִיא אוֹיגֶען אַזוֹיא פֶערְבְּלֶענְדֶעט זָא דָאס עֶר הָאט בֶּעטְרַאכְט דֶער קָאקֶעטְקֶע מאריאן אַלְס דִיא שֶׁענְסְטֶע אוּנ בֶּעסְטֶע אָרְדֶענְטְלִיכְסְטֶע פְרוֹיא אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל, אוּנ הָאט בַּייא זִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען דֶעם שַׁאטְץ צוּ גֶעוִוינֶען וֶוען עֶס זָאל אִיהם אֲפִילוּ זַיין לֶעבֶּען קָאסְטִין.

מאריא מִיט דֶער מוּטֶער הָאבֶּען פֶערְשְׁטַאנֶען וָואס דֶער יוּנְגֶער מַאן
דֶענְקְט , אוּנ הָאבֶּען זִיךְ גֶעמִיהָעט מִיט אַלֶע קְרֶעפְטֶען זַיין לִיעבֶּע נָאךְ שְׁטַארְקֶער
צוּ פְלַאמֶען , דָאס רַבִּי גֶעלְד וָואס זַייא הָאבֶּען שׁוֹין אַיינְמָאהל בֶּעצָאהלְט פַאר
זַייעֶר אוּנְפָארְזִיכְטִיגְקַייט , הָאט זַייא יֶעצְט גֶעמַאכְט פַאר פְּרַאקְטִישֶׁע מֶענְטְשֶׁין ,
מאריא הָאט אִין הערמאנס גֶעגֶענְוָוארְט גֶעשְׁפִּיעלְט דִיא רָאלְיֶע פוּן אֵיינֶע אוּנ-
שׁוּלְדִיגֶעס קִיישֶׁעס מֶעדְכֶען , אַלְס עֶר הָאט אַיין מָאהל זִיךְ גֶעוַואגְט אִיהר הַאנְד
אַקוּשׁ צוּ טָאהן הָאט זִיךְ מאריא גֶעפוּנֶען הֶעכְסְט בַּאלֵיידִיגְט אוּנ הָאט צָארְטְ
גֶעזָאגְט : אַז אַזֶעלְכֶע זַאכִין ווִיל זִיא נִיט לַיידֶען , פִיעל גֶעזוּנְד הָאט הערמאנען
גֶעקָאסְט , בִּיז עֶר הָאט זִיא אִיבֶּער גֶעבֶּעטִין , אוּנ אַז עֶר אִיז בֶּעגְלִיקְט גֶעוָוארִין
מִיט אִיהר פֶערְצַייהוּנְג הָאט עֶר אִיהר גֶעמַאכְט אַפְּרֶיזֶענְט פַאר וֶועלְכִין עֶר
הָאט אָפְּגֶעצָאהלְט זֶעכְס הוּנְדֶערְט רוּבֶּעל , נָאר מאריא הָאט דָאס נִיט אַזוֹיא גִיךְ
צוּגֶענוּמֶען , זִיא הָאט גֶעזָאגְט אַז אִיהר שְׁטֶעהט נִיט אָן צוּ נֶעמֶען אַפְּרֵיזֶענְט
בַּייא אַפְּרֶעמְדֶען יוּנְגֶען מַאן , אוּנ אַלְס זִיא הָאט אִיהם שׁוֹין יַא צוּגֶענוּמֶען אִיז
הערמאן גִיוֶוען דֶער גְלִיקְלִיכְסְטֶער אִין דֶער וֶועלְט .
אִין דֶעם דְרִיטֶען מָאנְהַייט נָאךְ זַיין בֶּעקַאנְטְשַׁאפְט מִיט מאריאן (זִיא
וַואר שׁוֹין דַאמָאלְס אִין נַיינְטֶען מָאנְהַייט) הָאט זִיךְ הערמאן גֶעוַואגְט אִיהר הַאנְד
צוּ בֶּעטִין , אוּנ עֶר וַואר ווִיא בֶּערוֹישְׁט פַאר פְרֵייד אַלְס מאריא הָאט זִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען
צוּ זַיין זַיינֶע פְרוֹיא , נָאר מִיט דֶעם בֶּעדִינְג זִיא זָאל פְרִיהֶער גֶעמֶען אַנְ'עֶרְלוֹיבְּנִיס
בַּייא אִיהר פָאטֶער , זִיא הָאט אִיהם פֶערְזִיכֶערְט אַז וֶוען זִיא וֶועט אַלֵיין
פָאהרֶען צוּם פָאטֶער אוּנ וֶועט אִיהם בֶּעטִין עֶר זָאל זַיין זֶעגֶען צוּ דֶער פַּארְטַייא
גֶעבֶּען , וֶועט עֶר אִיהר גֶעווִיס נִיט עֶנְטְזַאגֶען , ווִיא שְׁוֶוער הערמאנען אִיז
גִיוֶוען זִיךְ צוּ שֵׁיידִין מִיט אִיהר חָאטְשׁ אוֹיף צַקוּרְצֶער צַייט , דָאךְ הָאט עֶר
זִיךְ גֶעמוּזְט מִיט מוּטְה פַאסְסֶען אוּנ גֶעדוּלְדִיג עֶרְוַוארְטֶען אִיהר צוּרִיק קָאמְמֶען .

זִיא הָאט זִיךְ מִיט אִיהם גִיזֶעגִינְט אוּנ אִיז אַוֶועק גֶעפָאהרֶען נָאר נִיט
צוּ אִיהר פָאטֶער , זָאנְדֶערְן אִין אַנְ'אַנְדֶער הָאטֶעל , דָארְט אִיז זִיא גֶעזֶעסֶען
פֶערְשְׁפַּארְט אִין אַצִימֶער אוּנ הָאט עֶרְוַוארְטֶעט דֶעם מָאמֶענְט פוּן אִיהר עֶנְט-
בִּינְדוּנְג , דִיא מוּטֶער פְלֶעגְט נָאר אָבֶּענְדְסַצַייט צוּ אִיהר קוּמֶען אוּנ פְלֶעגְט בַּייא
אִיהר נֶעכְטִיגֶען אוּנ אִין דֶער פְרִיה זִיךְ צוּרִיק אוּמְקֶערִין אִין אִיהר הָאטֶעל .

אִין יֶענֶער צַייט אִיז גֶעקוּמֶען פלטיאל צוּ חייקען אוּנ הָאט אִיהר עֶרְצֶעהלְט
אַז עֶר אִיז נוּר גֶעקוּמֶען צוּ לִיבּ דֶעם עֶר זָאל הֶעלְפִין דֶער טָאכְטֶערְס שַׁאנְדֶע צוּ
פֶערְדֶעקֶען , חייקע הָאט זִיךְ מִיט אִיהם זַייעֶר גֶעפְרֵייט , דֶען גְרַאדֶע אַצוּנְד הָאט
זִיא בַּאדַארְפְט הָאבִּין אַנְ'אַיינֶענֶעם גֶעטְרַייעֶן מֶענְטְשֶׁען , זִיא הָאט אִיהם זַייעֶר
בַּאדַאנְקְט אוּנ עֶרְצֶעהלְט וואו אִיהר טָאכְטֶער גֶעפִינְט זִיךְ , פלטיאל הָאט
זִיךְ גֶענוּמֶען אַנוּמֶער אִין דֶעם זֶעלְבֶּען הָאטֶעל וואו מאריא הָאט קְוַוארְטִירְט ,
אוּנ הָאט גֶעבֶּעטִין חייקען זִיא זָאל קֵיינֶעם נִיט זָאגִין אַז עֶר אִיז דָא .
עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דִיא צַייט , וֶוען מאריא הָאט בַּאדַארְפְט בֶּעפְרַייעֶט וֶוערִין

פון איהר לאמט, דאן האט פלטיאל אליין געבראכט אהייבאם, אונ האט ניט אבגעטראטין פון דעם האטעל ביז דיא הייבאם האט איהם אנגעזאגט אז מאריא האט געבארען אטאכטער ער האט זיא זייער ארדענטליך בעפריעדיגט, אונ האט זיא ענטלאסען, דאן איז ער אריינגעקומען צו מאריאן אין צימער אונ האט געהייסין חייקען וועלכע וואר לעבען דער טאכטער זיא זאל דאס קינד שיין וויקלען, נאכהער האט ער דאס אריינגעלייגט אין אקליין קאלדרעטשקע אונ איז געשווינד דאמיט אוועק געגאנגען, עס וואר אפינסטערע נאכט, אונ דאס האט ער באדארפט האבין, ער האט דעם קינד אין דיא וויקעלאך אריינגעלייגט אקליין בריף וועלכען ער האט אנגעשריבען בייא זיך אין צימער אין דעם בריף האט ער געשריבען דיא ווערטער.

„אנ׳אונגליקליכע ארדענטליכע מוטער וועלכע מוז אליין ארבייטען פאר
„איהר קראנקען מאן מיט איהרע זעכס קינדער איז גענעטהיגט איהר נייא-
„געבארענעם קינד איבער געבין פריהער אויף גאטס דער נאך אויף אייער
„השגחה, אונ זיא האפט אז איהר עדלער הער וועט דעם אונגליקליכען קינד
„אויב ניט אפאטער וועניגסטענס ארעטער זיין, איהר וועט געוויס ניט ערלויבען
„איודיש כשר קינד זאל אריינפאלין ווער ווייסט אין וועלכע הענד, אויב איהר
„וועט מיר נאך וועלין דיא געפעליגקייט טאהן זאלט איר פון איהר אויך ניט
„רויבען דעם נאמען וואס איך האב איהר געגעבין מרים חנה — איינע אונ-
גליקליכע מוטער".

ער האט דאס קינד אוועקגעלייגט אויף דיא טרעפ פון אדריישטאקיגעס הויז, אונ האט אנגעהויבין שטארק צו קלינגען מיט דעם שנור פון דעם סאלאן גלעקיל, אונ אלס ער האט גיהערט וויא מיא גייט עפענען, האט ער זיך פערשטעקט אונטער דיא טרעפ פון דעם צווייטען הויז צוא זעהען וואס דא וועט זיין.

ער האט באלד גיזעהען וויא דיא טיהר האט זיך גיעפינט אונ אבעדינטער איז ארויסגעגאנגען אונ איז ערשראקען אהינטער אפגעשפרונגען אלס ער האט ערהערט לעבען זיך אשטימע פון איאממערענדעס קינד, ער איז צוריק אנטלאפין געווארין, אונ פלטיאל האט גיזעהען וויא באלד זיינען אייניגע מענטשען מיט לאנטערנען ארויס געגאנגען אונ האבען דאס קינד אין שטוב אריינגענומען, דיא טיהר האט זיך באלד הינטער זייא פערשלאסען.

נוא אצונד וועט דוכט זיך מיין פלאן פון אלע זייטען געלינגען — האט פלטיאל צופרידען געזאגט, אונ איז צוריק צו דער קימפעטארין געגאנגען, ער האט ערצעהלט איהר מיט דער מוטער אז ער האט דעם קינד אין פינדעלהויז אריינגעווארפין אונ עס איז אלעס זייער גוט אבגעגאנגען.

חייקע מיט מאריאן האבין גאר קיין ווערטער ניט גיהאט וויא אזויא צו דאנקען דעם טייערין מענטשען וועלכער האט זייא אזויא פיל ארבייט פערשפארט, נאר פלטיאל האט גאר זייער דאנק ניט געוואלט הערין, ער האט געזאגט אז

ער מוז נאָך דיא נאַכט אַוועק פאָהרין אונ איז מאָקע באַלד פון ווארשויא אַוועק געפאָהרין.

פון וועג האט ער געשריבען בנימינ'ן דעם בריף.

ליעבער בנימין!

איך גיב דיר אפּ מזט, דיין ווייב מאריא זאָל לעבען האט געבאָרען זייער אַשיינע טאָכטער איך האב איהר אין גוטע הענד אָפּגעגעבין, אונ איך פערזיכערע דיר אַז דוא וועסט אַמאָהל פון איהר גרוים נחת האָבין, איך גלויב אַז דוא וועסט מיר דאַפיר דאַנקבאַר זיין, אונ וועסט ניט זיין אַזא נאַר וויא דיין טאַטע וועלכער וויל מיך געוויס פערפאָלגען .... דוא וועסט איהם געוויס דאפון אָפּהאַלטען, ווייל דוא וועסט געוויס אויך ניט וועלין איך זאָל דיך שלעכט בעהאַנדלען ....

דיין בעסטער פריינד פלטיאל אקס.



ז.

## גאָטטס וואונדער.

הערמאן האט שטאַרק געביינקט נאָך זיין ליעבער אָרדענטליכער כלה, ער האט זיא יעדען טאָג ערוואַרטעט, אונ ער האט גאָר ניט געגלייבט זייט זיא איז אַוועק געפאָהרען, ער האט ערהאַלטען דרייא מאָהל אין דער וואָך בריף פון איהר דורך חייקען, בריף פאָל הייסע ליעבע, אין דיא בריף האָט זיא איהם געמעלדעט אַז דער פאָטער איז מסכים צו דעם שידוך, אונ ער וועט צוזאַמען מיט איהר אַרוים פאָהרין דיא טעג נאָך ווארשויא, ער האט אויך איהר אַלע טאַגע אַנ'אַנדער בריף געשריבען, יעדער בריף וואר לאַנג וויא יודישער גלות, דאָרט האָבין זיך געפונען אַלע ליבענס ווירדיגע ווערטער וואָס אַליבהאָבער איז פעהיג צו שרייבען זיין געליבטער, ענדליך האט ער ערהאַלטען אַבריף אַז זיא פאָהרט שוין, ער איז גאָר ניי בעלעבט געוואָרין, אונ האט שוין געציילט דיא רעגעם מיט דיא מינוטען ער זאָל זיא זוכה זיין צוא זעהען.

אין אַשיינעם פריהמאָרגען איז צוגעפאָרין צום דעם האָטעל וואו חייקע האט געוואוהנט אַנ'עקיפּאַזש געשפּאַנט צו דרייא פערד, פון איהם איז אַרויס־געגאַנגען סאמואיל בערגטהאל מיט זיין טאָכטער מאריען.

אונזערע לעזער פערשטעהען געוויס, אַז חייקע מיט מאריאן האָבען געשריבען סאמואיל'ן אַלעס וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, אונ האָבען איהם געבעטין ער זאָל באַלד קומען, אונ זאָל אַריינפאָהרען אין דעם האָטעל סטראסבורג דאָרט וואו מאריא האט קוואַרטירט, ער איז גלייך געקומען, אונ נאָכדעם אַז מאריא האט איהם ערצעהלט אַלעס וואָס דאָ גייט פאָר אונ האט

אִיהם גִילֶעריִנְט וִויא זִיךְ אוֹיף צוּ פִיהרֶען , הָאבֶּען זֵייא זִיךְ אַרֵיינְגֶעזֶעצְט אִין אַנְ׳עֶקִיפַּאזְשׁ אוּנ זַיינֶען צוּא גֶעפָאריִן צוּא דֶעם הָאטֶעל לאנדאן וואוּ חייקע הָאט גֶעוואהנְט .

הערמאן הָאט זִיא שׁוֹין עֶרְוַוארְטֶעט , מִיט אָפְּפֶענֶע הֶענְד אִיז עֶר אִיהר עֶנְטְגֶעגֶענְגֶעלָאפִין אוּנ הָאט פַאר פְרֵיידֶע נִיט גֶעוואוּסְט וָואס צוּ טָאהן , עֶר הָאט זִיךְ זֵייעֶר גֶעוואוּנְדֶערְט וָואס זִיא זָעהט אוֹיס בְּלַאס אוּנ קְרֶענְקְלִיךְ וִויא זִיא זָאל עֶרְשְׁט פוּן אַשְׁוֶוערֶע קְרֵיינְק אוֹיפְשְׁטֵיין , אוּנ אַלְס עֶר הָאט זִיא דִיא אוּרְזַאכֶע פוּן אִיהר שְׁלֶעכְטֶעס אוֹיסְזֶעהֶען גֶעפְרֶעגְט , הָאט זִיא גֶעזָאגְט אַז דֶער וֶועג הָאט אִיהר גֶעשַׁאדְט ..

נִיט אוּמְזָאנְסְט בִּין אִיךְ דָא גִיוֶועז אוֹיס מֶענְטְשׁ — הָאט הערמאן גֶעזָאגְט זֵייפְצֶענְד — אַזוֹיא וִויא דָאס הַארְץ הָאט מִיר גֶעזָאגְט אַז דוּא בִּיזְט נִיט גֶעזוּנְד .

נוּא פוּן הַיינְט אָן אוּנ וַוייטֶער וֶועט זִיא שׁוֹין זַיין גֶעזוּנְד — הָאט סאמואיל לַאכֶענְד גֶעזָאגְט — אִיךְ מוּז אִיהר זָאגִין אִין דִיא אוֹיגֶען אַז דֶער וֶועג הָאט אִיהר אַזוֹיא פִיל נִיט גֶעשַׁאדְט וִויא דָאס וָואס זִיא הָאט נָאךְ אַייךְ גֶעבֵּיינְקְט לִיעבֶּער הערמאן , זֶעהְסְטוּ מַיין טָאכְטֶער וָואס פַאר אַשְׁלֶעכְטֶער פָאטֶער אִיךְ בִּין אַז אִיךְ מַאךְ דִיךְ פַאר אַלִיינְגֶעריִן דַיין חָתָן אִין דִיא אוֹיגֶען .

דִיא וֶוערְטֶער הָאבִּין הערמאנען גֶעשְׁמֶעקְט זִיסֶער פוּן דִיא זִיסְטֶע זַאכִין אִין דֶער וֶועלְט , עֶר הָאט הֶערְצְלִיךְ גֶעקוּשְׁט זַיין לִיעבֶּער כַּלָה אוּנ הָאט גֶעזָאגְט : אוֹיבּ אִיךְ בִּין גִיוֶועזְן דִיא אוּרְזַאכֶע פוּן דַיין אוּנְגֶעזוּנְדְהַייט , מוּז אִיךְ מִיךְ בֶּעמִיהֶען דִיךְ גֶעזוּנְד צוּ מַאכִין .

עֶר הָאט גֶעהַאלְטֶען וָוארְט , עֶר הָאט פוּן מאריאן נִיט אָבְּגֶעטְרָאטִין , עֶר הָאט אַלְס גֶעזוּכְט מִיטְטֶעלֶען וִויא אִיהר פֶעלִיג גֶעזוּנְד צוּ מַאכִין , אוּנ הָאט יֶעדֶען טָאג עֶרְפוּנְדֶען נַייעֶ עֶרְפִינְדוּנְגֶען אִיהר פֶערְגֶענִיגֶען צוּ פֶערְשַׁאפֶען .

סאמואיל מִיט חייקען הָאבִּין גֶעצֵיילְט דִיא מִינוּטֶען עֶס זָאל שׁוֹין זַיין נָאךְ דֶער חֲתוּנָה , זֵייא הָאט זִיךְ אַזַא גְלִיק גָאר נִיט גֶעחָלוֹמְט , זֵייא הָאבִּין שׁוֹין פֶערְגֶעסִין בנימינ׳ן מִיט אַלֶע צָרוֹת וָואס זֵייא הָאבִּין גֶעהַאט , בְּעזָאנְדֶערְס יֶעצְט אַלְס סאמואיל הָאט עֶרְצֶעהְלְט וִויא אַזוֹיא דֶער גְבִיר רבי לוי פריעדפיש אִיז שׁוֹין קֵיין גְבִיר נִיט דֶען פלטיאל אקס הָאט אִיהם בְּדַלוּת גֶעשְׁטֶעלְט , אוּנ בנימין אִיז שׁוֹין אַנְ׳אַיינְגַעפַאלֶענֶער יוּנְגֶער מַאן וִויא אַלֶע יוּנְגֶע לַייט , אַצוּנְד הָאבִּין זֵייא דוּרְךְ דֶעם נַייעֶם שִׁידוּךְ גֶעוואָלְט רַאכֶע נֶעמֶען פוּן בנימינ׳ן דַאמִיט וָואס זֵייא וָועלִין אִיהם וַוייזִין אַז וֶועהְרֶענְד עֶר — וָועלְכֶער הָאט בְּרַאקִירְט מִיט זֵייעֶר טָאכְטֶער צוּלִיבּ דֶעם וָואס זִיא אִיז אַנְ׳אָרֶעם מֵיידִיל — אִיז יֶעצְט אַנְ׳אָרֶעם בָּחוּר אוּנ זֵייעֶר אָרֶעם מֵיידִיל אִיז אַגְבִירָה גֶעוואָרִין .

חייקע הָאט עֶרְצֶעהְלְט אִיהר מַאן אַלֶעס וִויא אַזוֹיא פלטיאל הָאט אִיהר מִיט דֶער טָאכְטֶער גֶעדִינְט , אוּנ הָאט זִיךְ גָאר נִיט גֶעקֶענְט אָפְּלֵייבִין פוּן דֶעם גוּטֶען בְּרַאפֶּען מַאן .

דוּא וַוייסְט חייקע אַז מִיר גִיפֶעלְט דָאס נִיט , וָואס פלטיאל וַויים פוּן

אוּנְזֶער גֶעהַיימְנִיס אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס דָאס וָואס עֶר הָאט אוּנְז דָא אַזוֹיא גֶעדִינְט — הָאט סאמואיל גֶעזָאגְט אַלְס עֶר הָאט זַיין פְּרוֹיא׳ס עֶרְצֵיילוּנְג אוֹיס גִיהֶערְט — דֶען עֶר הָאט דֶער בַּייא גֶעווִיס גִימוּזְט הָאבִּין אַשְׁלֶעכְטִין צִיל. וָואס צוּם בַּייא שְׁפִּיל פַאר אַצִיל קָאן עֶר דָא הָאבִּין.

זַיין גִידַאנְק פֶערְשְׁטֵייא אִיךְ נִיט, נָאר קָאם הָאט עֶר גִיקָאנְט אַזוֹ טִירַאנִישׁ בֶּעהַאנְדְלֶען לוי פריעדפּיש וֶועלְכֶער הָאט אִים פוּן דֶער בְּלָאטֶע אַרוֹיס גִיהוֹיבִּין אוּנ הָאט אִים גִימַאכְט פַאר אַלַייט, מוּזִין מִיר גְלוֹיבִּין אַז אַזוֹ אַפַארְדָארְבֶּענֶער מֶענְטְשׁ טוּט קַיין זַאךְ נִיט אָן אַשְׁלֶעכְטִין גִידַאנְק, דֶען לָאמִיר זִיךְ נִיט נַארִין וָואס הָאט אִים אַזוֹ אִינְטֶערֶעסִירְט אוּנְזֶער עַגְמַת נֶפֶשׁ וָואס עֶר הָאט אַזוֹ דָאס לֶעבִּין גִילֵייגְט פַאר אוּנְז, אוּנ נָאךְ וֶוען? אִין אַזַא צַייט וֶוען עֶר הָאט זִיךְ בַּאדַארְפְט בֶּעהַאלְטִין וִויא אַגַנֶב וָואס הָאט בְּדַלוּת גֶעשְׁטֶעלְט אַרַייכִין מֶענְטְשִׁין.

וֵויים אִיךְ? עֶס קָאן זֵייעֶר זַיין אַז עֶר הָאט דָא אַשְׁלֶעכְטִין גֶעדַאנְק גֶעהַאט, הַיינְט גִיפֶעלְט מִיר דָאס נִיט — הָאט סאמואיל וַוייטֶער גֶעזָאגְט — וָואס עֶר הָאט בַּייא זִיךְ אִין דִיא הֶענְד דֶעם בְּרִיף וֶועלְכִין אִיךְ הָאבּ אוֹיס גֶענַארְט בַּייא בנימינ׳ן צוּא מארין. דֶען אִין דֶעם בְּרִיף שְׁרַייבְּט צוּא אִיר בנימין וִויא אַמַאן צוּא אַוַוייבּ אוּנ דֶערְמָאנְט אוֹיךְ דֶעם קִינְד וֶועלְכִין זִיא הָאט בַּאדַארְפְט אוֹיף דֶער וֶועלְט בְּרֵיינְגֶען, דוּא וַוייסְט חייקע וָואס אַזַא בְּרִיף קָאן אַמָאל מַאכִין, עֶר קָאן אוּנְזֶער טָאכְטֶער אִין גְרֶעסְטִין אוּנְגְלִיק וַוארְפִין, דֶען עֶר קָאן דִינֶען אַלְס אַנְ׳עֵדוּת אַז אוּנְזֶער טָאכְטֶער הָאט אַמַאן בנימין פריעדפּיש אוּנ חָלִילָה וְחַס וֶוען הערמאן וֶועט נָאךְ דֶער חֲתוּנָה דֶעם בְּרִיף לֶעזֶען, וִויא מֵיינְסְטוּ פָארְט, וָואס דֶער פוּן קָאן וֶוערִין...

דוּא וַוארְפְסט אוֹיף מִיר אַבֵּייזֶע מוֹרָא — הָאט חייקע עֶרְשְׁרָאקִין גֶעזָאגְט — נוּא אוּנ עֶס אִיז גָאר קַיין עֵצָה נִיטָא וִויא אַזוֹיא דֶעם בְּרִיף אַרוֹיס צוּא קְרִיגִין פוּן זַיינֶע שְׁלֶעכְטֶע הֶענְד?

וָואס פַאר אַנְ׳עֵצָה קָאן דָא זַיין? דוּא וַוייסְט דֶען וואוּ עֶר אִיז, עֶר הָאט גֶעמוּזְט אַנְטְלוֹיפִין אִין אַלְדֶע שְׁוַוארְצֶע יָאהְרִין, וַוייל עֶר וֵויים דָאךְ אַז לוי וֶועט נִיט שְׁוַוייגִין אוּנ וֶועט אִים זוּכִין, וְאוּנ וֶוען דוּא וֶועסְט אִים יָא גֶעפִינֶען, וֶועט עֶר דִיר דֶען דֶעם בְּרִיף אָפְּגֶעבִּין? בַּייא אַזַא אוּנְמֶענְטְשִׁין אִיז אַזַא זַאךְ אַנַאנְצָער אוֹצָר.

אִיךְ רֶעכִין אָבֶּער אַז בנימין וֶועט דָא לֵייגִין דִיא כּוֹחוֹת אַרוֹיס צוּא קְרִיגִין דֶעם בְּרִיף פוּן זַיינֶע הֶענְד.

וֶועגִין בנימינ׳ן רֵייד גָאר נִיט — הָאט סאמואיל גִיעֶנְטְפֶערְט — עֶר אִיז שׁוֹין גָאר קַיין מֶענְטְשׁ נִיט, אִיךְ הָאבּ אִים פַאר מַיין אַוֶועק פָאר בַּאגֶעגִינְט, הָאבּ אִיךְ אִים גָאר נִיט עֶרְקֶענְט, עֶר אִיז גֶעוָוארִין אַהַאלְבֶּער מֶענְטְשׁ, עֶפֶּעס אַקְלֵיינִיקַייט אַזַא קְלָאפּ אִין קָאפּ, אַשֵׁיינֶער סַךְ הַכֹּל אִיז גֶעוָוארִין פוּן דֶעם גְרוֹיסִין גְבִיר רבי לוי פריעדפּיש, דוּא הָאסְט בַּאדַארְפְט זֶעהֶען וִויא הוּנְדֶערְטֶער בַּעֲלֵי חוֹבוֹת הָאבִּין זַיין הוֹיז אוּמְגֶערִינְגֶעלְט אוּנ הָאבִּין גֶעשְׁרִיעֶן מִיא זָאל זַייא

זַייעֶר גֶעלְד אָפְּגֶעבִּין, אוּנ דֶער אַלְטֶער הָאט גֶעמוּזְט עֶנְטְפֶערִין, ־קֵיין מְזוּמָן גֶעלְד הָאט עֶר נִיט גֶעהַאט, הָאט עֶר גֶעמוּזְט פַארְקוֹיפִין פַאר הַאלְבּ גֶעלְד דִיא סְחוֹרָה וָואס עֶר הָאט, אוּנ נָאךְ דַאצוּא אַסַךְ זִילְבֶּער אוּנ צִירוּנְג, אוּנ הָאט אַלֶעמָען גֶעפַּאטֶערְט, קָאנְסְט שׁוֹין פַארְשְׁטֵיין אִין וָואס פַאר אַלַאנְגֶע עֶר מִיט בנימינ׳ן זַיינָען גֶעבְּלִיבִּין, נוּא וָועט שׁוֹין בנימין הָאבִּין אִין זִינֶען וֶוענִין דֶעם בְּרִיף וָואס עֶר הָאט אִיהְם עֶס הַייסְט פלטיאל׳ן גֶעגֶעבִּין, אִיךְ זָאג דִיר אַז עֶס אִיז זַייעֶר אַבִּיטָערֶער גֶעשֶׁעפְט, נָאט וַויים מִיט וָואס דָא וָועט זִיךְ נָאךְ עֶנְדִינֶען.

מֵיילָא וָואס קוּמְט אַרוֹיס פוּן דֶעם קְלֶערִין אוּנ פוּן דִיא דַאֲגוֹת — הָאט חייקע גֶעזָאגְט — לָאמִיר זִיךְ פֶערְלָאזִין אוֹיף גָאט, וָואס עֶר וָועט שׁוֹין מַאכִין וָועט שׁוֹין זַיין, דֶערְוַוייל מוּזֶען מִיר אוּנְזֶערֶם טָאן, מִיר מוּזִין זֶעהֶען דִיא חֲתוּנָה זָאל זַיין וָואס צוּם גִיכְסְטֶען, נָאךְ דֶער חֲתוּנָה וֶועט מֶען זִיךְ וִויא עֶס אִיז קָאנֶען אוֹיס דְרֵייעֶן וָוען עֶס וֶועט זִיךְ מַאכִין עֶפֶּעס אַנְ׳אוּנְגְלִיק, אָבֶּער וָוען חָלִילָה דָאס אוּנגְלִיק וָועט זִיךְ מַאכִין פַאר דֶער חֲתוּנָה, וָועט זַיין אוּנְזֶער גַאנְצֶע הָאפְנוּנְג פֶערְפַאלִין.

זָא דָאס הָאבּ אִיךְ שׁוֹין אַלֵיין אוֹיךְ גֶעקְלֶערְט — הָאט סאמואיל גֶעזָאגְט — מִיר מוּזֶען זֶעהֶען דִיא חֲתוּנָה זָאל וָואס גִיכֶער זַיין, אִיךְ הָאבּ אָבֶּער מוֹרָא פַאר אֵיין זַאךְ.

פַאר וָואס הָאסְטוּ מוֹרָא?

דוּא הָאסְט דָאךְ גֶעזָאגְט הערמאנען אַז אִיךְ בִּין אַנְבִּיר, אוּנ אִיךְ וִויל מאריא׳ן גֶעבִּין צֶעהֶען טוֹיזֶינְד רוּבִּיל נַדַן, נוּא וָואס וֶועסְטוּ טָאן אַז עֶר וָועט פָאדֶערִין דָאס גֶעלְד פַאר דֶער חֲתוּנָה.

דֶער פַאר זָאלְסְטוּ נָאר קֵיין מוֹרָא נִיט הָאבִּין — הָאט חייקע לַאבֶּענְד גִיעֶנְטְפֶערְט — הערמאן אִיז אַזוֹיא אִין מאריא׳ן פֶערְלִיבְּט, אַז עֶר וָועט זִיךְ נָאר שֶׁעמֶען דֶערְמָאנֶען גֶעלְט, אוּנ אוֹיבּ עֶר וֶועט יָא דֶערְמָאנֶען וֶועט אִים מאריא זָאגִין אֵיין וָוארְט, וֶועט עֶר שׁוֹין וָוענִין דֶעם מֶער נִיט רֵיידִין.

נוּא אוֹיבּ אַזוֹיא דַארְף מֶען דָאךְ ־קֵיין סַךְ נִיט טַעֲנֶה׳ן, אִיךְ מַאךְ הַיינְט אַנְגֶעשְׁפְּרֶעךְ מִיט הערמאנען וָוענִין דֶער חֲתוּנָה, אוּנ אוֹיבּ פוּן זַיין זַייט וֶועט קֵיין מְנִיעָה נִיט זַיין, שְׁטֶעלִין מִיר דִיא וָואךְ אַחוּפָּה.

עֶר הָאט טַאקֶע אִין דֶעם זֶעלְבִּין טָאג גֶעמַאכְט אַנְגֶעשְׁפְּרֶעךְ מִיט הערמאנען אוּנ הָאט צוּא זַיין גְרוֹיסֶער פֶערְגֶענִינֶען גִיהֶערְט וִויא דֶער יוּנְגֶער מַאן הָאט זִיךְ אָנְגֶעהַאפְּט מִיט אַלֶע פִיר, עֶר הָאט נִיט אֵיין זִילְבֶּע דֶערְמָאנְט וֶוענִין גֶעלְד נָאר סאמואיל הָאט פוּן יוֹצֵא וֶוענִין גֶעזָאגְט אַז אַזוֹיא וִויא עֶר אִיז הַיינְט זַייעֶר גֶעאֵיינְגְט אִין גֶעלְט, מוּז עֶר דֶעם נַדַן עֶרְשְׁט נָאךְ דֶער חֲתוּנָה אָפּ גֶעבִּין אוּנ הֶערְמַאן הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען בַּאלַיידִיגְט וָואס דֶער מְחוּתָּן רֶעט וֶוענִין אַזֶעלְכֶע פוּסְטֶע זַאכֶען.

דִיא זֶעלְבֶּע וָואךְ אִיז גִיוֶוען אַפְּרֶעכְטִיגֶע הָאכְצַייט אִין ווארשויא.

דִיא נְרֶעסְטֶע וואוּנ פֵּיינְסְטֶע מֶענְטְשִׁין הָאבִּין זִיךְ דָא גֶעפוּנֶען , אוּנ אַלֶע הָאבִּין גֶעדְרִיקְט דֶער אָרְדֶענְטְלִיכֶער שֵׁיינֶער בְּרוֹיט דִיא הַאנְד אִיהְר ווינְטְשֶׁענְד גְלִיק .

אַלְזָא הָאט סאמואיל מִיט זַיין פְּרוֹיא זוֹכָה גִיוֶוען צוּא פִיהְרֶען זַייעֶר טָאכְטֶער צוּא דֶער חוּפָּה מִיט אַרייכִין חָתָן .

נָאר מֶערְקְווירְדִיג פוּן אַלֶעס וַואר דָאס , וָואס דִיא וַוייבֶּער הָאבִּין צְווִישִׁין זִיךְ גִירֶעט אוֹיף דֶער חֲתוּנָה , אַז דִיא כַּלָה וַואר אַיינֶע הֶעכְסְט אָרְדֶענְטְלִיכֶעס קִיישֶׁעס מֶעדְכֶען ...

אַיָא נָאטְס וואוּנְדֶער ?



# ח.

## צְוַוייא גוּטֶע בְּרִידֶער .

צְוַואנְצִיג יָאר זַיינֶען פֶערְפְלָאסֶען פוּן דֶעם טָאג וָואס מאריא בערנטהאל הָאט חֲתוּנָה גֶעהַאט מִיט הערמאן גוסט , אִיצוּנְד וֶועלִין מִיר אוּנְזֶערֶע לֶעזֶער בַּאקַאנְט מַאכִין נָאר מִיט נַייעֶ פֶערְזָאנֶען .

מִיר זֶעהֶען אִין דֶער שְׁטָאט אגיר אִין אֵיינֶעם פוּן דִיא רַייכְמֶעבְּלִירְטֶע צִימֶערִין פוּן אַפְּרֶעכְטִינֶען פְּלַאמִץ צְוַוייא יוּנְגֶע מֶענְטְשִׁין , אֵיינֶער פוּן אוּנְגֶעפֶעהְר אַכְטְצֶעהֶען יָאר אַלְט אַהוֹיכֶער אוּנ אַמָאגֶערֶער וִויא אַסְקַאלִיעָט , זַיינֶע צְוַוייא בַּאקִין זַיינֶען גִיוֶועזֶען וִויא גֶעפָארְמְט פוּן צְוַוייא בֵּיינֶער בֶּעצוֹיגִין מִיט אַדִין הַייטֶעל בֶּעשְׁפְּרִיצְט מִיט זָאמֶער פְלֶעקִין , זַיינֶע צְוַוייא קַאטְצֶענְאוֹיגִין הָאבִּין עֶרְרֶעגְט , אִין דֶעם מֶענְטְשִׁין אוֹיף וֶועלְכִין זַייא הָאבִּין זֵייעֶרֶע פִינְסְטֶערֶע בְּלִיקֶען גֶעוָוארְפִין אַנ'אַרְט מֶעלַאנְכָאלְיֶע , דֶער צְוַוייטֶער וַואר שׁוֹין אַמַאן פוּן דְרַייסִיג יָאהְר אַנִידֶערִינֶער אוּנ אַדִיקֶער מִיט גֶעלְבֶּע הָאר , דִיא נָאז וַואר וִויא צוּגֶעפְּלֶעטְשְׁעט , דִיא אוּנְטֶערְשְׁטֶע לִיפּ בְּרֵייטֶער אוּנ פִיל גְרֶעבֶּער אַלְס דִיא אוֹיבֶּערְסְטֶע , אִין זַיינֶע שְׁוַוארְצֶע אוֹיגִין הָאט מֶען גִיקָאנְט לֶעזִין אַז עֶר אִיז אַכִיטְרֶער הֶעכְסְט לוּסְטִיגֶער מֶענְטְשׁ .

אַזַא אַיינְדְרוּק הָאט זִיא אוֹיף דִיר גֶעמַאכְט לִיבֶּער מארק ? — הָאט דֶער עֶלְטֶערֶער גֶעפְרֶעגְט דֶעם אִינְגֶערִין .

יָא דאנילא ! זִיא הָאט מִיר בֶּעצוֹיבֶּערְט מִיט אִיר שֵׁיינְקֵייט אִיךְ זָאג דִיר נָאךְ אַמָאל אַז אַזַא בִּילְד הָאבִּין מִיר נָאךְ בֵּיידֶע נִיט גִיזֶעהֶען צַייט מִיר לֶעבִּין , הָאט דֶער אִינְגֶערֶער גִיעֶנְטְפֶערְט מִיט אַזִיפְץ .

דֶער צַייל מִיר נָאךְ אַמָאל וִויא אַזוֹי־דוּא הָאסְט זִיךְ מִיט אִיר בַּאגֶעגִינְט — הָאט דאנילא גֶעזָאגְט נָאךְ אַקוּרְצֶעס נַאכְדֶענְקֶען .

אִיךְ הָאבּ דָאךְ דִיר שׁוֹין עֶרְצֵיילְט — הָאט מארק גִיעֶנְטְפֶערְט — אַז נֶעכְטִין אַבֶענְדְסְצַייט , אַלְס אִיךְ בִּין פוּן דִיר אַוֶועק גִינַאנְגֶען אַהֵיים , בִּין אִיךְ גֶעגַאנְגֶען

דוּרְךְ דָעם שְׁטָאטְנַארְטִין , אַיין אָרְקֶעסְטְּעֶר מוּזִיק הָאט דָארְט זֵייעֶר שֵׁין גֶעשְׁפִּילְט מִיר אִיז גִיוָועןְ זֵייעֶר אַנְגֶענֶעהְם צוּא הֶערִין הָאבּ אִיךְ מִיר גֶעזֶעצְט אוּנְטֶער אַבּוֹים אוּנ הָאבּ פְּרוֹיבֶּערְט אַפַּאפִּירָאס , אוֹיף דֶער בַּאנְק וואוּ אִיךְ בִּין גִיזֶעסִין זַייגֶען גִיזֶעסִין נָאךְ צְוֵויא מֶענְטְשִׁין אַהֶער מִיט אַדַאמֶע , אוֹיף וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ אָנְפַאנְגְס נָאר נִיט אַקוּק גֶעטָאן , פְּלוּצִים הָאט זִיךְ דִיא פְרוֹיא פוּן עֶבֶּעס פַארְנַאנְדֶער גֶעלַאכְט , דַאן הָאבּ אִיךְ מִיר אוּמְגֶעוֶוענְדֶעט , אוּנ הָאבּ דֶערְזֶעהֶען אַהִימְלִישֶׁע עֶנְגֶעל , אִיךְ זָאג דִיר דאנילא אַז דֶער נָאמֶען אִיז פַאר אִיר אוֹיךְ וֵוייניג , זִיא מוּז זַיין דִיא שֶׁענְסְטֶע פוּן אַלֶע עֶנְגְלֶען , אַז מִיר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּא שְׁווינְדְלֶען אִין דִיא אוֹיגִין פוּן אִיר בְּלֶענְדֶענְדֶען פְּרַאכְט , אוּנ אִיךְ הָאבּ מַיינֶע בְּלִיקֶען נִיט גִיקֶענְט פוּן אִיר אָבְּוֶוענְדֶען , אַךְ וִויא הָאבּ אִיךְ מְקַנֵא גִיוָועןְ דָעם יוּנְגִין מֶענְטְשִׁין וֶועלְכֶער הָאט דָאס גְלִיק צוּא רֵיידִין מִיט אַזַא פֶּענָאמֶען אוּנ זַיין מִיט אִיר אַזוֹיא בַּאקַאנְט , דֶער יוּנְגֶער מַאן אִיז אַלְט אַיָאר נַיין אוּנ צְווַאנְצִיג אוֹיךְ אַבִּילְד שֵׁיינֶער יוּנְג נָאר וִויא קוּמְט עֶר צוּא אִיר , דַאבַּייא וַוייזְט עֶר אוֹיס גָאר נִיט אַזוֹיא רַייךְ , אַלֶע מַיינֶע גְלִידֶער הָאבִּין וִויא גֶעשְׁוִידֶערְט , אִיךְ הָאבּ וִויא מוֹרָא גֶעהַאט זִיךְ פוּן מַיין אָרְט צוּא רִיהְרֶען , אִיךְ וָואלְט דוּכְט זִיךְ עֶווִיג דָא גִיזֶעסִין וֶוען זִיא זָאל נָאר אוֹיךְ אִיר שְׁטֶעלֶע נִיט פַארְלָאזִין , עֶס הָאט אָבֶּער לַאנְג נִיט גִיוֶוערְט אוּנ זֵייא זַיינֶען בֵּיידֶע פוּן זֵייעֶרֶע עֶרְטֶער אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנ זַיינֶען פֶערְשְׁוואוּנְדִין גֶעוָוארִין , נָאר בַּייא אַהַאלְבֶּע שְׁטוּנְדֶע בִּין אִיךְ אוֹיף מַיין פְּלַאטְץ גִיזֶעסִין אוּנ פַאר מִיר הָאט זִיךְ גֶעמָאלְט דָאס בִּילְד פוּן דָעם הִימְלִישֶׁען עֶנְגֶעל , עֶנְדְלִיךְ הָאבּ אִיךְ מִיר גֶעלָאזְט גֵיין אִין גָארְטִין , פִילַייכְט וֶועל אִיךְ זִיא בַּאגֶעגֶענֶען אִיךְ הָאבּ נִיט דוּרְךְ גֶעלָאזְט אַיין ווינְקֶעלֶע , אָבֶּער מַיין מִיהֶע יַוואר אוּמְזָאנְסְט , אִיךְ הָאבּ זֵייא שׁוֹין מֶער נִיט בַּאגֶעגֶענְט , פוּן דֶער שְׁטוּנְדֶע אָן גֵייט זִיא מִיר פוּן מַיין גֶעדַאנְק נִיט אַרוֹיס , אִיךְ זָאג דִיר דאנילא אַז אַהַאלְבּ לֶעבִּין וָואלְט אִיךְ אָבְּגֶעבִּין , אִיךְ זָאל אוֹיף אִיר קֶענֶען נָאךְ אַמָאל אַקוּק טָאן , אָבֶּער וואוּ זוּכְט מֶען זִיא אַז אִיךְ וֵויים אִיר נָאמֶען נִיט .

דוּא מַאכְסְט מִיר זֵייעֶר נֵייגֶעריג מַארק . — הָאט דאנילא גִיעֶנְטְפֶערְט — וֵייסְטוּ פִילַייכְט וִויא אַזוֹיא דֶער יוּנְגֶער מַאן הֵייסְט ?

אִיךְ הָאבּ גִיהֶערְט וִויא זִיא הָאט אִים גֶערוּפִין דוּכְט זִיךְ שטראהל אָדֶער שטאל .

נוּא גוּא אִיךְ וֶועל שׁוֹין זוּכִין בֵּיידֶע נֶעמֶען שטראהל אוּנ שטאל , אוּנ אֵיינֶעם וֶועל אִיךְ גֶעווִיס גֶעפִינֶען , אוּנ וֶוען אִיךְ וֶועל אִים גֶעפִינֶען וֶועט שׁוֹין אוּנְז זַיין לַייכְט זִיא אוֹיךְ צוּא גֶעפִינֶען . דוּא וֵייסְט דָאךְ אַז אִיךְ בִּין אַבְּרְיָה צוּא דִיא זַאכִין .

יָא דָאס וֵויים אִיךְ , אוּנ אִיךְ זָאג דִיר לִיבֶּער דאנילא אַז דוּא וֶועסְט מִיר דַאנְקֶען וֶוען דִיר וֶועט דָאס גְלִיק פִיהְרֶען צוּא אִיר , עֶס אִיז כְּדַאי דָאס לֶעבִּין צוּא אָפְּפֶערִין אוּם נוּר אֵיין מָאל אוֹיף אִיר אַקוּק צוּא טָאן .

עֶס וֶועט שׁוֹין זַיין רֶעכְט פֶערְלָאז זִיךְ אוֹיף מִיר , אִיךְ הָאבּ זֵייעֶר לִיבּ

אַרוֹיס גֵיין אוֹיף דֶער יַאגְד הַאפִּין אַזֶעלְכֶע פֵייגֶעלַאךְ . נָאר יָא וָואס הָאבּ אִיךְ דִיר גֶעוָואלְט פְרֶעגִין , וֶוער אִיז דֶער מַאן אִין דֶעם צִילֶענְדֶער וֶועלְכָער אִיז גֶעסְטֶערִין גִיזֶעסִין מִיט דַיין פָּאטֶער .

אִיךְ קָאן אִים נִיט . — הָאט מארק גִיעֶנְטְפֶערְט — אִיךְ וֵייס נָאר אַז עֶר אִיז אוֹים ווארשויא , אוּנ עֶר הֵייסְט הערמאן גוסט .

וִויא ? דָאס אִיז הערמאן גוסט — הָאט דאנילא גִיפְרֶעגְט — אִיצוּנְד פֶערְשְׁטֵייא אִיךְ שׁוֹין .

דוּא הָאסְט דֶען עֶפֶּעס גִיהֶערְט פוּן אִים ?

יַא מִיא הָאט מִיר עֶרְצֵיילְט אַגַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע פוּן דֶעם מֶענְטְשִׁין ;

וָואס פַאר אַגֶעשִׁיכְטֶע דֶער צֵייל מִיר אוֹיךְ .

רִיכְטִיג וֵייס אִיךְ נִיט , נָאר וִויא אִיךְ הָאבּ גִיהֶערְט הָאט זִיךְ אִים גִיטְרָאפִין אַזָאנְדֶערְבַּארֶעס אוּנְגְלִיק , הָאט דאנילא גִיעֶנְטְפֶערְט .

אֵיךְ בִּין זֵייעֶר נַייגֶערִיג צוּא וִויסִין וָואס הֵייסְט אַזָאנְדֶערְבַּארֶעס אוּנְגְלִיק .

דֶער מֶענְטְשׁ אִיז אֵיינֶער פוּן דִיא רַייכְסְטֶע אִין וַוארְשׁוֹיא . — אַזוֹ הָאט מֶען מִיר עֶרְצֵיילְט — עֶר הָאט דָארְטִין אַייגִינֶע דְרַייא הַייזֶער אוּנ פֶערְשִׁידֶענֶע גְרוֹיסֶע גִישֶׁעפְטִין . עֶר הָאט אוֹיךְ זֵייעֶר אַשֵׁיינֶע פְרוֹיא וָועלְכֶע הָאט אִים אַטָאכְטֶער גִישֵׁיינְקְט , מִיא זָאגְט אַז דִיא טָאכְטֶער אִיז אֵיינֶע רֵייצֶענְדֶע לִיעֶבֶּענְסְווִירְדִיגֶע פְרַיילִין , נוּא גִיוואוֹנְלִיךְ אַגֶערָאטִין קִינְד בַּייא אַזֶעלְכֶע רַייכֶע עֶלְטֶערִין אִיז בַּייא זֵייא טֵייעֶרֶער פוּן דִיא אוֹיגִין אִין קָאפּ , דִיא עֶלְטֶערִין הָאבִּין זִיא גֶעלִיבְּט אִיבֶּער דֶער נַאטוּר . אוּנ הָאבִּין גִיזוּכְט פַאר אִיר אַחָתָן זָאל זַיין אַיין אוֹיסְנַאהְמֶע , פְּלוּצְלוּנְג אִיז דִיא גֶעלִיבְּטֶע טָאכְטֶער פֶערְשְׁוואוּנְדִין גִיוָוארִין , אוּנ קֵיינֶער הָאט נִיט גִיוואוּסְט וואוּ זִיא אִיז אַהִינְגֶעקוּמֶען , מֶען קֶען זִיךְ פָאר־שְׁטֶעלִין אִירֶע עֶלְטֶערִינְס שְׁרֶעק אוּנ פֶערְצְוֵוייפְלוּנְג , זֵייא הָאבִּין גִישָׁאטִין מִיט טוֹיזֶענְדֶער אִיר צוּא גֶעפִינֶען . אָבֶּער אַלֶעס וַואר אוּמְזִיסְט עֶרְשְׁט אִין אֵיינִיגֶע מָאנַאטֶען אַרוּם הָאבִּין זֵייא עֶרְפַאהְרִין אַז זֵייעֶר טָאכְטֶער אִיז אַנְטְלָאפִין גִיוָוארִין נָאךְ אִירֶען אַגֶעלִיבְּטֶען טַאקֶע אַהֶער אִין אַגִיר .

וָואס פַאר אַמֶענְטְשׁ אִיז דֶער גֶעלִיבְּטֶער וֵייסְטוּ נִיט ? הָאט מַארְק גִיפְרֶעגְט ,

אִיךְ זָאג דָאךְ דִיר , אַז רִיכְטִיג דִיא גֶעשִׁיכְטֶע וֵייס אִיךְ נִיט . נָאר וִויא אִיךְ הָאבּ פֶערְשְׁטַאנֶען פוּן דֶעם עֶרְצֶעהְלֶער , הָאט זִיךְ דִיא טָאכְטֶער אַלַאנְגֶע צֵייט גֶעלִיבְּט אִין אַוַוארְשֶׁעוֶוען יוּנְגֶען מַאן וֶועלְכֶער סְטוּדִירְט דָא אִין אוּנִיוֶוערְזִיטֶעט , קֵיינֶער הָאט פוּן דֶער גֶעהֵיימֶער לִיבֶּע נִיט גִיוואוּסְט , אוּנ זִיא הָאט אִירֶע עֶלְטֶערִין דֶער פוּן נִיט עֶנְדֶעקְט וַוייל זִיא הָאט גִיוואוּסְט אַז זֵייא וֶועלִין גֶעוִויס נִיט מַסְכִּים זַיין צוּא דֶער פַּארְטֵייא , אוּנ וָוערְשַׁיינְלִיךְ הָאט זִיא פַאר זִיךְ גִיפוּנֶען דָאס בֶּעסְטֶע מִיטֶיל אַנְטְלוֹיפִין מִיט אִים אוּנ שְׁטֶעלִין אַגֶעהֵיימֶע חוּפָּה , אוּנ צוּא לִיבּ דֶעם אִיז דָאס דֶער פָאטֶער גִיקוּמֶען אַהֶער זוּכִין זַיין טָאכְטֶער .

וָואס זְשֶׁע פַאר גִישֶׁעפְטִין הָאט עֶר מִיט מַיין פָאטֶער .

גֶעוִויס פִילְט עֶר אַז דַיין פָאטֶער קָאן אִים דָא אִין עֶטְוָואס בֶּעהִילְפִיג זַיין .

דאס איז גאר ניט אזוא זאנדערבארעס אונגליק וויא דוא האסט גיזאגט, אזעלכע זאנדערבארע אונגליקען אונ אזעלכע געשיכטען טרעפין זיך זייער אפט, איך האב אסך אזעלכע גיזעהען אין דער גימיינער קלאסע, ביא דיר איז דוכט זיך אזוא אגעשיכטע קיין נייעס ניט, נאר איך וויים ניט אונ פערשטייא ניט וואס קאן ער דא אויס פירין, קוים האבין זייא שוין געהייראטעט איז דאך שוין אלעס פערפאלען.

פיליכט וועט ער איר גאר פערציהען, אונ וועט ערקענען איר חתן אדער איר מאן אלעס זיינס אקינד, דאס הייסט ער וועט מסכים זיין צוא דעם שידוך, אונ וועט זיין צופרידין וואס ער האט צוא ריק זיין טאכטער גיפונען.

דאס איז אלעס ניט אונזער גישעפט. — האט מארק גיזאגט — זאג מיר בעסער דוא וועסט מיר קענען קריגין אפאר הונדערט קערבליך.

דאס איז אשווערע זאך. — האט דאנילא גיענטפערט — דער שקאנטיסט הויטשינדער וועט געוויס מער אקאפייקע ניט געבין. ווייל דוא האסט אים נאך ניט אפגעגעבין דיא צווייא טויזינד רובל וואס דוא ביזט אים שולדיג, מיר דוכט אז נאך מיט דרייא טעג פריער איז גיוועזן דער טערמין.

עם! דאס איז אלעס פון דיא קליינע זאכין, זאג אים ער זאל מיר ברייגגען מיין וועקסיל וועל איך אים איבער שרייבין אויף איין אנדער טערמין אונ צוא־רעכענען פראצענט, ערקלער אים אז פאר זיין געלד האט ער ניט וואס מורא צוא האבין, ער וויים דאך אז איך האב אהייכין גענונגטין טאטין.

הערסטו דאס איז דאך דיא צרה וואס דוא האסט אגעזונטין טאטין, ווען דיין פאטער זאל אבער זיין אקראנקער אונ אשוואכער וואלסטו גיוועזן מער בטוח, ווייל מיא וואלט ערוואַרטעט דיר זאל אריין פאלין זיין גרויסער קאפיטאל.

טוא אונ אז ער איז אגיזונדער וועט ער דען אייביג לעבין? דוא פאר געסט אז ער איז שוין אלט, אונ דוא ווייסט דאך מסתמא דעם ווערטול „איונגער קאן שטארבין אונ איין אלטער מוז שטארבין".

דיין טאטע איז אבער ניט קיין אלטער, ער איז אלט סך הכל 50 יאהר אונ דאס הייסט ניט אלט, ער קאן לעבין נאך אמאל אזו פיל.

מילע וואס מאכט דאס אויס, צוא ער איז אלט צוא יונג, קוים איז ער רייך בין איך אויך רייך, וועט ער ניט געבין מיט גוטין וועל איך אליין טרעפין צוא זיין קאסע, נוא וועסטו מיר קריגין נאך עטליכע הונדערט רובל?

איך וויים? איך וועל מיך פרובירין, פיליכט וועל איך קריגין אויף אגרויסין פריצענט.

מאנסט געבין ביז 50 פריצענט דאס איז אלעס פון דיא קליינע דאגות. צוא וואס דארפסטו היינט געלט?

וואס הייסט צוא וואס איך דארף געלד, איך האב דאך פערשפראכין,

אונזערע גוטע ברידער מאכין מארגין אקערטיל , נוא קאן מען גיין שפילין מיט ליידיגע הענד ?

נוא נוא איך וועל מיך שוין זעהען מיט הויטשינדערין .

זיך זעהען מיט אים איז ווייניג , דוא זאלסט מיר ברייננען געלד , דאס מאג קאסטין פראצענט וויפיל ער וויל נאר געלד זאל מיר זיין .

איך וועל טאקע איצונד צוא אים גיין ער מוז יעצט זיין אין דער היים ז׳אבייא וועל איך נאך היינט אשמעק טאן וועגין דעם הערין שטראהל , איך מוז ערפארין ווער ער איז אונ ווער זיא איז , דער וייל אדיע . — אונ מיט דיא ווערטער האט דאנילא שטארק געדריקט מארקס האנד אונ איז אוועק גיגאנגען .

# ט.

## דיא אנטלאפענע געליבטע .

דיא יולי זאנגע האט זיך מיט אירע פלאמענדע ברענענדע שטראהלען אן געפאנגען צו פערבארגין אין דעם וועסטענהימעל , אין דיא קיהלע דונקעלע נאכטשאטען האבין זיך מיט יעדין מאמענט אלעם מער צוא גירוקט צוא דער ערד , דיא בעוואונער פון גירא וועלכע האבין נאר ניט גיקענט ערטראגין דיא שטארקע היטץ פון דעם טאג , האבין זיך ערקוויקט ביי דעם אנקונפט פון דעם קיהלען אבענד , אונ וויא אים מקבל פנים זיין זיינען אלע זייער שיין פאר פוצט , ארויס גיגאנגען אויף דיא בולווארען , אין דיא גערטנער , אונ אין אלע גאסין .

צווישין דעם גרויסין פובליקום וועלכער שפאצירט אויף דעם בולוואר זעהן מיר איונג פאריל געארעמט גייען , אבוואהל דער דונקעלער אבענד ערלויבט אונז ניט זייא גוט צוא בעטראכטין , דאך קאנען מיר זייער לייכט ערקענען אז דיא פרויא איזט איין יונגעס מעדכען ניט מער וויא פון אכטצעהען יאר , איינע בלענדענדע שוינהייט , אונ דער הער וועלכער גייט מיט איר גיארעמט , איז איונגער מאן פון 28 יאר איינפאך נאר עלעגאנט גיקליידעט אונ ער ווייזט אויס איין העכסט אריסטאקראטישער מענטש צוא זיין , זייא גייען ביידע שווייגענד צווישין דעם פובליקום , יעדער פון זייא איז וויא פערטיפט אין גידאנקען .

זעה נאר שטראהל פילייכט וואר דאס איין אירטהום . — האט פלוצים דאס מיידכען גיזאגט זיך ווענדענד צוא איר בעגלייטער .

גיין דאס איז קיין אירטהום מיין ליבע דעבארא , דאס וואר קיין אנדערער נאר דיין פאטער , האט דער יונגער מאן גיענטפערט מיט אטרויעריגע שטימע .

מיר גלויבט זיך דאס נאר ניט מיין פאטער זאל אזו שנעל ערפארין וואו איך בין , ווער האט גיקענט דיא געהיימענים ענטדעקין , אויסער אונז ביידע האט דאך קיינער גיוואוסט פון אונזער ליבע אונ פון אונזערע פלענער .

דוא ווייסט ניט וואס מיא זאגט, אז מאנכעס מאל ענטדעקן זאגאר דיא שטומע פיינעלאך דיא טיפסטע געהיימניס.

דאס איז אבער ניט מער וויא גיזאגט, ווען ווירקליך מיין פאטער האט ערפאהרין אונזער געשיכטע מוז איך גלויבין אז נור דוא מיין ליבער שטראהל האסט זיך גימוזט פאר יעמאנדען אויס ריידין עטוואס דאפון, דען פון מיינע זייטע בין איך זיכער אז קיינער האט דאס מינדעסטע בעמערקט.

אונ איך פערזיכער דיר אז איך האב געוויס מיט קיינעם ניט גירעט וועגין אונזער ליבע, גאר וויא דיא זאך איז מיר זעהען דאך אז דיין פאטער ווייס שוין פון אלעס, אלזא מוזין מיר זיך בעראטהען וואס צוא טאן.

זאג דוא וואס דיינקסטו צו טאן — האט דעבארא גיפרעגט.

מיין ראט איז, מיר זאלין מארגין הייראטין, וועט שוין זיין אלעס פערפאלין האט שטראל גיזאגט.

אונ קיין אנדער מיטיל איז ניטא?

ניין איך זעה קיין אנדער מיטעל ניט. דען קוים וועט דיין פאטער ערפאהרען אז דוא ביזט נאך אונפערהייראטהעט, וועט ער אלע קרעפטין אנווענדין דיר פון מיינע הענד אויס צו רייסין. קוים אבער וועט ער ערהערין אז דוא ביזט שוין מיין פרויא וועט ער אראפלאזין דיא הענד, אונ וועט דיר מוזען פערצייהען. דען דוא ביזט דאך פארט זיין איינציגע טאכטער. זיין גאנץ לעבין.

דעבארא האט איינינע מינוטען געשוויגען, אונ האט נאכהער געזאגט:

מיין ראטה איז בעסער מיר זאלין נאך היינטע פון דאנען אוועקפאהרין, מיר וועלין אריינפאהרין אין וואקראק. דארט וועלין מיר זיטצען איינינע וואכין ביז מיין פאטער וועט פון דאנען אוועק פאהרין.

איך פערשטייא ניט פאר וואס ווילסטו ניט מיר זאלין מארגין הייראטהען וועד הינדערט אונז מיר זאלין שוין אונזער גליק מאכין.

איך וועל דיר זאגין דיא וואהרהייט אז איך ווייס ניט אויב מיר וועלין איצונד אונזער גליק מאכין דורך אונזער פערבינדונג. איצונד ביזטו אסטודענט. דוא דארפסט ארבייטען דארפסט נאך אגאנץ יאהר סטודירען, אונ צו דעם באדארף מען האבין ארוהיגען קאפ. קוים וועלין מיר אבער הייראטהען וועסטו שוין רוהיג ניט קענען זיין. איך וועל געוויס אנהייבין צו שוואנגערין אונ וועל גאר ניט קענען פערדינען, אונ דוא אליין וועסט באדארפין זארגין פאר דיר, פאר מיר, אונ פאר דעם קינד וואס איך וועל דיר שענקען, דאס הייסט דוא וועסט ווערין אפאמיליען פאטער, אונ דאדורך וועסטו קיין מאהל צו קיין ציעל ניט קענען קומען.

דאס איז אלם פון דיא פוסטע זאכין — האט שטראהל געזאגט — ווייסטו דען ניט אז אמענטש מוז בעשטענדיג אנטאהן אקלייד נאך זיין מאס, דיא זעלבע געלד וואס מיר פערלעבין איצונד וועט אונז זיין גענוג אויך דאן ווען איך וועל ווערין אפאמיליענפאטער, אונ אויסער דעם, רעכין איך דאס פאר אדומהייט זארגין איצונד אויף שפעטער. איך זאג דיר אז קוים וועלין מיר הייראטהען וועלין

מִיר גָאר נִיט בַּאדַארְפִין זָארְגִין , דֶען דַיין פָאטֶער אַלֵיין וֶועט אוּנְז שְׁטִיטְצֶען אוּנ וֶועט מִיר נָאךְ הֶעלְפִין אִיךְ זָאל וָואס גִיכֶער עֶרְרֵייכֶען מַיין צִיעל .

נוּא וֶוען בַּייא דִיר קוּמְט דָאס אוּיס פַאר אַגְלֵייכֶע זַאךְ , וֶועל אִיךְ בֶּעשְׁטֶעהְן — הָאט דעבארע גִיעֶנְטְפֶערְט .

אַזוֹי מוּזֶען מִיר טָאהן וֶוען מִיר ווילֶין זִיךְ נָאר פֶערְהִיטֶען מִיר זָאלִין נִיט אָבְּגֶערִיסֶען וֶוערִין אֵייגֶער פוּן צְוֵוייטֶען .

דוּא וֵוייסְט דָאךְ מַיין לִיבֶּער שטראהל אַז אִיךְ פָאלְג דִיר אִימֶער . אוּנ דָאס מָאהל הָאטְשׁ וִויא אִיךְ הָאבּ דִיר שׁוֹין גֶעזָאגְט בִּין אִיךְ נִיט צוּפְרִידֶען מִיט דַיין פְּלַאן , נָאר אוּם דִיר צוּ וַוייזִין וְויא מְהַייעֶר דוּא בִּיזְט בַּייא מִיר אוּנ וְויא הֵיילִיג דַיינֶע וֶוערְטֶער זַיינֶען בַּייא מִיר וֶועל אִיךְ דִיר פָאלְגִין . נָאר גֶעדֵיינְק דוּא זָאלְסְט נָאכְדֶעם קַיין חֲרָטָה נִיט הָאבִּין .

חֲרָטָה הָאבִּין זָאגְסְטוּ ? — הָאט שׁטראהל לַאכֶענְד גֶעזָאגְט — דוּא גְלוֹיבְּסְט אַז אַמֶענְטְשׁ קָאן חֲרָטָה הָאבִּין אוֹיף דֶעם וָואס עֶר הָאט זִיךְ אַלֵיין גְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט ? נֵיין מַיין לִיבֶּע דעבארע , נִימַאלְס וֶועל אִיךְ חֲרָטָה הָאבִּין אוֹיף דֶעם וָואס אִיךְ וֶועל מִיר מִיט דִיר אוֹיף עֶוִויג פֶערְבִּינְדֶען . אַלְזָא בְּלֵייבְּט דָאס אַזוֹי , אַז מָארְגִין הֵיירַאטְהֶען מִיר . נָאר זֶעה זַייא פָארְזִיכְטִיג דַיין פָאטֶער זָאל נִיט עֶרְפַאהרֶען וואוּ דוּא קְוַוארְטִירְסְט .

זַייא רוּהִיג , מַיין קְוַוארְטִיר וֶועט נִימַאנְד עֶרְפַאהרֶען . דוּא וַוייסְט דָאךְ אַז קֵיינֶער אִין דֶעם הֵייף וואוּ אִיךְ וואוֹין וֵויים וִויא אַזוֹי אִיךְ הֵייס . זָאגַאר דַיין לִיבֶּע מוּטֶער אוֹיךְ זִיא מֵיינְט אַז מַיין נָאמֶען אִיז סארא בלאהוויס .

דוּא מוּזְט הָאבִּין עַגְמַת נֶפֶשׁ פוּן מַיין מוּטֶער וַוייל זִיא אִיז אַשְׁוַואכֶע הִינְקֶעדִינֶע פְּרוֹיא .

אִיךְ הָאבּ אָבֶּער קַיין חֲרָטָה נִיט וָואס אִיךְ הָאבּ זִיא צוּ זִיךְ צוּגֶענוּמֶען . זִיא אִיז זֶעהֶער אַנְאָרְדֶענְטְלִיכֶע פְּרוֹיא , זִיא לִיבְּט מִיר אוֹיךְ וִויא אַמוּטֶער . אוּנ מַיין גֶעזוּנְד אִיז בַּייא אִיהר טְהַייעֶרֶער אַלְס אִיהר אֵייגֶענֶער גֶעזוּנְד . אִיךְ הָאבּ נָאר פוּן אִיהר עַגְמַת נֶפֶשׁ וָואס זִיא זִיצְט בֶּעשְׁטֶענְדִיג מָרָהשְׁחוֹרָהדִיג , זִיא מוּז זֶעהֶער אוּנְגְלִיקְלִיךְ זַיין .

וָואס אִיז זִיא אַזוֹי אוּנְגְלִיקְלִיךְ ? וָואס פֶעהלְט אִיהר דֶען בַּייא אוּנְז זִיא הָאט דוּכְט זִיךְ גֶענוּג וָואס צוּ עֶסִין וָואס צוּ טְרִינְקֶען אוּנ אַגוּט גֶעלֶעגֶער .

גֶעוִויס טְרָאגְט זִיא עֶפֶּעס אוֹיף אִיהר הַארְצִין גְרוֹיסֶע וואוּנְדֶען . זַייט אִיךְ בִּין דָא אִין אגיר הָאבּ אִיךְ עֶרְשְׁט דֶערְזֶעהֶען וָואס פַאר אַוֶועלְט מִיט צָרוֹת אוּנְזֶער וֶועלְט אִיז . אַז אִיךְ בִּין גִיוֶוען אִין דָער הֵיים הָאבּ אִיךְ גָאר זִיךְ אַזוֹי פִּיל גִיט פָארְגֶעשְׁטֶעלְט .

צוּ עֶס אִיז דָא צָרוֹת אוֹיף דֶער וֶועלְט — הָאט שׁטראהל גֶעזָאגְט מִיט אַזִיפְצְךְ — דוּא הָאסְט נָאךְ גָאר נִישְׁט גִיזֶעהֶען מַיין לֶעבֶּען , בֶּעט מִיר וֶועל אִיךְ דִיר פִיהרֶען צוּ אַזֶעלְכֶע אוּנְגְלִיקְלִיכֶע פוּן וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט אִיצוּנְד אוֹיךְ קַיין בֶּעגְרִיף נִיט . אִיךְ וֶועל דִיר בַּאוַוייזִין פַאמִילְיֶען וֶועלְכֶע בֶּעשְׁטֶעהֶען אוּיס צֶעהְן

פֶּערְזָאנֶען . אונ אַלֶע צֶעהֶען פֶּערְזָאנֶען וואוֹינֶען אִין אַקְלֵיין שְׁמָאל צִימֶער . רִיכְטִיגֶער גֶעזָאגְט אִין אַמֵייזָלָאךְ . אונ אַלֶע צֶעהֶן בֶּענוּגֶען זִיךְ מִיט אַקְלֵיין בְּרוֹיטִיל . אַלֶע גֶעהֶען נַאקֶעט אונ בָּארְפוּס אֵיינִיגֶע פוּן זֵייא זַיינֶען טוֹיט קְרַאנְק לִיגֶען אוֹיף דֶער נַאסֶער פֵייכְטֶער עֶרְד אִין אַפֶּערְפֶּעסְטֶעטֶען וָואזְדוּךְ .

אָ הֶער אוֹיף צוּ דֶערְצֵיילִין אַזֶעלְכֶע זַאכֶען , אִיךְ קָאן דָאס גָאר נִיט הֶערִין — הָאט דעבארא עֶרְשְׁרָאקֶען גֶעזָאגְט .

דוּא קָאנְסְט נִיט הֶערִין אַזֶעלְכֶע זַאכִין ? — הָאט שטראהל מִיט אַפֶּערְדְרִיסְלִיכֶען טָאן גֶעזָאגְט — מִיר דַארְפִין דַאנְקֶען גָאט וָואס מִיר הֶערִין דָאס נָאר אונ פִיהְלִין דֶעם וֵויטָאג נִיט פוּן אַזָא לַאגֶע . דוּא הָאסְט שְׁלֶעכְט גֶעזָאגְט מַיין לֶעבִין . אִין גֶעגֶענְטְהֵייל מִיר בַּאדַארְפִין זִיךְ נוֹיט צוּ הֶערִין צוּ אַזֶעלְכֶע זַאכִין , פִילֵייכְט וֶועלִין מִיר קֶענֶען דִיא אוּנְגְלִיקְלִיכֶע מִיט עֶטְוָואס בֶּעהִילְפִיג זַיין . דֶען וֶוען קֵיינֶער וֶועט פוּן זֵייא נִיט וֶועלִין הֶערִין וֶועלִין זֵייא אַלֶע אִין אֵיין טָאג צוּשְׁטַארְבִּין .

דוּא בִּיזְט גִירֶעכְט מַיין טְהֵייעֶרֶער — הָאט דעבארא וִויא פֶערְשֶׁעמְט גֶעזָאגְט — אִיךְ הָאבּ זִיךְ וִוירְקְלִיךְ אַנַארֶעשְׁקֵייט אוֹיסְגֶירֶעדְט . נוּא אִיךְ בֶּעט דִיר דֶערְצֵייל וַוייטֶער פוּן דִיא אוּנְגְלִיקְלִיכֶע צֶעהֶן פֶּערְזָאנֶען :

אִיךְ וֶועל דִיר בֶּעסֶער עֶרְצֵיילִין פוּן אֵיין פֶּערְזָאן — הָאט שטראהל גִיעֶנְטְפֶערְט — דָאס וֶועט שׁוֹין בֶּעשְׁטֶעהֶען גֶעגֶען צֶעהֶן . דוּא וֵוייסְט דָאךְ אַז דִיא מֶענְטְשֶׁען וָואס קוּמֶען זִיךְ קוּרִירֶען בַּייא אוּנְז אִין דִיא קְלִינִיקֶעס זַיינֶען זֶעהֶער אוּנְגְלִיקְלִיךְ . דֶען צוּ אוּנְז קוּמֶען נָאר אַזֶעלְכֶע וֶועלְכֶע הָאבִּין קֵיין שְׁטִיצֶע פוּן קֵיינֶעם , אונ מֶען וִויל זֵייא אֲפִילוּ אִין שְׁפִּיטָאל נִיט צוּ נֶעמֶען . אונ אִין דֶער וִוירְקְלִיכְקֵייט אִיז זֶעהֶער שְׁוֶוער אונ אוּנְאַנְגֶענֶעהם דֶעם קְרַאנְקֶען אִיבֶּער צוּ גֶעבִּין זִיךְ אִין אוּנְזֶערֶע הֶענְד . וַוייל עֶר וֵוייס אַז קוֹים שְׁטַארְבְּט עֶר וֶועט מֶען זַיין טוֹיטִין קֶערְפֶּער בֶּענוּטְצֶען צוּ דֶער אַנַאטָאמִיֶע אונ דָאס אִיז זַייעֶר אַשְׁלֶעכְטֶער גֶעדַאנְק . דֶען אָבְוָואהְל מֶען וֵוייס אַז נָאךְ דֶעם טוֹיט אִיז דֶער קֶערְפֶּער וִויא אַשְׁטִיק הָאלְץ . מֶען מָאג אִיבֶּער אִיהם טָאהן וָואס מֶען וִויל , פִיהְלְט עֶר קֵיין וֵויטָאג נִיט . פוּן דֶעסְט וֶועגִין וִויל קֵיינֶער נִיט אַז נָאךְ זַיין טוֹיט זָאל מֶען זַיין גוּף צוּ שְׁנֵיידֶען אִין שְׁטִיקֶער , אִיךְ וֵויס אַז עֶס זַיינֶען דָא אִין דִיא קְלִינִיקֶעס פִיל קְרַאנְקֶע וֶועלְכֶע שְׁטַארְבִּין נָאר פוּן אֵיינֶע שְׁרֶעק בַּייא דֶעם גֶעדַאנְק אַז נָאךְ זֵייעֶר טוֹיט וֶועט מֶען זֵייא אִין שְׁטִיקֶער צוּ שְׁנֵיידֶען , אונ דִיא שִׁילֶער פוּן דֶעם אוּנִיוֶוערְזִיטֶעט וֶועלִין זִיךְ אוֹיף אִיהם לֶערְנֶען דִיא מֶעדִיצִין . בֶּעזָאנְדֶערְס שְׁרֶעקֶען זִיךְ זֵייעֶר פַאר דִיא קְלִינִיקֶעס אוּנְזֶערֶע יוּדִין . וַוייל וִויא דִיר אִיז גֶעוִויס בֶּעקַאנְט וִויל יֶעדֶער יוּד קוּמֶען צוּ קֶבֶר יִשְׂרָאֵל . אונ אוֹיסֶער דֶעם אִיז בַּייא יוּדִין אַטוֹיטֶער מֶענְטְשׁ חָשׁוּבֶער פוּן אַלֶעבֶּעדִיגֶען . דֶען זֵייא לֵייגִין אוֹיף אִיהם מֶעהר כָּבוֹד וִויא אוֹיף אַלֶעבֶּעדִיגֶען . מִיט אַכְט טָאג פְרִיהֶער זַיינֶען מִיר אִין אֵיין פְרִיהמָארְגִין אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין דִיא קְלִינִיקֶעס . אִין אֵיין בֶּעט הָאבּ אִיךְ בֶּעמֶערְקְט אַקְרַאנְקֶען יוּדִין אָן זַיין בְּלַאסֶעס גֶעזִיכְט הָאט מֶען גְלֵייךְ גֶעקֶענְט עֶרְקֶענֶען אַז דֶער מֶענְטְשׁ גִיהֶערְט צוּ דֶער רֵייכֶער

אריסטאקראטישער קלאסע. אלס מיר זיינען צו זיין בעט צוגעגאנגען. איז ער נאך מעהר בלאס געווארין. אונ אלע נערפען האבין אין איהם געציטערט. דער פראפעסאר האט איהם אהיבשע צייט בעטראכט אונ האט איהם פאר נעפעהרליך ערקלערט, ער האט שטארק געלידען אויף דער ברוסט אונ האט גאר אהן איין אויפהער געבראקעט מיט בלוט. אלס דער יוד האט פון דעם פראפעסאר אזא שלעכטע מיינונג געהערט׳ האט ער זיך מיט אלע קרעפטין בעמיהעט זיך צו זעטצין. אונ האט מיט זעהער אשוואכער שטימע געבעטין מען זאל איהם בעפרייען פון דיא קליניקעס. ער האט געזאגט אז ער פיהלט זיך פאלקאמען געזונד. אונ דא וועט ער געוויס שטארבין.

דער פראפעסאר האט איהם לאכענד געענטפערט, אז ער איז ניט אזוי געזונד וויא ער מיינט. אונ ער מוז זיך נאך אלאנגע צייט קורירען. ער האט אבער מיט טרערין געבעטין מען זאל איהם בעפרייען פון דעם שרעקליכען ארט.

וויא אזוי וועסטו אבער גיין אז דוא האסט קיין כח ניט — האט דער פראפעסאר געפרעגט — אונ וואוהין וועסטו גיין. ווער וועט דאס אריינלאזין אזא קראנקען מענטשין וויא דוא ביזט אין שטוב אריין.

איך האב דא קרובים וועלכע וועלין מיר מיט דעם גרעסטען כבוד אונ מיט דער גרעסטער ליבע אין זייער שטוב אריינגעמען — האט דער קראנקער געענטפערט.

פאר וואס זע האבין זייא דיר ביז אהער אין זייערע הייזער ניט געהאלטין?

ביז אהער האב איך זייערע גנאדען ניט געוואלט אנגעמען, נאר אצונד וויל איך בעטין זייער הילף, פון וועלכער זייא וועלין זיך געוויס ניט ענטזאגין.

נוא איך וועל דיר צוליב טאן — האט דער פראפעסאר געזאגט — שיק זע אריבער צו זייא אמענטשין. זייא זאלין נאך דיר קומען אדער נאך דיר שיקען דען דוא האסט דאך קיין כח ניט אליין צו גיין צו זייא.

איך וועל מיר זעטצען אויף אדראנשקע אונ וועל צו זייא פאהרין.

דער קראנקער האט אזוי לאנג געבעטין ביז דער דאקטאר האט איהם ערלויבט ארויסגיין פון דאנען.

דוא האסט באדארפט זעהען מיט וואס פאר אשמחה דער אהנמעכטיגער יוד איז פון זיין בעטיל אויפגעשטאנען. ער האט ווירקליך אויסגעזעהען וויא געזונד. אונ איידער מיר האבין זיך אומגעקוקט איז ער פערשוואונדען געווארין פון אונזערע אויגין.

אלס איך בין פון דעם אוניווערזיטעט צוריק אהיים געגאנגען. האב איך אין איין פערעאולאק געבען אהויז דערזעהען דעם קראנקען יודין. ער איז גיזעסין אנגעשפארט דעם קאפף אויף דער וואנד אונ האט שטארק געקרעכצט. איך בין צו איהם צוגעגאנגען. דער קראנקער האט מיר באלד ערקענט. אונ האט ערשראקין געזאגט יניין איך וועל שוין אין דיא קליניקעס מער ניט גיין איך וועל בעסער דא שטארבין.

האט קיין מורא ניט האב איך איהם געזאגט אויף פּראָסט יודיש — איך בין ניט געקומען אייך געמען אין דיא קליניקעס.

איהר זענט איוד? — האט ער ערפרייעט געזאגט אלס ער האט גיהערט וויא איך רייד יודיש — אַ ליבער יוד ראטעוועט מיר.

איהר האט דאך געזאגט אז איהר וועט פאהרין צו אייערע קרובים ?—
האב איך איהם געפרעגט.

ניין מיין פריינד איך האב קיין קרובים ניט. איך בין עלענד וויא אשטיין — האט ער מיט אביטערין זיפצין גיענטפערט.

נוא וואָרום האט איהר ניט געוואלט בלייבין אין דיא קליניקעס?

איך וועל בעסער דא אין מיטין דער גאס שטארבין. נאך מיין טויט וועלין דיא היגע יודין געוויס אויף מיר רחמנות האבין. אונ וועלין מיר בעערדיגין אויף זייער היילינגען ארט. וועל איך מיר חאטש פאר מיין טויט קענען טרייסטין מיט דעם געדאנק אז מיין טויטער קערפער וועט ליגין צווישין מיינע ברידער. אונ ערלים וועלין איהם ניט צושניידען אויף שטיקער. נאר פון אייך יונגער הערר וועל איך בעטין אשטיקעלע טובה. איהר זאלט שרייבין צו מיר אהיים. איך בין פון קריוסבאב צו מיין זאהן נאר ניין. גלייכער צום רב אז איך בנימין פריעדפיש בין געשטארבין. אונ איך פערלאנג מיין זאהן זאל זאגין נאך מיר קדיש.

איך פערשטייא ניט האב איך געזאגט — וואס הייסט איך זאל שרייבין אז איהר זענט געשטארבין איהר לעבט דאך נאך.

עס מאכט ניט אויס — האט ער מיט אשמערצליכען טאן גיענטפערט — ביז דער בריף וועט קומען צום רב וועל איך שוין געוויס זיין טויט. ווייל פיל אז איך שטייא שוין נעבען דיא טויערין פון טויט. אונ דאבייא זעט איהר דאך אז איך האב ניט פון קיינעם דיא מינדעסטע רעטונג צו ערווארטין. איך וועל דא אויף דעם ארט געוויס שטארבין.

דיא ווערטער אונ דיא טרערין וועלכע האבין זיך געוויזען בייא דעם פערצווייפעלטען קראנקען אין דיא אויגין. האבין מיר זייער געריהרט. אונ האב מיך בעשלאסין איהם צו העלפין מיט אלע מעגליכקייטען. "האט קיין מורא ניט ליבער פריינד" האב איך צו איהם געזאגט" איהר וועט נאך זיין געזונד. אונ מיינט ניט אז דיא וועלט איז אזוי פערדארבין זא דאס קיינער וועט אייך ניט וועלין העלפין.

בייא דיא ווערטער האב איך צוגערופין אן'איזוואשציק האב דעם קראנקען יודין גיבעטין ער זאל זיך זעטצען.

ניין איך וועל ניט פאהרען. דען איך פערשטייא איהר ווילט מיר ווייטער פיהרין אין דיא קליניקעס — האט ער ערשראקען געזאגט.

איך וועל אייך ניט פיהרען אין דיא קליניקעס — האב איך איהם בערוהיגט — איהר וועט פאהרין מיט מיר צו מיר אהיים. אונ איך וועל

אַלע קרעפטין אָנווענדען אַייך צו קורירען אונ צו רעטען.

דער קראַנקער האָט מיר פערוואונדערט אָנגעקוקט איינינע מינוטען אונ האָט ענדליך געזאָגט: איך דערקען אין אַייך אַז איהר זענט אַנ׳אָרדענטליכער מאַן. איך פערלאָז מיר אויף אַייך. אונ פאָהר מיט אַייך צוזאַמען. טוהט מיט מיר וואָס איהר ווילט — אונ בּייא דיא ווערטער האָט ער זיך געזעצט אויף דער דראָנזשקע. אונ איך האָב איהם געבּראַכט צו מיר אויפין קוואַרטיר. אונ אַלס ער האָט זיך אויסגערוהט אונ אַבּיסיל צו זיך געקומען האָב איך פאַר איהם גענומען אַבּעזונדער צימער טאַקי אין דעם זעלבּען הויז וואו איך וואוין. איך האָב ערוועקט מיטלייד אויף דעם אונגליקליכען מענטשין בּייא אַלע יודישע סטודענטין. אונ אַלע האָבּין זיך גענומען צו שטיטצען דעם עלענדען מענטשין. ער איז שוין אַכט טאָג אין דעם צימער וואָס איך האָב פאַר איהם בּעשטעלט. אונ פון טאָג צו טאָג ווערט ער בּעסער זאָ דאָס מיר צווייפלען שוין ניט אין זיין לעבּין. נאָך אין אַקורצער צייט ווערט ער פאָלקאָמען געזונד.

דאָס איז ווירקליך איינער פון דיא אונגליקליכסטע פערזאָנען אונטער דעם הימעל האָט דעבארא געזאָגט אויסוּוישענד איהרע טרערין — אונ דוא האָסט מיט דעם מענטשין געטאָהן אַלעס וואָס דאָס מענטשליכקייט פאָדערט פון יעדען אָרדענטליכען מאַן.

אַיאָ ער איז איינער פון דיא אונגליקליכסטע? — האָט שטראַהל שמייכלענד געזאָגט — נאָר דוא קאָנסט איהם נאָך דעם נאָמען ניט געבּין. ווייל עס זיינען דאָ אַסך אַזעלכע וואָס זייא קומט אוים צו שטאַרבּין אין מיטין דער גאַס. «אונגליקליכער» וואָלסט דוא איהם ערשט גערופען. ווען דוא זאָלסט זיין בּיאָגראַפיהי אויסהערין.

איך פערשטייא ניט צווואָס דאַרף איך זיין פאַרגאַנגענהייט וויסען דוכט זיך זיין שרעקליכער געגענוואַרט איז שוין אויך גענוג — האָט דעבארא געזאָגט.

עס איז אַגרויסער אונטערשייד ווען דער ליידענדער וואָס מיר זעהען איז אונטער אַפינסטערין שטערין געבּאָרין. ער האָט קיין מאָהל דיא ליכטיגע שיין ניט געזעהען צו ער איז פון הייכען גליק אין פינסטערין אָבּגרונד געפאַלין. פאַר וואָס קוקען מיר גלייכגילטיג צו וויא טויזענדער אָרמע מענטשען פּלאָגין זיך. אונ מיר ווערין גערירט ווען מיר זעהען אַנ׳עדעל מאַן אין אַשרעקליכע לאַגע. ווייל יעדער האָט זיין פּלאַטץ. דער דימאַנט מוז זיין געפּאַסט אין גאָלד אָדער אין זילבּער. קוים איז ער אַריינגעזעצט אין פּראָסטע אייזין אָדער אין האָלץ ערקענען אַלע אַז דאָ איז ניט זיין פּלאַטץ. דער מענטש פון וועלכען איך האָב דיר ערציילט איז אַמאָהל געווען איינער פון דיא גרעסטע גבירים. פון איהם האָבּין געלעבּט זייער פיל מענטשין. ער איז געווען אַבּן יחיד בּייא עלטערין גליקליכע. וועלכע האָבּין איבּער איהם געציטערט וויא אויף דער טהייערסטער זאַך אין דער וועלט. נוא שטעלט זיך פאָר אַז דער גליקליכער מענטש. איז געבּליבּען אָהן געלד. אָהן גוטע פריינד אונ דאַבּייא קראַנק אויף דער

געפעהרליכסטע שטופפע , אונ נאך וואו אין אפרעמדער שטאט , צווישען אונבעקאנטע פרעמדע מענטשין , אזא מענטש איז געקומען צוא אזא לאגע וואס שטארבין אין מיטין דער גאס האט שוין בייא אים אויס געוויזען וויא אטרייסט אין זיין אונגעהייער גרויסען קימער , נוא זאג האסטו זיך ווען פארגעשטעלט אזא אונגליקליכען ?

דאס איז שרעקליך ! — האט דעבארא געזאגט — דער מענטש קאן ווירקליך אלם מוסטער דינען מיא זאל ניט שטאלצירען מיט קיין רייכטהום .

אזעלכע מוסטערין זיינען דא אסך — האט שטראהל גיענטפערט זיפצענד — אזעלכע שפיגלען שטייען פאר אונז איבעראל , נאר קיינער קוקט זיך אין זייא ניט איין , אין געגענטהייל אלע אנטלויפין פון זייא , נאר מיר האבין זיך צופיל פאר רעט אין טרויעריגע זאכין , לאמיר זיך אומקערין צוא אונזער ערשטין געשפרעך , בלייבט דאס אז מארגין הייראטין מיר .

יא אזויא בלייבט דאס אונ אזויא בין איך בעשלאסין . — האט דעבארא גיענטפערט .



## י.

## בעזארגטע עלטערין .

אין זייער אשיין רייכמעבלירטען צימער זעהען מיר יעצט איין הערין מיט אדאמע זיצענד נעבען אטיש שטארק פערטראכט , פערטיעפט אין געדאנקען .

קוקט זיך נאר גוט צוא מיינע ליבע לעזער וועט איר אין דיא צווייא פערזאנען געפינען אייערע אלטע באקאנטע , הערמאן גוסט מיט מאריא בערגטהאל וועלכע הייסט יעצט מאדאם גוסט , איא דאס זיינען גאר ניט דיא מענטשין וועלכע איר האט געקענט מיט צוואנציג יאהר צוריק , דער הערמאן האט שוין בעקומען אגרויסען בארד מיט אגראבין בויך , אונ מאריא אבוואל זיא שיינט צוא זיין דיא זעלבע קאקעטקע וואס פריער , פון דעסט וועגין איז זיא פארט ניט דיא זעלבע מונטערע פריילינע מאריא וואס מיר האבין גיקענט , אויף איר שטערין זייגען שוין דא היבשע עטליכע קנייטשען , אונ אויף איר געזיכט וועלכער איז שטארק געפודערט ליגט וויא אשטאלין , אונ זיא מאג ווירקליך שטאלצירען , דען זיא איז שוין ניט דיא ארמע מאריא וועלכער האט געזוכט ארייכין חתן , זיא איז היינט איינע פון דיא רייכסטע דאמען אין ווארשויא , זיא בריינגט ארויס אלע נייע מאדעס , אונ אלע אריסטאקראטישע דאמען קוקען נאר אויף איר , אונ מאכין זיך בעשטענדיג נאר אזעלכע קליידער וואס זיא טראגט .

וָואס הָאט דִיר גֶעזָאגְט ווייספעלד ? הָאט מאריא גֶעפְרֶעגְט נָאךְ אַלַאנְגֶעם שְׁוַויגִין .

עֶר הָאט מִיר גֶעזָאגְט אַז עֶר קָאן דָא גָאר נִיט הֶעלְפִין — הָאט הערמאן גִיעֶנְטְפֶערְט — עֶר הָאט מִיר אַיין עֵצָה גִיגֶעבִּין אִיךְ זָאל זִיךְ וֶוענְדִין צוּם רֶעקְטָאר פוּן אוּנִיוֶוערְזִיטֶעט , נָאר אִיךְ וֵייס אַז דֶער רעקטאר וֶועט מִיר גָאר נִיט עֶנְטְפֶערִין אֲפִילוּ , וַוייל דָאס אִיז בַּייא דִיא סְטוּדֶענְטִין נִיט דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל וָואס זֵייא פֶערְפִירֶען אַמֶעדְכֶען , אוּנ הָאבִּין מִיט אִיר חֲתוּנָה .

מִיא הָאט דָאךְ אָבֶּער גֶעזָאגְט אַז עֶר אִיז מִיט דֶעם רעקטאר וִויא בְּרִידֶער אוּנ עֶר קָאן דָא זֵייעֶר פִיל ווירְקִין ?

דָאס אִיז אַלְס אֱמֶת , עֶר אִיז טַאקֶע מִיט אִים זֵייעֶר גוּט , וַוייל עֶר הַאנְדִילְט מִיט אִים שׁוֹין יָארִין לַאנְג , נָאר וֶועגִין אַזַא זַאךְ וִויל עֶר אִים גָאר נִיט בֶּעטִין .

נוּא וָואס זֶע קְלֶערְסְטוּ טָאן ?

זָאלִין מִיךְ אַזוֹי קֵיין שְׁלֶעכְטְס נִיט וִויסֶען , וִויא אִיךְ וֵייס נִיט וָואס צוּא טָאן , אִיךְ רֶעכִין מִיר זָאלִין נָאר אֵיינְפַאךְ אַרַיינְגֵיין צוּא שטראהלען , אוּנ אִים בֶּעטִין מִיט גוּטֶען עֶר זָאל אוּנְז זָאגִין וואו אוּנְזֶער דעבארא איז אוּנ עֶר זָאל זִיא אוּנְז אָבְּגֶעבִּין .

פִילַייכְט הָאט עֶר שׁוֹין מִיט אִיר חֲתוּנָה גֶעהַאט ?

נֵיין אִיךְ הָאבּ רִיכְטִיג עֶרְפַאהְרֶען אַז עֶר הָאט קֵיין חֲתוּנָה נָאךְ נִיט גֶעהַאט , דֶען עֶר בַּאדַארְף דָאךְ אַרוֹיס גֶעמֶען בַּייא דֶעם רַאבִּינֶער אַקְוִויטֶעל , אוּנ דֶער רַבִּינֶער זָאגְט אַז אַזַא מֶענְטְשׁ הָאט בַּייא אִים קֵיין קְוִויטֶעל נִיט אַרוֹיס גֶענוּמֶען .

הָאסְטוּ אִים חָאטְשׁ גִיבֶּעטִין עֶר זָאל אַזַא קְוִויטֶעל נִיט אַרוֹיס גֶעבִּין וֶוען מִיא וֶועט אַזֶעלְכֶען בַּייא אִים פָאדֶערִין ?

עֶס פַארְשְׁטֵייט זִיךְ אַז אִיךְ הָאבּ אוֹיף דֶעם שֵׂכֶל גֶעהַאט , עֶר הָאט זִיךְ אָנְפַאנְגְס נִיט גֶעוָואלְט דַאצוּא סָאגְלַאסֶען , עֶנְדְלִיךְ אָבֶּער אַז אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעלֵייגְט אַהוּנְדֶערְטֶער אוֹיף דֶעם טִישׁ , הָאט עֶר מִיר פֶערְשְׁפְּרָאכִין דָאס צוּא טָאהְן .

אִיךְ וָואלְט גֶערִין גֶעוואוּסְט וואוּ קָאן עֶר הַאלְטִין אוּנְזֶער טָאכְטֶער ? בַּייא אִים אוֹיף דֶער קְוַוארְטִיר אִיז זִיא גֶעוִויס נִיטָא ?

נֵיין ! זָאגַאר דֶער ווירְטֶה פוּן זַיין קְוַוארְטִיר וֵייס גָאר נִיט , אַז שטראהל הָאט עֶרְגֶעץ אַגֶעלִיבְּטֶע , הָאט הערמאן גִיעֶנְטְפֶערְט .

דוּא וֵייסְט הערמאן — הָאט מאריא גֶעזָאגְט נָאךְ אַקוּרְצֶם נַאכְדֶענְקֶען — אִיךְ הֵאבּ אָן צוּא צְוֵוייפְלֶען אִין דֶעם צוּא שטראהל הָאט ווירְקְלִיךְ אוּנְזֶער טָאכְטֶער פֶערְפִירְט .

נֵיין ! אִין דֶעם אִיז קֵיין צְווייפֶעל נִיטָא , וֶועדְלִיג דֶער יוּנְגֶער מַאן הָאט אוּנְז עֶרְצֵיילְט פוּן דִיא צְוֵוייא פֶערְזָאנֶען וָואס עֶר הָאט בַּאגֶעגְנְט פָארֶענְדִיג ,

און האט נאך געזאגט אציינין אז ער איז אסטודענט פון אוניווערזיטעט, און ער האט געהערט וויא ער האט זיא גערופין ביא דעם נאמען דעבארא, איז ביא מיר קיין ספק ניט, אז זיא איז מיט שטראהלען אנטלאפין געווארין, און זיא איז געוויס דא, און מיר מוזען אריינגיין מארגין צוא דעם פערפלוכטען סטודענט און איהם בעטין מיט גוטען ער זאל אונז זאגען וואו זיא איז.

און וויא וועט זיין אז ער וועט ניט זאגין?

דאן וועל איך מוזען זוכין אן'אנדער מיטעל, דוא ווייסט דאך אז מיט געלד קאן מען אלס אויס פיהרען, איך וועל מיין גאנץ קאפיטאל אפפערין אבי אונזער טאכטער צוא געפינען.

דוא ווייסט נאך וואס איך וועל דיר זאגין הערמאן, אויב דוא וועסט זעהען אז שטראהל וויל בשום אופן ניט זאגין וואו זיא איז, זאלסטו איהם פערשפרעכין צוא געבין אונזער טאכטער אין גוטין מוטה פאר א פרויא.

איך האב דאס אויך געקלערט, וואס וועט דאס שאדען ווען איך וועל איהם פערשפרעכין, פון זאגין ביז מקיים זיין איז זייער וויים.

איך מיין טאקע דוא זאלסט מקיים זיין דיין פערשפרעכונג, און פאר וואס ניט שטראהל איז זייער אפיינער יונגער מאן, און העכסט געבילדעט דאצו, איך רעכין אז אונזער טאכטער קאן פאר אים גליקליך זיין.

וואס רעדסטו אזעלכע נארעשקייט — האט הערמאן צארניג געזאגט — דוא ווילסט מיר זאלין זיך טאקע אין גאנצין פערשמירען אין בלאטע.

איך פארשטייא ניט פאר וואס רופסטו דאס אן פערשמירען אין בלאטע דוא מיינסט אין דער אמתן, אז דיא גאנצע וועלט באשטיים נור אויף געלד, זיין איינציגער פעהלער איז דאך נאר וואס ער איז אין ארומאן, און דאס איז היינטיגע צייטען פון דיא קליינע פעהלער, היינט קוקט מען נאר אויף דעם מענטשין אליין.

מעהר קיין פעהלער האסטו אין אים ניט געפונען וויא דאס וואס ער איז ארום? — האט הערמאן שמייכלענד שיטעלנד מיט דעם קאפ, — נוא און דאס וואס ער איז פון אנידערינגער פאמיליע אנגעב׳ס אזון דאס הייסט ביא דיר קיין פעהלער ניט?

וואס זאגסטו איז ער אנגעבם אזון? איך פארשטייא דיר גאר ניט — האט מאריא ערשטוינט געזאגט.

אזויא? דוא ווייסט ניט פון דעם סוד? נוא וועל איך דיר דערציילין. שטראהלס פאטער האט אוועק גיווארפין זיין פרויא, עס הייסט שטראלס מוטער אין אקורצער צייט נאך זיין התונה, און האט נאכהער אסך מענטשין באגנבעט און בדלות געשטערבט, שטראהל איז געבליבין אלעלבעדיגער יתום, זיין גליק איז גיוועזן וואס זיין מוטערס אקרובה וועלכע האט קיין קינדער ניט געהאט, האט אויף אים רחמנות געהאט און האט איהם פאר אקינד צוא גענומען זיא

זִיא הָאט אִים עֶרְצוֹיגִין אוּנ גֶעגֶעבִּין אִיהְר פַאמִילְיֶע, פַארְשְׁטֵייסְטוּא שׁוֹין? נוּא אִיצוּנְד וֶועסְטוּא אוֹיךְ זָאגִין אַז דוּא וֶועסְט אִים גֶעבִּין דַיין טָאכְטֶער פַאר אַפְּרוֹיא.

זֶעהסְטוּ אוֹיב אַזוֹי אִיז גָאר אַנְדֶערֶע וֶוערְטֶער — הָאט מאריא גֶעזָאגְט — אִיךְ הָאבּ גִירֶעכִינְט אַז עֶר אִיז טַאקֶע רפאל שטראהלס אַזוֹן.

עֶהֶע וֶוען עֶר זָאל זַיין רפאל'ס אַזוֹן, וָואלְט אִיךְ קֵיין צְוֵוייא וֶוערְטֶער נִיט אִיבֶּער גִירֶעט אוּנ וָואלְט אִים גֶענוּמֶען פַאר אַנ'אֵיידִים, נָאר גֶעבִּין מַיין טָאכְטֶער צוּא אַגַנְבִים אַזוֹן דָאס וֶועל אִיךְ נִיט טָאן וֶוען אִיךְ זָאל אֲפִילוּ וִויסֶען אַז זִיא וֶועט אוֹיס לִיבֶּע צוּא אִים שְׁטַארְבִּין.

וָואס דוּא בִּיזְט גִירֶעכְט בִּיזְטוּ גִירֶעכְט הָאט מאריא גֶעזָאגְט.

וואוּ אִיז דָאס דבשה דֶעם גַאנְצִין טָאג — הָאט פְּלוּצִים הערמאן גֶעפְרֶעגְט.

דבשה'ן הָאבּ אִיךְ גֶעהֵייסִין אַרוּם גֵיין אִין אַלֶע גַאסִין טָאמֶער וֶועט זִיא בַּאגֶעגְנֶען אוּנְזֶער דבורה'ן.

אַרַחֲמָנוּת אוֹיף אִיר וָואס טְרַייבְּסְטוּ זִיא אַרוּם אַגַאנְצִין טָאג, זִיא אִיז דָאךְ אוֹיךְ נִיט מֶעהר וִויא אַמֶענְטְשׁ.

נִישְׁקָאשֶׁע דֶער טַייפֶעל וֶועט זִיא נִיט צוּא נֶעמֶען. — הָאט מאריא גִיעֶנְטְפֶערְט — פַאר וָואס דֶען נֶעמְט זִיא גֶעלְד? זִיא זָאל זִיצֶען וִויא אַפְּרִיצֶע עֶסִין אוּנ זוֹיפֶען?

אוּנ אַז זִיא אִיז אַדִינְסְט בַּאדַארְף זִיא שׁוֹין נִיט לֶעבִּין אוֹיף דֶער וֶועלְט? פַארְגֶעס נִיט אַז זִיא אִיז אַמָאל אוֹיךְ גִיוֶוען מִיט לַייטֶען גְלַייךְ.

אַקְלֵיינִיקַייט זִיא אִיז גִיוֶוען מִיט לַייטֶען גְלַייךְ — הָאט מאריא מִיט אַסַאטִירֶעשִׁין טָאן גֶעזָאגְט — טָאמֶער וֵוייסְטוּ נִיט וָואס פַאר אַמְיוּחֶסֶת זִיא אִיז קָאן אִיךְ דִיר דֶערְצֵיילִין, אִיר מַאן אִיז גִיוֶוען אַקָאסִיר בַּייא אַגֶעוִויסֶען גְבִיר לוי פריעדפיש, אוּנ צוּם סוֹף הָאט עֶר בַּאגַנְבֶעט אוּנ בַּארַאבֶּעוֶועט זַיין פְּרִינְצֶעפַּאל אוּנ אִיז אַנְטְלָאפֶען גֶעוָוארִין, נוּא פַארְשְׁטֵייסְטוּא שׁוֹין אִיהר יִחוּס?

נוּא אִין דֶעם אִיז זִיא דָאךְ נִיט שׁוּלְדִיג וָואס אִיר מַאן אִיז גִיוֶוען אַגַנֶב, אַבִּי זִיא אִיז אַנ'עֶרְלִיכֶע.

מִיט וָואס אִיז זִיא דָאס אַזוֹיא עֶרְלִיךְ? וָואס זִיא הַאפְּט נִיט קֵיין בֵּיינִיל פוּן דִיא מוּלְטֶערְם? נָא דִיר אַפְּיָעטַאק פַאר אִיר עֶרְלִיכְקַייט, אִיךְ הָאבּ זִיא שׁוֹין גוּט דֶערְקֶענְט, זִיא אִיז אַגוּטֶע נַאשֶׁערִין, נִיט שְׁטֶעל אוּנ נִיט לֵייג פַאר אִיר הֶערְסְטוּ נִיט אוּמְזָאנְסְט הָאט זִיא דֶער מַאן אַוֶועק גֶעוָוארְפִין, וֶוען זִיא זָאל זַיין אַשְׁטִיקֶעל מֶענְטְשׁ, וָואלְט עֶר זִיא נִיט אִיבֶּער גֶעלָאזְט צְוַואנְצִיג יָאהְר אַיין עֲגוּנָה.

וִויא בַּאלְד עֶר אִיז אַנְטְלָאפִין גֶעוָוארִין מִיט אַגְנֵבָה אִיז דָאךְ שׁוֹין קֵיין ווּאוּנְדֶער נִיט וָואס עֶר הָאט זִיא פֶערְלָאזִין.

דָאס אִיז אַבֶּעזוּנְדֶער זַאךְ, אוּנ יֶענְץ אִיז אַבֶּעזוּנְדֶער זַאךְ, אִיךְ בֶּעט

דיךְ הערמאן זַייא נִיט אַצוּגְרוֹיסֶער בַּעַל רַחֲמִים אוֹיף דבשה׳ן, גִישְׁקְאשְׁע זִיא וֶועט חָלֶעבִּין פוּן הוּנְגֶער בַּייא מִיר נִיט שְׁטַארְבִּין וִויפִיל דִינְט זִיא שׁוֹין בַּייא אוּנְז שׁוֹין בָּרוּךְ הַשֵּׁם פִינְף יָאר אוּנ דוּא זֶעהְסְט דָאךְ וִויא גֶעזוּנְד זִיא אִיז, אַסַךְ גֶעזִינְטֶער פוּן מִיר.

נוּא! נוּא! זָאל שׁוֹין זַיין וִויא דוּא זָאגְסְט — הָאט הערמאן גִיעֶנְטְפֶערְט — דוּא וַוייסְט נָאר וָואס אִיךְ וֶועל דִיר זָאגִין מאריא, וָואצוּ זָאלִין מִיר אוּנְזֶער וִויזִיט צוּ שטראהלין אָפְּלֵייגִין אוֹיף מָארְגִין, טוּ זִיךְ אָן לָאמִיר שׁוֹין אַרִיבֶּער גֵיין צוּא אִים, דַאבַּייא וֶועלִין מִיר זִיךְ טַאקֶע אַבִּיסִיל דוּרְךְ גֵיין, דָא אִיז זֵייעֶר דוּשְׁנֶע אוּנ סְקוּצְנֶע.

אוֹיבּ דוּ וִוילְסְט קָאן אִיךְ דָאס דִיר צוּלִיבּ טָאן — הָאט מאריא גִיעֶנְטְפֶּרְט — מִיר קֶענֶען גֵיין.

דַאבַּייא אִיז זִיא אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען הָאט זִיךְ אַייגְגֶעוַואשִׁין אוּנ אָנְגֶעקְלֵיידֶעט מִיט דֶעם גַאנְצֶען פוּטְץ אוּנ זֵייא זַיינֶען בֵּיידֶע אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען צוּא שטראהל׳ן.



# יא.

## וַוייטֶער דִיא צְוֵוייא קָאמֶעראַדִין.

נוּא מארק אִיצוּנְד בִּין אִיךְ בַּייא דִיר וֶוערְט אַלֶע גֶעלְטִין — הָאט דאנילא פְרֵיילִיךְ אוּנ שְׁטָאלְץ גֶעזָאגְט צוּא מארק׳ן, אַרַיינְגֵייעֶנְד צוּא אִים אִין צִימֶער אִיךְ הָאבּ אַלֶעס אוֹיס גֶעפִירְט אוֹיף דֶעם בֶּעסְטִין אַרְט דוּא הָאסְט פִינְף הוּנְדֶערְט רוּבִּיל, אוּנ דַוְקָא נִיט אוֹיף־קַיין גְרוֹיסִין פְּרָאצֶענְט סַךְ הַכֹּל וֶועסְטוּ דַארְפִין גֶעבִּין דֶער פַאר אֵיין הוּנְדֶערְטָער פַאר אַחוֹדֶשׁ.

אִיךְ דַאנְק דִיר זֵייעֶר לִיבֶּער דאנילא. — הָאט מארק גֶעזָאגְט צוּנֶעמֶענְד דָאס גֶעלְד — אַךְ וֶועלִין מִיר דָאס הַיינְט מַאכִין אַשְׁטָאס, אַז גָאט אַלֵיין וֶועט זִיךְ דַארְפִין פְרֵייעֶן, נוּא אוּנ וֶוענִין דֶעם מֶעדְכֶען וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעזָאגְט הָאסְטוּ עֶפֶּעס עֶרְפַאהְרֶען?

אַפְּרַאגֶע צוּא אִיךְ הָאבּ עֶרְפַאהְרֶען, אִיךְ וַויים שׁוֹין אֲפִילוּ וִויא זִיא הֵייסְט אוּנ וואוּ זִיא וואוֹינְט, דוּא הָאסְט נִיט־קַיין שְׁלֶעכְטִין גֶעשְׁמַאק מארק, זִיא אִיז וִוירְקְלִיךְ דִיא שֶׁענְסְטֶע פְרוֹיעֶנְצִימֶער אִין דֶער וֶועלְט.

אַזוֹיא דוּא וַוייסְט שׁוֹין וֶוער זִיא אִיז? — הָאט מארק הֶעכְסְט עֶרְפְרֵייט גֶעזָאנְט זָאג גֶעשְׁווִינְד וֶוער אִיז זִיא?

זִיא מוּז זַיין נָאר אַפְּשׁוּטָה סְחוֹרָה... — הָאט דאנילא גִיעֶנְטְפֶערְט — זִיא הֵייסְט סארא בלאהוויים, זִיא וואוֹינְט אֵיינֶע אַלֵיין נָאר מִיט אַנ׳אַלְטֶע הִינְקֶעדִיגֶע דִינְסְט אִין צערקאסקען פערעאולאק אִין גראסהעלדס הויז, צוּא אִיהר קוּקְט קֵיינֶער אוֹיסֶער דֶעם סְטוּדֶענְט שטראהל נִיט אַרַיין.

עֶרְצֵייל מִיר בְּרוּדֶער וִויא אַזוֹיא הָאסְטוּ דָאס עֶרְפַאהְרֶען.

דורךְ אַצופּאל — הָאט דאנילא גיעֶנְטפֶערְט — נֶעסְטֶערין אָבֶענְדְס צייט אַוֶועק גייעֶנְד פון דיר הָאבּ איךְ מִיךְ בּאֶגעגינְט מִיט סימאן קלאפּשטיין דֶער גיוועזֶענֶער סְטודֶענְט וֶועלְכֶען מִיא הָאט היינְטיגְעס יָאר פון דֶעם אוּניוֶוערְזִיטֶעט אַרוֹיס גֶעטְרִיבֶּען, עֶר קָאן אַלֶע סְטוּדֶענְטִין וִויא זִיךְ אַלֵיין, איךְ הָאבּ אִיהְם אָנְגֶעהויבּין צוּ פְרֶעגִין צוּא קֶען עֶר נִיט אֵיין סְטוּדֶענְט שטראהל, אוּנ עֶר הָאט מִיר גֶעזָאגְט אַז עֶר קָאן אִים זֵייעֶר גוּט, מִיר הָאבִּין זִיךְ אַזוֹיא פַארְרֶעט בִּיז מִיר זיינֶען גֶעקוּמֶען אוֹיף דֶעם בּוּלְוָוואר, פְּלוּצִים הָאט מִיר קלאפּשטיין גֶעחַאפְּט בּייא דֶער הַאנְד אוּנ הָאט מִיר גֶעזָאגְט: אֶט גֵייט שטראהל, אוּנ הָאט מִיט דֶעם פִינְגֶער גֶעצֵייגְט אוֹיף אַיוּנְגִין מַאן וֶועלְכֶער אִיז גֶעשְׁטַאנֶען גֶעאַרֶעמְט מִיט אַפְרַיילִין, איךְ הָאבּ בַּאלְד פַארְשְׁטַאנֶען, אַז דָאס מוּז זַיין דָאס פְרַיילִין וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט מִיר אַזוֹיא גֶערִימְט, אוּנ בִּין פֶערְלָאפִין אַפְרִיעֶר אִיךְ זָאל זֵייא בֵּיידִין גוּט קֶענֶען בֶּאטְרַאכְטֶען, אִיךְ הָאבּ זִיךְ ווירְקְלִיךְ נִיט גִיקֶענְט זאט אָנְקוּקֶען אוֹיף דֶער שֵׁיינֶער פְרַיילִין, זִיא אִיז אַנוֹאהְרֶער עֶנְגֶעל, אִיר פַּאסְט צוּא זַיין אַפְּרִינְצֶעסִין, נוּא נוּא וִויא פַארְשְׁטֵייסְטוּ, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין נִיט אָפְּגֶעטְרָאטֶען אוּנ הָאבּ זֵייא נָעהִיט, זֵייא זַיינֶען אַלַאנְגֶע צייט אַרוּם גֶעגַאנְגֶען, עֶנְדְלִיךְ הָאבִּין זֵייא זִיךְ גֶעזֶעצְט אוֹיף אַבִּירְזֶע אוּנ זַיינֶען אַוֶועק גִיפָארִין, אִיךְ הָאבּ דִיא מִינוּט מִיךְ אוֹיךְ גֶעזֶעצְט אוֹיף אַבִּירְזֶע אוּנ בִּין זֵייא נָאךְ גֶעפָארִין, זֵייא זַיינֶען גֶעקוּמֶען אִין צערקאסקין פערעאולאק אוּנ זַיינֶען שְׁטֵיין גֶעבְּלִיבִּין נֶעבֶען גראסהעלדס הויז, דַאן הָאבּ אִיךְ מַיין בִּירְזָאר בֶּעפְרַייט אוּנ בִּין שׁוֹין גֶעגַאנְגֶען צוּא פוּס, הָאבּ פוּן וַויטִין נָאךְ גֶעקוּקְט וואוּהִין זֵייא וֶועלִין אַריינְגֵיין, אִיךְ הָאבּ גִיזֶעהֶען אַז זֵייא זַיינֶען אַריינְגֶעגַאנְגֶען טַאקֶע אִין דֶעם הוֹיף פוּן דֶעם הויז אוּנ זַיינֶען דָארְט גֶעבְּלִיבִּין בַּייא אַפִּירְטֶעל שְׁטוּנְדֶע נַאכְהֶער אִיז שטראהל אַלֵיין אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אוּנ אִיז אַוֶועק גִיפָארִין, אִיךְ הָאבּ גֶעוואוּסְט אַז בַּייא נַאכְט וֶועל אִיךְ גָאר נִיט עֶרְפַאהְרֶען, אִיךְ בִּין דארוּם אוֹיךְ אַהֵיים גֶעגַאנְגֶען נָאר הַיינְט פְרִיא בִּין אִיךְ אַהִין גֶעלָאפִין, הָאבּ גֶעמַאכְט אַגֶעשְׁפְּרֶעךְ מִיט דֶעם דְוָוארְנִיק אוּנ הָאבּ פוּן אִים עֶרְפַאהְרֶען אַז דָא וואוֹינְט אִין צֶעהֶענְטִין נָאמֶער אַיוּנְגֶע פְרוֹיא מִיט דֶעם נָאמֶען סארא בלאהוויים, צוּא אִיהר קוּמְט אַריין אַלֶע טָאג אַיוּנְגֶער מַאן, אוּנ מִיט אִיר זִיצְט נָאר אִיהְרֶע אַהֶיְנְקֶעדִיגֶע דִינְסְט, דָא הָאסְטוּ דִיא גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע.

בְּרַאוָוא דאנילא! הָאט מארק גֶעזָאגְט פַּאטְשְׁעֶנְד מִיט דִיא הֶענְד — אוֹיף דִיר מָאג מֶען זִיךְ טַאקֶע פַארְלָאזִין מִיט אַגֶעשֶׁעפְט, נוּא וָואס זֶע גִיסְטוּ מִיר יֶעצְט פַאר אַרַאט זָאל אִיךְ מִיךְ שַׁדְכֶענֶען צוּא דֶעם עֶנְגֶעל.

נָאךְ מַיין מֵיינוּנְג וֶועט זִיא דִיךְ צוּא נֶעמֶען פַאר אַגוּטֶען נַאסְט דֶען וִויא אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעזָאגְט שֵׁיינְט מִיר אַז זִיא מוּז זַיין נָאר אַפָּשׁוּטֶע סְחוֹרָה, אוּנ אַזַא גֶעלְדִיגֶער מֶענְטְשׁ וִויא דוּא בִּיזְט, אִיז פַאר אַזֶעלְכֶע סְחוֹרוֹת אַלַאקְאָמֶער בִּיסֶען.

זִיא אִיז אֶפְשָׁר שטראהלס כַּלָה.

וַויים אִיךְ וָואס דוּא רֶעדְסְט, וֶוען זִיא זָאל זַיין אַכַּלָּה וָואס זֶע הָאלְט עֶר זִיא אֵיינֶע אַלֵיין אִין אַצִימֶער וָואלְט עֶר גֶעוִויס פַאר אִיר גֶעזָאגְט אַוואויגוּגְג עֶרְגֶעץ צְוִוישֶׁען אַיין אָרֶענְטְלִיכֶע פַאמִילְיֶע, זִיא אִיז זַיינֶע נִיט קַיין כַּלָּה נָאר אַגֶעלִיבְּטֶע.

נוּא אוּנ אַז אַגֶעלִיבְּטֶע מוּז זִיא דָאךְ נָאר אִים לִיבּ הָאבִּין.

מִיר וַויסִין שׁוֹין פוּן דִיא לִיבֶּעס, עֶס זַיינֶען דָא אַזֶעלְכֶע נַארָאנִים אַסַךְ וָועלְכֶע גְלוֹיבִּין אַז דִיא שַׁיינֶע סְחוֹרוֹת וָואס זַייא קוֹיפִּין הָאבִּין נָאר זַייא אַלֵיין לִיבּ, אוּנ זַייא וַויסִין אָבֶּער נִיט אַז דִיא חֶבְרֶה עֶנְטְזַאגִין זִיךְ נִיט פוּן קַיין מַאנְסְפֶּערְזָאן וָועלְכֶער הָאט נָאר גֶעלְד, מָאנְסְט פְרַייא אִיר מַאכִין אַוִויזִיט, דוּא וָועסְט בַּייא אִיר זַיין אַגוּטֶער גַאסְט.

וִויא וֶועט אָבֶּער זַיין אַז וָועהְרֶענְד אִיךְ וָועל בַּייא אִיר זִיצֶען וֶועט אָנְקוּמֶען שטראהל.

נוּא וָואס זֶע הָאסְטוּ מוֹרָא.

דוּא קֶענְסְט נִיט דִיא סְטוּדֶענְטִין, זַייא זַיינֶען פֵייהִיג נָאךְ אַרוֹיס צוּא רוּפֶען פַאר אַזַא זַאךְ אוֹיף אַדוּעֶל, אוּנ דוּא וַוייסְט דָאךְ וִויא אִיךְ הָאבּ פַאר אַזֶעלְכֶע זַאכִין מוֹרָא.

זַייא נִיט קַיין נַאר, עֶר וֶועט דִיר אוֹיף אַדוּעֶל נִיט אַרוֹיס רוּפִין פַאר אַזַא נַארֶעשְׁקַייט, אוּנ דַאצוּ וֶועט שׁוֹין דָאס מֵיידִיל אַלֵיין פֶּערְהִיטֶען פוּן אַסְקַאנְדַאל, דִיא חֶבְרָה זַיינֶען שׁוֹין גִילֶערִינְט אוֹיף אַזֶעלְכֶע זַאכִין, זַייא צוּא בְּלָאזִין דִיא שְׁוַוארְצֶע וָואלְקִין אֵיידֶער זַייא קוּמֶען.

זָאגְסְטוּ אִיךְ זָאל מִיךְ פְּרוּוֶוען אַרַיינְגֵיין.

יַא מָאנְסְט פְרַייא גֵיין אַהִין, אוּנ אוֹיבּ דוּא הָאסְט נָאךְ אַלְץ מוֹרָא וֶועל אִיךְ אוֹיךְ מִיט דִיר גֵיין.

זֶעהְסְטוּ דָאס אִיז אַפְּלַאן, אוּנ מִיט דִיר צוּזַאמֶען וֶועל אִיךְ גֵיין אִין גְרֶעסְטִין גֶעפַאהְר. — הָאט מארק עֶרְפְרֵייט גֶעזָאגְט, וֶוען זֶשֶׁע וֶועלִין מִיר מַאכִין אוּנְזֶער וִויזִיט.

פוּן מַיינְט וֶועגִין חָאטְשׁ הַיינְט — הָאט דאנילא גִיעֶנְטְפֶערְט — יַא אִיךְ הָאבּ מִיךְ דֶערְמָאנְט אִיךְ הָאבּ דִיר לִיבֶּער מארק אַוִויכְטִיגֶע נַאכְרִיכְט צוּא עֶרְצֵיילִין.

וָואס אִיז פַאר אַנַאכְרִיכְט?

מִיר וֶועלִין הָאבִּין אִין נִיכִין בַּייא דַיין שְׁוֶועסְטֶער אַתְּנָאִים

בַּייא מַיין שְׁוֶועסְטֶער אַתְּנָאִים?

יַא זִיא הָאט שׁוֹין אוֹיס גֶעזוּכְט אַחָתָן, אוּנ וִויא עֶס וַוייזְט אוֹיס וֶועלִין מִיר הָאבִּין אִין גִיכֶען אַשַׁיינֶע חֲתוּנָה.

אִיךְ פַארְשְׁטֵייא דִיר גָאר נִיט — הָאט מארק עֶרְשְׁטוֹינְט גֶעזָאגְט — וִויא קוּמְט דָאס אִיךְ זָאל אַזַא זַאךְ נִיט וִויסֶען.

אֲפִילוּ דַיין פָאטֶער וַויים נָאךְ אוֹיךְ דָער פוּן נִיט.

דער צייל זע מיר שוין וואס איז דאס פאר אנייע געשיכטע.

דאס איז גאר אנ'איינגפאכע געשיכטע. — האט דאנילא גיענטפערט — דיין שוועסטער זוזאנא איז גיוועזען דיא וואך אויף אבאל.

יא ביא דעם באנקיר שפיצעל.

דארט האט זיא זיך באקענט מיט דעם באנקירס זאהן מאקס, אונ צווישין זייא איז געוואָרין אליבע וואס ברענט וויא דער גהינם, דוא האסט דען ניט באמערקט וויא מאקס האט אנגעהויבין אלע טאג ארייננגיין צוא אייך.

יא איך האב דאס באמערקט, נאר איך האב געמיינט אז ער קומט צוא מיין פאטער.

ניין ניט צוא דיין פאטער נאר צוא דיין שוועסטער קומט ער, מיר האט ערציילט אגעוויסער מענטש אז מאקס איז אין זוזאנאן פערליבט איבער דיא פיאטס, טפוי! איך האב געוואלט זאגין איבער דיא אויערין, אונ זיא גייט שוין ארום אן אקאפ פון אים.

וואס מיינסטו דאס איז פאר מיין שוועסטער אגליקליכער שידוך.

וואס הייסט גליקליך אגליק צוא אגליק איז דען גלייך — האט דאנילא לאכענד געזאגט — ווען איך זאל זיין זוזאנא וואלט איך אפילו מיט אים קיין צווייא ווערטער ניט גירעט.

פאר וואס?

דער פאר וואס ער איז גאר קיין מענטש ניט, ער האט אפנים פון איין אפפע אויף אים איז גוט אקוק צוא טאן ווען מיא דארף עפעס איינגעמען אויף ברעכין.

ער איז דוכט זיך גאר ניט אזויא מיאוס וויא דוא זאגסט.

זעהסטו איצונד פארשטייא איך אז דוא ביזט אגרויסער מבין אויף שיינקייט אז מאקס איז ביא דיר אין דיא אויגין שיין, ווען זוזאנא זאל זיין מיין שוועסטער וואלט איך דאס לעבין געלייגט אונ וואלט ניט דערלאזט צוא אזא שידוך, עס איז איינפאך ארחמנות אויף דער שיינער בלומע וואס וועט דארפין פערצירען אזא מיאוס קאפ, זעהסטו ווען זיא זאל מיך וועלין פאלגין וואלט איך איר יא גירעט אשידוך, אבער אחתן איינער אין דער וועלט.

דוא ווילסט שוין ווערין אשדכן.

יא ביא דעם שידוך וואלט איך געוואָרין אשדכן, ווייל איך וואלט דאמיט גליקליך געמאכט צווייא מענטשין.

ווער איז דאס דער חתן.

דוא קענסט אים זייער גוט, איך מיין טאקע וואלף קארטמאן.

ווער וואלף קארטמאן דער קארטיאזניק.

פא פא פא! — האט דאנילא מיט אשמייכיל געמאכט — זעה נאר אפעהלער האט ער אוים געזוכט „קארטיאזניק״, נוא? ביזטו דאך אויך מיט

דָעם פֶּעהְלֶער אוּנ נָאךְ אַזֶעלְבֶע גְבִירִישֶׁע קִינְדֶער וִויא דוּא בִּיזְט הָאבִּין אוֹיךְ דָעם פֶּעהְלֶער.

נֵיין פַאר מַיין שְׁוֶועסְטֶער אִיז דָאס גָאר קֵיין שִׁידוּךְ נִיט.

פַאר וָואס אִיז דָאס פַאר אִיר קֵיין שִׁידוּךְ נִיט? דֶער פַאר וָואס עֶר שְׁפִּילְט בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִין קָארְטִין? עֶרְשְׁטִינְס וֵוייסִין מִיר דָאךְ בֵּיידֶע אַז שְׁפִּילֶען אִין קָארְטִין אִיז גָאר קֵיין עֲוֹלָה נִיט, דֶער בֶּעסְטֶער סִימָן אִיז וָואס מִיר שְׁפִּילֶען אוֹיךְ, צְוֵוייטִינְס וֶוען וואלף וֶועט חֲתוּנָה הָאבִּין וֶועט עֶר גֶעוִויס אוֹיפְהֶערִין צוּ שְׁפִּילִין אִין קָארְטִין, וַוייל עֶר וֶועט דָאךְ דַארְפִין מַאכִין עֶפֶּעס אַגִישֶׁעפְט, אוֹיסֶער דָעם אִיז עֶר דָאךְ אַמַאן אַפֶּערְגֶעגִינְגֶען אַקוּק צוּא טָאן אוֹיף אִים, אִיךְ זָאג דִיר אַז פַאר זוזאנאן אִיז דָאס אַגְלִיק.

אִיךְ פַארְשְׁטֵייא גָאר נִיט וָואס רֶעדְסְטוּ מִיט מִיר וֶועגִין דֶעם, ווִילְסְט וֶוערִן אַשַׁדְכָן גֵייא אַרַיין צוּא מַיין פָאטֶער אָדֶער צוּא מַיין שְׁוֶועסְטֶער אוּנ לֵייג דֶעם שִׁידוּךְ פַאר זֵייא פָאר.

אִיךְ וֶועל טַאקֶע אַזוֹיא טָאהְן, נָאר אִיךְ ווִיל דוּא זָאלְסְט מִיר אִין דָעם בֶּעהִילְפִיג זַיין.

וָואס קָאן אִיךְ דִיר דָא הֶעלְפִין.

רֵייד אִיבֶּער מִיט דַיין שְׁוֶועסְטֶער, אוּנ עֶרְקְלֶער אִיר אַז פַאר אִיר אִיז וואלף קארטמאן דֶער גְלִיקְלִיכְסְטֶער שִׁידוּךְ.

דָאס וֶועל אִיךְ נִיט טָאן, עֶרְשְׁטִינְס גִיפֶעלְט מִיר דֶער שִׁידוּךְ נִיט, צְוֵוייטִינְס וֵוייסְטוּ דָאךְ ווִיא מַיין שְׁוֶועסְטֶער פָאלְגְט מִיר, זִיא אִיז דָאךְ בַּייא זִיךְ אַזוֹי שְׁטָאלְץ אַז זִיא ווִיל גָאר מִיט מִיר נִיט רֵיידִין, נָאר אִיךְ וֶועל דִיר פְרֶעגִין אֵיין זַאךְ דאנילא זָאלְסְט מִיר אָבֶּער דִיא רֵיינֶע וַוארְהַייט זָאגִין.

וָואס ווִילְסְטוּ מִיךְ פְּרֶעגִין?

אִיךְ רֶעכִין אַז וואלף הָאט דִיר גִיבֶּעטִין דוּא זָאלְסְט דָא זַיין דֶער שַׁדְכָן, וַוייל אִיךְ הָאבּ שׁוֹין לַאנְג בַּאמֶערְקְט ווִיא וואלף קוּקְט אוֹיף מַיין שְׁוֶועסְטֶער נִיט גְלַייכְגִילְטִיג.

חָלִילָה! וואלף וַוייס גָאר דֶער פוּן נִיט אַז אִיךְ ווִיל אִים דֶעם שִׁידוּךְ רֵיידִין — הָאט דאנילא פַארְשֶׁעמְט גִיעֶנְטְפֶערְט — מִיר אִיז דָאס אַלֵיין אַיינְגֶעפַאלִין, אַלְזָא זָאגְסְטוּ מִיר נִיט צוּ הֶעלְפִין מִיר אִין דֶעם שִׁידוּךְ.

נֵיין אִיךְ קָאן דָא דִיר גָאר נִיט הֶעלְפִין — הָאט מארק גִיעֶנְטְפֶערְט — אוּנ וַוייטֶער וֶועלִין מִיר זֶעהֶען.

נוּא וֶועל אִיךְ מִיךְ מוּזֶען אַלֵיין מוּטְשֶׁען.

אִיךְ רַאטֶה דִיר דוּא זָאלְסְט זִיךְ גָאר נִיט פְּרוּוֶוען, וָוארוּם דַיין מִיהֶע וֶועט זַיין אַרוֹיס גֶעוָוארְפִין, פִיהְר מִיר בֶּעסֶער אוֹיס דֶעם שִׁידוּךְ מִיט דֶער שֵׁיינֶער סאראזבלאהוויים וֶועסְטוּ הָאבִּין שֵׁיינֶע שַׁדְכָנוּת גֶעלְד.

דֶער שִׁידוּךְ אִיז שׁוֹין ווִיא אוֹיס גֶעפִירְט, — הָאט דאנילא לַאכֶענְד גִיעֶנְטְפֶערְט — אִיךְ הָאבּ דָאךְ דִיר גֶעזָאגְט דוּא בַּאדַארְפְסְט נָאר אִיר אֵיין ווִייזִיט

מאכין (פ״א)

מאכין , איז זיא שוין דיינע , נאר געוואוינליך זאלסטו מיט זיך אשיינעם גדן מיט נעמען .

איך וועל שוין היינט אין קארטין ניט שפילין אונ וועל בעסער דיא 500 רובעל וואס דוא האסט מיר געבראכט פאר גדן באהאלטען , איא דאס איז אפלאן ?

דאס איז פאר איר אצוגרויסער גדן , איין הונדערטער איז נאך מיין מיינונג אויך גענוג , גייען מיר היינט צוא איר ?

יא מיר גייען — האט מארק גיענטפערט .



## יב.

### דער געפאלענער גביר .

איך וועל אייך מיינע לעזער אריינפיהרען צוא אבעקאנטין מענטשין מיט אוויזיט , נאר איר זאלט זיך ניט ערשרעקין .

איך האב אוים גירעט דיא פראזע „נאר איר זאלט זיך ניט ערשרעקין״ מיט דעם זעלבין טאן וואס איינער ווארענט דעם צווייטין פון אגעפאהר וועהרענד ער ווייס ביא זיך אז דאס איז קיין געפאהר ניט , אונ אים אינטערעסירט אויך ניט ווען ער (דעם וואס ער ווארינט) וועט אריינפאלין אין אגעפאהר , איך האב אייך אנגעזאגט איר זאלט זיך ניט ערשרעקין , וועהרענד איך ווייס בעשטימט אז איר ערשרעקט זיך ניט פאר גרעסערע זאכין , אונ מיך וועט טאקע גאר נים אינטערעסירען ווען איר וועט זיך יא ערשרעקין , אין גענגענטהייל מיר וועט דאס גאר הנאה טאן , דען דער וואס איז פייהיג צוא ערשרעקין זיך פאר אזא סצענע , דער באווייזט אז ער האט אין זיך אנוט הארץ , אונ דאס איז היינטיגע צייטען זייער זעלטען צוא טרעפין .

איך וועל אייך אריינפירען צוא אונזער אלטין באקאנטין בנימין פריעדפיש .

איא איר זייט ניינעריג צוא זעהען דעם מענטשין וועלכער האט מיט צוואנציג יאר צוריק פאר אונזערע אויגין אזא ראליע געשפילט ? איר זייט געוויס ניינעריג צוא ערפאהרען וואס מיט אים האט זיך איבער געטאן אין דעם פערלויף פון אזא צייט , אונ וויא אזויא ער איז געקומען צוא אזא לאגע .

איינענטליך האב איך עס גיקענט אין עטליכע ווערטער אייך ערקלערין , אז פון דער צייט אן וואס פלטיאל האט דעם פאטערס קאפיטאל צוא גענומען איז דעם אלטין לוי'ס וויא אויך בנימינ'ס גליק פערשוואונדין געווארין , בנימין האט מורא געהאט פערפאלגין פלטיאל'ן וועלכער האט גיקענט זיין עהרע אויף עוויג פערשמוטצען דורך דעם בריף וואס ער האט ביא אים אוים גענארט , דארום האט ער זיך בעמיהעט מאכין אנייעם קאפיטאל , ער האט חתונה גיהאט , האט גענומען אשיין מיידיל מיט עטליכע טויזינד רובעל גדן , ער האט אלע

קְרֶעפְּטִין אָנְגֶעווֶענְדֶעט דֶעם פָּאטֶערְס צֶערְטְרִימֶעְרְטֶעס . גֶעשֶׁעפְּט אויף דָאס נַיְיְעַ אוֹיס צוּא בּוֹיֶען , נָאר אַז קֵיין גְלִיק אִיז נִיטָא הֶעלְפְט קֵיין חָכְמוֹת נִיט , דֶעם וַוייבְּס נַדַן הָאט עֶר פֶּערְלָארִין , אוּנ עֶר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַגְרוֹיסֶער אֶבְיוֹן , עֶר אִיז פוּן גְרוֹיסֶע צָרוֹת קְרַאנְק גֶעוָוארִין אוּנ הָאט דֶעם לֶעצְטֶען גְרָאשִׁין דָאקְטוֹרִים אָפְּגֶעגֶעבִּין אוּנ דָא אִין דֶער לֶעצְטֶער צַייט אַלְס דִיא קרויסבאבער אָרְצְטֶע הָאבִּין גֶעזָאגְט אַז זַייא קָאנֶען אִיהם שׁוֹין נִיט הֶעלְפִין , הָאבִּין זִיךְ גֶעפוּנֶען גוּטֶע מֶענְטְשֶׁען , ווֶעלְכֶע הָאבִּין אִיהם אוֹיפְגֶעמַאכְט אוֹיפֶען ווֶעג אוּנ הָאבִּין אִיהם גֶעשִׁיקְט נָאךְ אַהִיר , צוּ דִיא בֶּערִימְטֶע פְּרָאפֶּעסָארִין פוּן דֶעם אוּנִיוַוער־זִיטֶעט , נוּא ווָאס ווַייטֶער אִיז גִיוֶועזֶען אִיז אַייךְ שׁוֹין בֶּעקַאנְט .

דוּכְט זִיךְ אִין דֶער קוּרְצֶער שִׁילְדֶערוּנְג אִיז שׁוֹין אַלֶעס בֶּעשְׁרִיבֶּען אוּנ דָא פֶעהלְט גָאר נִיט , אָבֶּער דָא אִיז פָּארְט נָאךְ קֵיין אָנְהוֹיבּ נִיטָא , אוּנ דָאס אִיז אַיינֶע פוּן דִיא אוּנְגְלִיקְס קְוֶועלֶען אִין לֶעבֶּען , ווָאס מִיא בַּאגֶעגְנֶעט זִיךְ נוּר מִיט אַפְּלִיכְטִיגֶען בְּלִיק מִיט אַקוּרְצֶער שִׁילְדֶערוּנְג , אָ ווֶען מִיא זָאל יֶעדֶע זַאךְ פָּאדְרָאבְּנֶע אוּנ אוֹיפְמֶערְקְזַאם אוֹיס הֶערִין ווָאלְט דִיא גַאנְצֶע מֶענְטְשְׁהַייט אִין פִּיעל פַאכִין פוּן גְרוֹיזַאמֶע לַיידֶען גִירֶעטֶעט גֶעוָוארִין .

פוּן וַואנֶען נֶעמֶען זִיךְ אַזֶעלְכֶע צָרוֹת אוֹיף יוּדֶען ווֶען נִיט פוּן דִיא קוּרְצֶע עֶרְצֶעהלוּנְגֶען , „דָארְט הָאט מַאן גֶעפוּנֶען אַקְרִיסְטְלִיךְ קִינְד טוֹיט“ — דֶער צֵיילְט אֵיינֶער — אוּנ מִיא הָאט גִיזֶעהֶען וויא צְווַייא יוּדֶען מִיט אַיוּדֶענֶע הָאבִּין דֶעם קִינְד אִין דֶער פְּרִיה קָאנְפֶּעקְטִין גֶעגֶעבִּין אוּנ הָאבִּין אִיהם צוּ זִיךְ אִין שְׁטוּבּ אַרַיינְגֶענוּמֶען פוּן דַאמָאלְס אָן הָאט מַאן שׁוֹין דָאס קִינְד נִיט גִיזֶעהֶען בִּיז מִיא הָאט אִיהם גֶעפוּנֶען אַטֵייטִין“ .

דוּכְט זִיךְ דִיא שִׁילְדֶערוּנְג עֶרְצֶעהְלְט רִיכְטִיג אוּנ פַּאקְטִישׁ אַז נוּר דִיא יוּדֶען הָאבֶּען דֶעם קִינְד עֶרְמָארְדֶעט , נוּא אוּנ דֶער פֶּעבּוּל בַּאדַארְף שׁוֹין מֶעהר נִיט הֶערִין אוּנ וויסֶען , פַאר זַייא אִיז דָאס גֶענוּג זַייא זָאלִין קֶענֶען פֶּערְגִיסֶען יוּדִישׁ בְּלוּט דֶער פַאר ווָאס זַייא הָאבִּין אַקְרִיסְטְלִיךְ קִינְד עֶרְמָארְדֶעט , עֶנְדְלִיךְ ווֶען מִיא הֵייבְּט אָן פָּאדְרָאבְּנֶע דִיא זַאךְ נָאךְ פָּארְשִׁין עֶרְפַאהרְט מֶען אַז דָאס קִינְד ווֶעלְכֶע דִיא יוּדֶען הָאבִּין קָאנְפֶּעקְטִין גֶעגֶעבִּין אִיז גָאר גִיוֶועזֶען אַיוּדִישׁ קִינְד , ווֶעלְכֶעס לֶעבְּט נָאךְ אַצוּנְד אוֹיךְ , אוּנ דָאס טֵייטֶע קְרִיסְטְלִיכֶע קִינְד אִיז אַרָאפְּגֶעפַאלִין פוּן אַדַאךְ אוּנ אִיז גֶעהַרְגֶעט גֶעוָוארִין .

ווֶען אִיךְ זָאל שִׁילְדֶערִין דִיא צְווַאנְצִיגְיָאהְרִיגֶע לַיידֶען פוּן אוּנְזֶער בנימין פריעדפיש , ווָאלְט יֶעדֶער גֶעקָאנְט זֶעהֶען דִיא מֶעכְטִיגֶע גְרוֹיזַאמֶע הַאנְד פוּן דֶעם שִׁיקְזַאל , וִויא אַזוֹיא עֶר שְׁפִּילְט זִיךְ מִיט דֶעם מֶענְטְשֶׁען פוּנְקְט וִויא דִיא קַאטְץ מִיט דֶער מוֹיז , דָא לָאזְט זַייא אִיהר אָפּ , אוּנ בַּאלְד פַאנְגְט זִיא אִיהר אָן אָבֶּערְמַאלְס צוּ שְׁטִיקֶען אוּנ צוּ ווָארְגֶען , מִיא ווָאלְט גִיזֶעהֶען וִויא שְׁטַארְק דֶער מֶענְטְשׁ אִיז ווָאס עֶר קָאן אַזוֹיא פִּיל יִסוּרִים אִיבֶּער טְרָאגִין נָאר ווַייל דָאס אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ אַלֶעס אוֹיס צוּא שְׁרַייבֶּען ווֶעלִין מִיר אוּנְזֶערֶע לֶעזֶער

אַרײַנְפִיהרִין צוּא דָעם אוּנְגְלִיקְלִיכְען, אוּנ פוּן זַיין מוּנְד וָועלִין זַייא עֶטְוָואס פַאדְרָאבְּנֶער הֶערִין.

עֶר זִיצְט אָנְגֶעשְׁפַּארְט אוֹיף אַזָאפָּע, אַנְטְגֶעגֶען שְׁטְרַאהלֶען, וָועלְכֶער קוּקְט אוֹיף אִיהם מִיט מִיטְלֵיידֶענְסְפָאלְלֶע בְּלִיקֶען.

עֶס אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ צוּ עֶרְקֶענֶען אִין אִיהם דֶעם פָארִיגֶען בנימין פריעדפיש, עֶפֶּעס זַיין גַאנְצֶעס גֶעזִיכְט אִיז נָאר אִיבֶּער גֶעאַנְדֶערְשְׁט גֶעוָוארִין, זָאנַאר זַיין וואוּקְס אִיז קְלֶענֶער גֶעוָוארִין, זַיינֶע בַּאקִין זַיינֶען אַיינְגֶעפַאלִין עֶס אִיז אוֹיף זַייא קַיין שְׁפּוּר נִיט גֶעבְּלִיבֶען פוּן דֶער רָאטְהֶער נַאטוּרְפַארְבּ וָועלְכֶע הָאט זַייא אַמָאהל זָא שֵׁיין בֶּעשְׁפְּרִיצְט, אוֹיף זַייא לִיגְט יֶעצְט אַטֶאדְלִיכֶע בְּלַאסְקַייט, זַיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען פֶערְלָארִין זַייעֶר גְלַאנְץ אוּנ זַייעֶרֶע גֶעגֶענְוָוערְטִיגֶע בְּלִיקֶען זַיינֶען שְׁרֶעקְלִיךְ, זַיינֶע הַאאר זַיינֶען גֶעוָוארִין וַויים, וִויא בַּייא אַמַאן פוּן אַכְצִיג יָאהְר, מִיט אַיינֶעם וָוארְטֶע דָאס אִיז נִיט דֶער זֶעלְבֶּער בנימין פריעדפיש, וָועלְכֶען מִיר הָאבִּין גֶעקֶענְט.

אַזוֹיא אַזוֹיא מַיין לִיעבֶּער פְרַיינְד — הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ דֶעם יוּנְגֶען סְטוּדֶענְט וָועלְכֶער הָאט אוֹיפְמֶערְקְזַאם גֶעהֶערְט זַיין גֶעשְׁפְּרֶעךְ. — אַזוֹיא שִׁיט אַמָאהל דֶער גוּטֶער גָאט אוֹיס אַלֶע צָרות מִיט אֵיין מָאהל אוֹיף דֶעם מֶענְטְשֶׁען, אַלְס דֶער פֶערְפְלוּכְטֶער קַאסְסִיר אקס הָאט אוּנְז אַזוֹיא בְּדַלוּת גֶעשְׁטֶעלְט אִיז מַיין גוּטֶער אָרְדֶענְטְלִיכֶער פָאטֶער פוּן זַיינֶע גְרָאסְסֶע שְׁמֶערְצֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנ אִיךְ אַלֵיין בִּין גֶעבְּלִיבֶּען וִויא אַשִׁיף אִין מִיטֶען שְׁטִירְמֶעשִׁין מֶעעֶר, גֶעשְׁלַיידֶערְט פוּן בְּרוֹיזֶענְדֶע וִוינְדֶען אוּנ שְׁטוּרְמִישֶׁע וָועלִין, נָאר מַיין הָאפְנוּנְג הָאבּ אִיךְ נִיט פֶערְלָארֶען, אִיךְ בִּין נָאךְ גִיוֶוען יוּנְג אוּנ קְרֶעפְּטִיג אוּנ הָאבּ מִיךְ פֶערְזִיכֶערְט אוֹיף מַיינֶע קְרֶעפְטִין אוּנ מַיין גְרָאסְסֶע קֶענְטְנִים אִין הַאנְדִיל אַז זַייא וָועלִין מִיךְ פוּן אַלֶע צָרות אַרוֹים שְׁלֶעפֶּען, אִיךְ הָאבּ בַּאלְד גֶעהֵייַראטְהֶעט מִיט זַייעֶר אַשֵׁיין מֵיידִיל פוּן אַגְרָאסְסֶע פַאמִילְיֶע, וָועלְכֶע הָאט מִיר גֶעגֶעבֶען נַדן פִיר טוֹיזֶענְד רוּבֶּעל, אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט אַז אִיךְ בִּין וִויא מִיא זָאגְט וַוייטֶער אוֹיף דֶעם פֶערְד, אוּנ דָאס גְלִיק וֶועט מִיךְ אָבֶּערְמַאלְס בֶּעגְלֵייטֶען, לֵיידֶער אָבֶּער הָאבּ אִיךְ אַגְרָאסְסֶען טָעוּת גֶעהַאט, וָואס פַאר אַגֶישֶׁעפְט אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט הָאבּ אִיךְ דֶערְלֵיינְט גֶעלְד, אוּנ עֶס הָאט לַאנְג נִיט גֶעדוֹיעֶרְט אוּנ אִיךְ בִּין גֶעבְּלִיבֶּען אָן אַקָאפִּיקֶע נָאר מִיט מַיין וַוייבּ אוּנ מִיט פִיהר פִיצְלִיךְ קִינְדֶער, מִיר אִיז גֶעוָוארִין אַזוֹיא שְׁלֶעכְט אַז אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעמוּזְט וֶוענְדֶען צוּ מַיינֶע אַלְטֶע גוּטֶע פְרַיינְד וָועלְכֶע הָאבִּין אַמָאהל פוּן מִיר דִיא גְרֶעסְטֶע טוֹבוֹת גֶעהַאט אוּנ הָאבִּין גֶעשְׁוָוארִין אַז זַייא וָועלִין זִיךְ פוּן מַיינְט וֶועגִין לָאזִין מַקְרִיב זַיין, נָאר וִויא עֶרְשְׁרָאקֶען בִּין אִיךְ גֶעוָוארִין אַלְס מַיינֶע אַלְטֶע גוּטֶע פְרַיינְד הָאבֶּען מִיךְ נָאר נִיט עֶרְקֶענְט יֶעדֶער הָאט גֶעזָאגְט אַקוּרְצֶען תִּירוּץ אוּנ אִיז צוּפְרִידֶען גִיוֶוען אַז עֶר אִיז פוּן מִיר פָּטוּר גֶעוָוארִין, שְׁטֶעלְט אַייךְ פָאר אִין וָואס פַאר אַלַאגֶע אִיךְ בִּין גֶעבְּלִיבֶּען, אָהן גֶעלְד, אָהן גוּטֶע פְרַיינְד, אָהן אַנָאמֶען.

אונ אהן אשטיקעל ארבייט וואו אשטיקעל ברויט צוא פערדינען פאר מיי הונגעריגער פאמיליע.

פלוצים האט אין יענער פינסטערער צייט וויא אבליטץ אשטראהל געגעבען אהאפנונג אויף גליק, גראדע איז נאך קרוסבאב געקומען אגעוויסער סוחר הערמאן נוסט.

וויא הערמאן גוסט? — האט שטראהל פערוואונדערט געפרעגט.

יא הערמאן גוסט, נאר וואס וואונדערט איר זיך אזויא איר קענט אים דען? איך האב פון איהם גיהערט, נוא דערציילט ווייטער.

דער הערמאן האט געוואלט עפענען אין אונזער שטאט אזא האנדעל צו וועלכען ער האט מיך באדארפט האבין, ער האט געקויפט ארום אונז אגראססען וואלד אונ האט געוואלט דיא געהילץ צושטעלען צו אונזער ברעג אונ פון דארט טראנספארטירען נאך דאנציג, אונ וויל איך האב מיך בעשטענדיג בעשעפטיגט מיט דיא מסחרים, האט ער זיך צו מיר גיווענדעט, אונ האט מיך גיבעטין איך זאל נעמען דיא ארבייט אויף זיך, ער האט מיר בעשטימט זייער אגוט געהאלט אונ דאצו פראצענט אין גישעפט, געוועהנליך האב איך מיך אנגעחאפט אן דער ישועה וויא דער וואס טרינקט זיך האפט זיך אן, אן ארעטטענדער האנד, מיר האבין צווישען זיך אלעס גענויא אבגירעדעט, אונ ער האט מיך גיבעטין איך זאל צו איהם קומען נאך ווארשויא נעמען געלד אונ אדאוויערענאסט, ווייל ער האט קיין צייט געהאט לאנג צו פערברייגען ביא אונז, ער האט מיר שוין געגעבען געלד אויף מיין רעכענונג אונ איך האב געמיינט אז מיין הילף איז שוין געקומען.

אין אפאר טאג נאך דעם אז ער איז אוועק געפארין בין איך אויך נאך ווארשויא געפארין, איך האב מיך גלייך געמעלדעט צו דעם הערין גוסט ער איז גראדע צו הויז ניט גיוועזן, נאר אבעדינטער האט מיך געבעטין אין דער מאדאמס נאמען איך זאל אריינגעהען צו איהר.

אבוואהל פון שטענדיג אן בין איך גיוועזן אפרינציפאל אונ בין געוואהנט גיוועזן אלע זאלין ערשיינען פאר מיר מיט דעם גרעסטען רעספעקט, נאר אצונד האב איך געוואוסט אז עס איז געקומען דיא צייט איך זאל ערשיינען מיט רעספעקט פאר אנ׳אנדערין, איך האב געוואוסט אז איך באדארף דא ריידען מיט מיין פרינציפאלס פרויא, האב איך זיך צוגעגרייט וויא אקלענסטער דינער וועלכער דארף אריינגעהען צו זיין ווירטהין, דעם איבערראק מיט דעם הוט האב איך געלאזט אין פארהויז, אונ בין אליין דעמוטהיג אריינגעגאנגען צוא דער מאדאם אין צימער אונ וויא איך האב נור אקוק געגעבען אויף דער מאדאם בין איך שיער אויף דעם ארט ניט געשטארבין, איך בין אזויא פערווירט געווארין אז איך האב ניט געוואוסט וואו איך בין אין דער וועלט, דען איך האב אין דער שטאלצער ווירטהין ערקענט דאס ארעמע מעדכען מאריא בערנטהאל וועלכע האט זיך ביא מיר מיט טרערין געבעטין איך זאל מיט

אִיהר הַייַראַטְהֶען, אונ אִיךְ הָאבּ מִיךְ פוּן אִיהר אוֹיסְגֶעלַאכְט, יֶעצְט זִיצְט דָאס אָרֶעמֶע מֵיידִיל אִין רַייכֶע זַאלִין וִויא אַנְרֶעפִּין אונ אִיךְ בַּאדַארְף בֵּייגִין דֶעם קָאפְּף פַאר אִיהר, דֶער גֶעדַאנְק הָאט מִיךְ צֶערְמָאלְמֶעט, אונ אִיךְ בִּין גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהֶען מִיט אַנְגֶעזֶענְקְטֶען קָאפְּף אִין טִיהר אונ הָאבּ שׁוֹין וַייטֶער נִיט גֶעקֶענְט גֶעהֶען.

מַיין מַאן הָאט מִיר עֶרְצֶעהלְט אַז אִיהר הָאט זִיךְ בַּייא אוּנְז גֶעשְׁטֶעלְט דִינְגֶען — הָאט זִיא שְׁטָאלְץ אונ מִיט אַשְׁמֵייכִיל אוֹיף דִיא לִיפֶּען גֶעזָאגְט — הָאט דָאס מִיךְ זֵייעֶר גֶעפְרֵייט וַוייל אִיךְ וֵויים אַז אִיהר טֵייגְט צוּ אַנְשֶׁעפְּט, אונ אִיר וֶועט אוּנְז גֶעוִויס גֶעטְרַייא זַיין וִויא אַנְגֶעטְרַייעֶר דִינֶער זַיינֶע הֶערִין.

דִיא וֶוערְטֶער הָאבֶּען אָבֶּערְמַאלְס אִין מִיר מַיין אַלְטֶען שְׁטָאלְץ אוֹיפְ־גֶעוֶועקְט, אִיךְ הָאבּ פֶערְגֶעסֶען מַיין פְרוֹיא מִיט מַיינֶע אָרֶעמֶע קִינְדֶער וֶועלְכֶע פְרֵייעֶן זִיךְ יֶעצְט מִיט מַיין הִילְף, אונ הָאבּ אוֹיפְהֵייבֶּענְד שְׁטָאלְץ דֶעם קָאפְּף גֶעזָאגְט: וֶוען אִיהר רֶעכִינְט מִיר פַאר אַדִינֶער הָאט אִיהר אַטְעוּת מאדאם דִיא בֶּעגְטְשִׁין דִינֶען זִיךְ אֵיינֶער דֶעם צְווֵייטִין: אַזוֹיא וִויא אִיךְ קָאן נִיט זָאגֶען אַז אַייעֶר מַאן דִינְט בַּייא מִיר דַאמִיט וָואס עֶר קוּקְט אוֹיס אוֹיף מַיין טְרוּד, אַזוֹיא קָאן אַייעֶר מַאן נִיט זָאגֶען אַז אִיךְ דִין בַּייא אִיהם דַאמִיט וָואס אִיךְ קוּק אוֹיס אוֹיף דֶער בֶּעלָאהְנוּנְג פַאר מַיין מִיהֶע פוּן זַיינֶע הֶענְד אִיךְ בִּין אַייעֶרֶע נִיט קֵיין דִינֶער אַזוֹיא וִויא אִיהר זֶענְט מַיינֶע נִיט קֵיין ווירְטְהִין.

אַזֶעלְכֶע בֶּעדִינְטֶע עַזוּת פְּנִימֶער בַּאדַארְפִין מִיר נִיט אִין אוּנְזֶערֶע גֶעשֶׁעפְטִין הָאט זִיא גֶעזָאגְט הַאלְבּ צָארְנִיג — מִיר קֶענֶען בֶּעקוּמֶען אַזֶעלְכֶע וֶועלְכֶע וֶועלִין זִיךְ נִיט שֶׁעמֶען זָאגִין אַז מִיר זַיינֶען זֵייעֶרֶע בַּעֲלֵי בַּתִּים, אונ אִיהר הָאט פָאלְלֶע פְרַייהַייט צוּ זוּכֶען זִיךְ אַנְ'אַנְדֶער שְׁטֶעלֶע.

נִיט בַּייא אַייךְ הָאבּ אִיךְ אָנְגֶענוּמֶען אַשְׁטֶעלֶע מאדאם, אונ נִיט אִיהר הָאט אִיבֶּער מִיר צוּ שַׁאפֶען — הָאבּ אִיךְ אִיהר גִיעֶנְטְפֶערְט — אַלְזָא נֶעם אִיךְ אַייעֶרֶע וֶוערְטֶער נִיט אָן, אונ מִיט דִיא וֶוערְטֶער בִּין אִיךְ אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען הֶעכְסְט צָארְנִיג אוֹיף דֶעם שִׁיקְזַאל וֶועלְכֶער הָאט מִיךְ גֶעבְּרַאכְט צוּ אַזַא לַאגֶע אונ הָאט מִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף אַזַא פְּרָאבֶּע.

אִיךְ בִּין אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אוֹיף מַיין קְוַוארְטִיר, אונ הָאבּ זִיךְ קֵיין רַאטְה גֶעקֶענְט גֶעבִּין וָואס צוּ טָאהן, צוּ גֶעהן נָאךְ אַמָאהל צוּ הערמאנגן אָדֶער נֵיין, מַיין שְׁטָאלְץ הָאט מִיר בֶּעפָאהלֶען אִיךְ זָאל נָאר שִׁיקֶען צוּ אִיהם אַקַארְטֶע אונ בֶּרֶעגִין וֶוען אִיךְ זָאל צוּ אִיהם קוּמֶען, אִיךְ הָאבּ אַזוֹיא גֶעטָאהן, אונ הָאבּ אִין דֶעם זֶעלְבֶּען טָאג עֶרְהַאלְטֶען אַנְ'אַנְטְוָוארְט אַז אִיךְ מָאג פָאהרִין אַהֵיים, וַוייל אִיךְ הָאבּ שׁוֹין קֵיין שְׁטֶעלֶע נִיט.

דָאס אִיז מֶערְקְווִירְדִיג — הָאט שְׁטְרַאהל גֶעזָאגְט — פוּן אִיהר זַייט וַואר דָאט זֶעהֶער פָאדְלֶע, אונ נִידֶערִיג, בֶּעהַאנְדְלֶען אַזוֹיא אַמֶענְטְשֶׁען וֶועלְכֶען זִיא הָאט גֶעקֶענְט אִין אַנְגְלִיקְלִיכֶער לַאגֶע.

נַיין מַיין פְרַיינְד! — הָאט בנימין גִיעֶנְטְפֶערְט — אִיךְ הָאבּ מִיךְ עֶרְשְׁט

נַאכְדֶעם אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ בְּעקְלֶערִין אַז זִיא אִיז גִירֶעכְט גִיוֶוען, אוּנ וֶוער וָואלְט בֶּעסֶער גִיוֶוען אוֹיף אִיהר פְּלַאטְץ, אִיךְ הָאבּ זִיא פָּארְט אַמָאהל זֵייעֶר שְׁלֶעכְט בֶּעהַאנְדֶעלְט, נוּא אוּנ אַז זִיא הָאט גֶעפוּנֶען אַגֶעלֶעגֶענְהַייט פוּן מִיר רַאכֶע צוּ נֶעמֶען, הָאט זִיא גֶעהַאט פָּאלְלֶעס רֶעכְט דָאס צוּ טָאהן.

גֵיין דָאס אִיז זָעהֶער נִיט לָאגִישׁ — הָאט שְׁטְרַאהל גֶעזָאגְט — דִיא גְרֶעסְטֶע נְקָמָה וָואס אַמֶענְטְשׁ קָאן טָאהן זַיין אַמָאהלִיגֶען פַיינְד אִיז נָאר דָאס עֶר זָאל אִיהם אִין דֶער שְׁלֶעכְטֶער צַייט שְׁטִיטְצֶען אוּנ הֶעלְפִין, דָאס הֵייסְט אַנְ-אֵיידֶעלֶע נָאר זֵייעֶר אַשְׁוֶוערֶע נְקָמָה, אָבֶּער אַזוֹיא נִידֶערִיג בֶּעהַאנְדְלֶען הֵייסְט עֶס גָאר אֵיינְפַאךְ שְׁוַויינִישׁ אָבֶּער נִיט מֶענְטְשְׁלִיךְ.

אִין דֶער מִינוּט הָאט מַאן גֶעגֶעבֶּען אַקְלַאפְּ אִין טִיהר.

אנטרייא! — הָאט שְׁטְרַאהל אַגֶעשְׂרֵייא גֶעטָאהן — אוּנ זִיךְ וֶוענְדֶענְד צוּ בנימינן הָאט עֶר גֶעזָאגְט: דָאס מוּז זַיין דֶער אֶרְצְט.

דִיא טִיהר הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעפִינְט אוּנ הערמאן גוסט מִיט מאריאן זַיינֶען אַרַיין גֶעקוּמֶען.

---

## י״ג.

## אַוויזִיט בַּייא אַשׂוֹנֵא.

קַיין מֶענְטְשִׁין אִין דֶער וֶועלְט אִיז נִיט אַנְגֶענֶעהם זִיךְ צוּ בַּאגֶעגֶענֶען מִיט אַשׂוֹנֵא אִין דֶער צַייט וֶוען אִיהם אִיז שְׁלֶעכְט אוּנ דֶעם שׂוֹנֵא אִיז גוּט, דֶען קֵיינֶער וִויל נִיט מִיא זָאל אִין אִיהם נְקָמָה זֶעהֶען, דִיא שְׁמֶערְצֶען וָואס מִיא הָאט בַּייא אַזַא צוּזַאמֶענְטְרֶעפוּנְג זַיינֶען פוּן דִיא עֶרְגְסְטֶע שְׁוֶוערְסְטֶע שְׁמֶערְצֶען, מִיר קֶענֶען זִיךְ לַייכְט פָארְשְׁטֶעלֶען וִויא עֶרְצִיטֶערְט בנימין אִיז גֶעוָוארִין, אַלְס עֶר הָאט אִין אַזַא גְרוֹיזַאמֶע לַאגֶע אוּנ אִין דֶער צַייט וָואס עֶר הָאט גְרַאדֶע וֶוענִין זֵייא גִירֶעט, עֶרְקֶענְט אִין דִיא גֶעסְט הערמאן גוסט מִיט מאריאן, עֶר הָאט גֶעמֵיינְט אַז זֵייא הָאבִּין אִיהם עֶרְקֶענְט אוּנ הָאט נִיט גֶעוואוּסְט וואוּ זַיין גֶעזִיכְט צוּא בֶּעהַאלְטֶען.

שְׁטְרַאהל אִין זַיין זַייט הָאט זִיךְ אָנְפַאנְגְס שְׁטַארְק עֶרְשְׁרָאקֶען אַלְס עֶר הָאט דִיא גֶעסְט דֶערְזֶעהֶען בַּייא זִיךְ אִין זַיין אַיינְפַאכֶער קְוַוארְטִיר, נָאר עֶר הָאט זִיךְ בַּאלְד גֶעמַאכְט מוּטְהּ, אוּנ הָאט גֶעזָאגְט: זַייט מִיר פוּן טִיעפֶען הֶערְצֶען ווִילְלְקָאמְמֶען.

וָואס מַאכְט אִיהר לִיבֶּער שטראהל — הָאט הערמאן גֶעזָאגְט אִים דְרִיקֶענְד דִיא הַאנְד, אוּנ הָאט זִיךְ בֶּעמִיהֶעט וַוייזִין אַפְרַיינְדְלִיךְ גֶעזִיכְט.

אִיהר וֵוייסְט נִיט וָואס אַסְטוּדֶענְט מַאכְט? עֶר מַאכְט אוּרָאקִין — הָאט שטראהל לַאבֶּענְד גֶעזָאגְט, נָאר וָוארוּם שְׁטֶעהט אִיהר זִיצְט, אוּנ עֶר צֶעהלְט

מיר װעלכער אורזאכע האב איך צוא פערדאנקען דיא גראסע עהרע פון אייער װיזיט.

מיר װעלין אייך שױן ערצעהלען — האט הערמאן געזאגט זיך זעטצענד אונ האט דאביי אויך צוגערוקט אשטול פאר מאריאן װעלכע האט זיך אויך געזעצט. — נאר צו אונזער געשפרעך טייג ניט קיין זייטיגע פערזאן.

שטראהל האט פערשטאנען אז הערמאן מיט מאריאן האבען בנימינ'ן ניט ערקענט, אונ ער האט געװאוסט אז זייא װעלין איהם ניט ערקענען, װייל דיא קרענק האט זיין געזיכט שטארק פערענדערט, דארום האט ער געזאגט: דער מענטש איז מיינער אנ'איינגענער, פאר איהם מאגט איהר אלס ריידין. —

בנימין האט נאך אלס מיט שרעק געקוקט אויף הערמאנען מיט זיין פרויא, אונ איז מיט יעדען מאמענט אלס רוהיגער געװארין, בעמערקענד, אז זייא האבין איהם ניט ערקענט..

איך רעכין אז איך פערשפאר צו ריידין — האט הערמאן װייטער געזאגט — געװיס פערשטעהט איהר װעגין װאס מיר זיינען צו אייך געקומען.

איך פערשטעה יא, אונ פערשטעה ניט, רעט דייטליך, שעמט זיך ניט. — האט שטראהל געזאגט.

װאס רעדסטו אלס פערשטעלט — האט מאריא זיך ארויס געחאפט — הער שטראהל מיר זיינען צו אייך געקומען װעגען אונזער טאכטער.

איך האב דאס פערשטאנען — האט שטראהל געלאסען גיענטפערט — נאר זאגט מיר װאס פערלאנגט איהר פון מיר?

מיר פערלאנגען איהר זאלט אונז אונזער טאכטער אבגעבען. — האט מאריא מיט אנ'איינגעהאלטענעם כעס געזאגט.

אייער טאכטער איז דען ביי מיר אין דער טאש װאס איהר זאגט איך זאל זיא אייך אבגעבין.

גילעכטער אן אזייט, אונז געלוסט זיך ניט צו לאכען, איהר האט ביי אונז צוגענומען אונזער אויג פון דעם קאפף. — האט הערמאן געזאגט מיט אריהרענדע שטימע.

איך האב בעהיטע נאט אייער טאכטער פון אייך ניט גערויבט — האט שטראהל גיענטפערט — זיא איז אונ װעט זיין אייער טאכטער אזויא װיא זיא איז גיװען ביז אהער, אונ װייטער פערשטעה איך ניט דיא װערטער, איך האב ביי אייך אייער טאכטער צוגענומען, מיר דוכט אז דיא גאנצע װעלט װייס אז אמענטש לאזט זיך ניט צוא נעמען װיא אלעבלאזע זאך אדער װיא פער־שטאנדלאזע בעשעפענים.

עס זיינען אבער דא אזעלכע מענטשין װעלכע לאזין זיך פערפיהרען אונ לאזין זיך צוא נעמען װיא אפערשטאנדלאזעם טהיר. — האט מאריא געזאגט — אונ עס איז דיא גרעסטע עולה פון דיא פערזאנען װעלכע בענוטצען זיך מיט יענעמס נארעשקייט אונ מאכין איהם אונגליקליך.

אַייעֶרֶע וֶוערְטֶער מאדאם פַּאסִין נָאר נִיט אַהֶער — הָאט שטראהל גִיעֶנְטְפֶערְט — אַייעֶר טָאכְטֶער אִיז נִיט פוּן דִיא מֶענְטְשֶׁען וָואס לָאזִין זִיךְ אַזוֹיא לַייכְט פֶערְפִירֶען אוּנ אִיךְ בִּין נִיט פוּן דִיא פֶערְזָאנֶען וָואס בֶּענוּטְצֶען זִיךְ מִיט יֶענֶעמְס נארֶעשְׁקַייט אוּם אִיהם אוּנְגְלִיקְלִיךְ צוּ מַאכֶען.

וָואצוּ נוּטְצֶען דִיא פּוּסְטֶע דִיסְפּוּטֶען — הָאט הערמאן גֶעזָאגְט — מִיר זַיינֶען גֶעקוּמֶען צוּ אַייךְ הֶער שטראהל בֶּעטִין רַחֲמִים וִויא צַארְטֶע עֶלְטֶערִין וֶועלְכֶע הָאבֶּען פֶערְלָארֶען זַייעֶר קִינְד אוּנ ווִילֶען זִיא צוּרִיק גֶעפִינֶען, אוּנ אַזוֹיא וִויא אִיהר זַייט דֶער אֵיינְצִיגֶער וֶועלְכֶער קָאן אוּנְז הֶעלְפִין אִין דֶעם אוּנְגְלִיק, ווֶענְדֶען מִיר זִיךְ צוּ אַייךְ וִויא צוּ אַמֶענְטְשִׁין מִיט אַמֶענְטְשֶׁענְהֶערְץ, אוּנ בֶּעטִין אַייךְ מִיט טְרֶערִין אִיהר זָאלְט רַחֲמָנוּת הָאבִּין אוֹיף צְוֵוייא אוּנְגְלִיקְלִיכֶע עֶלְטֶערִין, אוּנ זָאלְט זַייא זַייעֶר קִינְד אוּמְקֶערִין.

אַייעֶרֶע וֶוערְטֶער הֶער גוּסט רִיהרֶען מִיךְ — הָאט שטראהל גִיעֶנְטְפֶערְט — נָאר אִיךְ קָאן אַייךְ טְרֵייסְטִין אַז אִיהר וֶועט בַּאלְד אַייעֶר טָאכְטֶער צוּרִיק זֶעהֶען אוּנ צוּדְרִיקֶען צוּ אַייעֶר בְּרוּסְט, אִיךְ וָואלְט דָאס אַייךְ נָאךְ דִיא מִינוּט גֶעטָאן נָאר זִיא ווִיל דָאס נִיט.

זִיא ווִיל זִיךְ מִיט אוּנְז נִיט זֶעהֶען? — הָאט מאריא בִּיטֶער גֶעפְרֶעגְט — אִיךְ גְלוֹיבּ דָאס נִיט.

אִיהר קָאנְט דָאס גְלוֹיבֶּען מאדאם, אוּנ זִיא אִיז פִּילַייכְט נִיט אוּנְגֶערֶעכְט דֶען אָבְּוָואהל זִיא אִיז צוּ אַייךְ צוּגֶעבּוּנְדֶען מִיט לַייבּ אוּנ זֶעעֶלֶע, דָאךְ ווִיל זִיא נִיט אִיהר זָאלְט אִיהר גְלִיק פֶערְפְּלֶעקֶען, אוּנ אִיהר וֶועט פֶערְצוֹימֶען.

וֶוער הָאט דָאס אִיהר גֶעזָאגְט אַז מִיר ווִילֶען אִיהר גְלִיק פֶערְפְּלֶעקֶען. — הָאט הערמאן גֶעזָאגְט — אִין גֶעגֶענְטְהֵייל מִיר ווִינְטְשֶׁען זִיא נָאר גְלִיקְלִיךְ צוּ זֶעהֶען, אוּנ פוּן אִיהר אִיז דָאס גִיוָוען אַגְרוֹיס נארֶעשְׁקַייט וָואס זִיא הָאט אוּנְז בַּאלְד נִיט עֶרְצֶעהְלְט אַז זִיא לִיבְּט אַייךְ, אַז זִיא ווִיל זַיין אַייעֶר פְרוֹיא מִיר וָואלְטִין מִיט דֶעם גְרֶעסְטֶען פֶערְגֶעניגֶען אִיהר דַאבַּייא אוּנְזֶער בְּרָכָה גֶעגֶעבִּין.

זֶעהְט אִיהר, אַצוּנְד זֶעה אִיךְ אַז אִיהר זֶענְט פָאלְקָאמֶמֶענֶע פֶערְ-שְׁטֶענְדִיגֶע עֶלְטֶערִין — הָאט שטראהל שְׁמֵייכְלֶענְד גִיעֶנְטְפֶערְט — אִיךְ וֶועל דָאס עֶרְצֶעהְלֶען דעבּאראן, וֶועט זִיא זִיךְ פַאר דֶער גְלִיקְלִיכְסְטֶער שֶׁעטְצֶען, אוּנ אִיהר הָאט מַיין וָוארְט אוֹיף דֶעם אַז בַּאלְד נָאךְ אוּנְזֶער חֲתוּנָה וֶועלִין מִיר בֵּיידֶע קוּמֶען צוּא אַייךְ עֶמְפְּפַאנְגֶען פוּן אַייעֶרֶע הֶענְד דֶעם פָאטֶער-לִיכֶען זֶעגֶען.

וָואס הֵייסְט דָאס נָאךְ אַייעֶר חֲתוּנָה? — הָאט מאריא עֶרְשְׁרָאקֶען גֶעזָאגְט — וָוארוּם ווִילְט אִיהר אוּנְז נִיט עֶרְלוֹיבֶּען דֶעם פֶערְגֶעניגֶען מִיר זָאלִין פִיהרֶען אוּנְזֶער טָאכְטֶער צוּא אִיהר חוּפָּה, אוּנ מִיר זָאלִין זִיךְ פְרֵייעֶן אוֹיף אִיהר חֲתוּנָה.

וָואס טֵייג דָאס אַייךְ מאדאם. — הָאט שטראהל סַאטִירִישׁ גֶעזָאגְט — אִיר זֶענְט דָאךְ נִיט פוּן דִיא פַאנַאטִישֶׁע פְרוֹיעֶן וֶועלְכֶע בִּילְדֶען זִיךְ אַיין אַז טאנְצִין

בַּייא זֵייעֶרֶע קִינְדֶער אוֹיף דֶער חֲתוּנָה אוּנ פִיהרֶען זֵייא צוּ דֶער חוּפָּה אִיז דָאס גְרֶעסְטֶע אוּנ בֶּעסְטֶע פֶערְגֶעניגֶען אִין דֶער וֶועלְט, הַיינְט זַיינֶען דָאךְ נִיט אַמָאהלִיגֶע צַייטֶען, אַמָאהל אַז דִיא מֶענְטְשֶׁען הָאבֶּען בֶּעטְרַאכְט דָאס גְלִיק פוּן אַסַךְ קִינְדֶער הָאבִּין, פַאר דָאס גְרֶעסְטֶע אוּנ טַייעֶרְסְטֶע גְלִיק, הָאט גֶעשְׁפִּילְט דִיא חֲתוּנָה דִיא גְרֶעסְטֶע רָאלְיֶע וַוייל דָא הָאט מֶען גִיזֶעהֶען דִיא טִיהר דוּרְךְ וֶועלְבֶע מִיא קָאן קוּמֶען צוּ דֶעם גְרוֹיסִין גְלִיק פוּן אַסַךְ קִינְדֶער, אָבֶּער הַיינְט אַז דִיא שְׁלֶעכְטֶע צַייטֶען הָאבִּין גֶעמַאכְט דָאס גְלִיק צוּא לַאסְט, יֶעדֶער מֶענְטְשׁ וִויל וָואס וֶועניגֶער קִינְדֶער הָאבִּין אוּנ יֶעדֶער וַוייס אַז דוּרְךְ דֶער חֲתוּנָה גֶעמְט מֶען אוֹיף זִיךְ אַשְׁוֶוערִין לַאסְט, שְׁפִּילְט שׁוֹין דִיא חֲתוּנָה קַיין רָאלְיֶע נִיט, אוּנ דִיא עֶלְטֶערִין דַארְפִין גָאר זַיין צוּפְרִידֶען וָואס זֵייעֶרֶע קִינְדֶער בֶּעפְרַייעֶן זֵייא פוּן דֶער מַשָׂא טַאנְצִין אִין אַזַא צַייט וָואס דֶער שֵׂכֶל בֶּעוַוייזְט אַז מִיא דַארְף גָאר זָארְגִין.

דִיא פְהִילָאזָאפְהִי אַייעֶרֶע, אוּנ אַייעֶרֶע חֲקִירוֹת וִויל אִיךְ נִיט הֶערֶען, זָאגְט מִיר נָאר פַאר וָואס ווִילְט אִיהר נִיט מִיר זָאלִין זַיין בַּייא אַייךְ אוֹיף דֶער חֲתוּנָה הָאט הערמאן גֶעזָאגְט מִיט אַצִירְנֶענְדֶען טָאן.

פוּן מַיינְט וֶועגִין אִיז קַיין מְנִיעָה נִיט, נָאר אַייעֶר טָאכְטֶער וִויל נִיט, זִיא הָאט מוֹרָא אִיהר קֶענְט זוּכֶען אַמִיטֶעל וִויא אַזוֹיא אִיהר גְלִיק צוּ שְׁטֶערִין.

דָאס זָאגְט אִיהר אַלֵיין, אָבֶּער נִיט אוּנְזָער טָאכְטֶער, דֶען וִויא אַזוֹיא הָאט זִיא דָאס גֶעקֶענְט זָאגִין אַז אִיהר הָאט נָאךְ מִיט אִיהר וֶועגִין דֶעם נִיט גִירֶעט.

מִיר הָאבִּין שׁוֹין וֶועגִין דֶעם נִיט אֵיין מָאהל גִירֶעט, אוּנ זִיא הָאט מִיר גֶעזָאגְט, אַז אָבְּוָואהל זִיא לִיבְּט אַייךְ מִיט דֶעם גַאנְצִין פַייעֶר פוּן דֶער קִינְדִישֶׁער לִיבֶּע, פוּן דֶעסְט וֶועגִין וָואלְט זִיא נִיט גֶעוָואלְט אַיינְשְׁטֶעלִין פֶערְלָאזִין זִיךְ אוֹיף אַייךְ אִין דֶעם הִינְזִיכְט פוּן אִיהר לִיבֶּע צוּ מִיר.

אַלְזָא וִויא אִיךְ זֶעה אִיז אוּנְזֶער מִיהֶע אוּמְזָאנְסְט? — הָאט הערמאן צָארְנִיג גֶעזָאגְט.

דָאס זַיינֶען מַיינֶע לֶעצְטֶע וֶוערְטֶער. — הָאט שטראהל גִיעֶנְטְפֶערְט.

דֶענְקְט אִיהר צוּ הֵייראַטְהֶען מִיט מַיין טָאכְטֶער אָהן אוּנְזֶער עֶרְלוֹיבְּנִים?

אַייעֶר טָאכְטֶער בַּאדַארְף נִיט אַייעֶר עֶרְלוֹיבְּנִים וַוייל זִיא אִיז שׁוֹין פָאלְלְיָאהְרִג.

ווִילְט אִיהר מִיט מִיר קֶעמְפְּפֶען? הָאט הערמאן גֶעזָאגְט הֶעכְסְט צָארְנִיג.

אִיךְ ווִיל מִיט אַייךְ נִיט קֶעמְפְּפֶען, נָאר אוֹיבּ אִיהר ווִילְט יַא גֶעגֶען מִיר שְׁטְרַייטֶען מָאגְט אִיהר טָאהן אַלֶעס וָואס אִיהר ווִילְט. — הָאט שטראהל גֶעלַאסֶען גִיעֶנְטְפֶערְט.

נוּא נוּא זַייט זִיכֶער אַז אִיךְ וֶועל אַייךְ בֶּעצָאהלֶען וִויא אִיהר הָאט פֶערְדִינְט — הָאט הערמאן גֶעזָאגְט אוֹיפְשְׁטֶעהֶענְד פוּן זַיין פְּלַאטְץ. — אִיךְ וֶועל אַייךְ שׁוֹין וַוייזֶען, וִויא אַזוֹיא צוּ פֶערְפִיהרֶען אַנ'אוּנְשׁוּלְדִיג קִינְד פוּן אִיהרֶע

עלטעריך, דער מענטש וועט זיין אנ׳עדות — האט ער געזאגט צייגענד אויף בנימינ׳ן -- אז איהר אליין האט זיך מודה גיוועזן אז איהר האט מיין טאכטער פערפיהרט ;

בנימין האט ניט גיענטפערט און האט מיט זיין בלייכעס געזיכט און מיט זיינע גראססע אויגען געקוקט ווילד אויף הערמאנען און אויף מאריאן ;

איהר פערשפארט צו זוכען עדות — האט שטראהל לאכענד געזאגט — איך וועל מיך ניט לייקענען אז איך האב אייער טאכטער ליב, און אז זיא האט מיך ליב און זיא וויל מיינע זיין וועט זיא אליין עדות זאגען.

נור מיר וועלין שוין זעהען ווער עס איז שטארקער, קום מיין טייערע מאריא, לאמיר אוועק פון דאנען, מיר האבען שוין צופיל עהרע געמאכט דעם נידעריגען מענטשען, וואס מיר זיינען אזויא לאנג ביא איהם געזעסען, און אזויא לאנג מיט איהם גירעט.

דאס איז ביא מיר קיין עהרע ניט, אין געגענטהייל איהר באדארפט דאס האלטען פאר אנ׳עהרע, וואס איך האב צוליב אייך מיינע אורהאקין פערבייגין און האב מיט אייך אזויא לאנג פערבראכט, האט שטראהל שטאלץ גיענטפערט.

הערמאן האט געוואלט ענטפערין, נאר מאריא האט איהם אנגענומען פאר זיין האנד און האט געזאגט: פון דיא רייד וועט גאר נישט ארויס קומען קום מיין לעבען לאמיר בעסער עפעס טאהן.

יא דוא ביזט גירעכט מיא דארף אנהויבין צו ארבייטען, ניט פאר אזעלכע ניעדעריגע מענטשען איז אונזער טאכטער באשאפין געווארין. — האט הערמאן גיענטפערט.

און מיט דיא ווערטער, זיינען זייא ביידע ארויס נעגאנגען פון שטראהלס צימער.

וויא קומט איהר צו דיא מענטשען ? — האט בנימין געפרעגט שטראהלען אלס זייא זיינען ארויס געגאנגען — וויא איך העד האט איהר זיך פערליבט אין זייער אטאכטער, און האט מיט איהר חתונה.

יא ליבער פריינד, איך וועל אייך פערבעטין היינט ביא נאכט אויף מיין חתונה — האט שטראהל גיענטפערט — איך הייראטהע, מיט דער טאכטער פון דער קאקעטקע וועלכע האט אייך אמאהל אזוא באליידיגט.

יד.

## אשפור פון דער פערשוואונדענער

הערר וויספעלד ! אבוואהל איהר האט מיר ענטזאגט, פון דעסט וועגין בין איך אבערמאלס געקומען אייך בעטין, איהר זאלט מיר בעהילפיג זיין אין

מַיין אוּנגְלִיק. אוּנ אִיךְ טְרֶעט אַייךְ נִיט אָפּ בִּיז אִיהר וֶועט מִיר פֶערְשְׁפְּרֶעכִין אַז אִיהְר וֶועט טָאהְן מַיין פֶערְלַאנְג.

דִיא וֶוערְטֶער הָאט גֶעזָאגְט הערמאן גוסט. אַרַיינְקָאמֶענְד צוּ דֶעם גְבִיר איסר ווייספעלד אִין צִימֶער.

איסר ווייספעלד וַואר שׁוֹין אַמַאן פוּן פוּפְצִיג יָאהְר. מִיט אַגְרָאבִין בּוֹיךְ אוּנ אַרַאזִירְטֶען בָּארְד. עֶר וַואר אֵיינֶער פוּן דִיא רַייכְסְטֶע אִין אגיר. עֶר הָאט גֶעהַאט אִין דֶעם גַאנְצֶען גֶעגֶענְד אַנָאמֶען פַאר אַשְׁטְרֵיינְגֶען אָבֶּער אָרְדֶענְטְלִיכֶען סוֹחֵר. עֶר אִיז גִיוֶוען בַּאקַאנְט מִיט אַלֶע טְשִׁינָאווְנִיקֶעס אוּנ מִיט דִיא גְרֶעסְטֶע רוּסִישֶׁע אוּנ פָּאלְנִישֶׁע מַאגְנַאטִין. וַוייל עֶר הָאט מִיט זֵייא גֶעהַאט בֶּעשְׁטֶענְדִיג גֶעשֶׁעפְטִין. אוּנ הָאט גֶעוואוּסְט וִויא אַזוֹי צוּפֶערְדִינֶען בַּייא זֵייא אַטֹּבֶה אוּנ דַאבַּייא זִיךְ בֶּעלִיבְּט צוּ מַאכִין. דִיא יוּדִין פוּן אגיר הָאבִּין אִיהם נִיט לִיבּ גֶעהַאט. עֶרְשְׁטִינְס וַוייל עֶר פְלֶעגְט זֵייא זֵייעֶר שְׁלֶעכְט בֶּעהַאנְדְלֶען. אַז אַיוּד פְלֶעגְט צוּ אִיהם אַרַיינְקוּמֶען הָאט עֶר אִיהם קֵיין מָאהְל נִיט גִיבֶּעטִין זִיטְצֶען. אוּנ הָאט אוֹיךְ קֵיין מָאהְל נִיט גֶעוָואלְט אַיוּדִין אַטוֹבָה טָאהְן. נָאר פוּן דֶעסְט וֶועגִין הָאבִּין זֵייא גֶעזוּכְט זַיין פְרַיינְדְשַׁאפְט. וַוייל זֵייא הָאבִּין פָּשׁוּט מוֹרָא גֶעהַאט פַאר אִיהם. בַּייא אִיהם אִין שְׁטוּבּ אִיז קֵיין צֵייכִין נִיט גִיוֶוען פוּן יוּדֶעשְׁקַייט. אַלֶע בֶּעדִינְטֶע וַוארִין קְרִיסְטְלִיכֶע. זָאגַאר דִיא קֶעךְ הָאט נִיט גֶעוואוּסְט קֵיין יוּדִישֶׁען טַעַם. זַיינֶע צְוֵייא קִינְדֶער מארק אוּנ זוזאנא הָאבִּין מֶער נִיט וִויא גִיהֶערְט אַז זֵייא זַיינֶען יוּדִין אִין שׁוּלֶע, דֶען דִיא שִׁילֶער אִין דִיא שׁוּלֶען וואו זֵייא הָאבִּין גִילֶערִינְט פְלֶעגִין זֵייא אוֹיפְוַוארְפִין מִיט דֶעם נָאמֶען זְשִׁיד! זְשִׁידָאוְוקַא! אוּנ דַארוּם הָאבִּין זֵייא נָאךְ מֶער אַלְס דֶער פָּאטֶער אַלֶע יוּדֶען פֶערְהַאסְט. זֵייא הָאבִּין פַיינְד גֶעהַאט אוֹיךְ זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערִין דֶערְפַאר וָואס זֵייא טְרָאגִין נָאךְ אוֹיף זִיךְ דֶעם נָאמֶען יוּדִין. אוּנ הָאבִּין אוֹיךְ זֵייא מִיט דֶעם נָאמֶען פֶערְשְׁמוּטְצְט.

אַלְס הערמאן אִיז גֶעקָאמֶען נָאךְ אגיר זוּכֶען זַיין טָאכְטֶער הָאט מֶען אִיהם אַנֶעצָה גֶעגֶעבִּין עֶר זָאל זִיךְ וֶוענְדִין צוּ איסר ווייספעלד. וַוייל עֶר אִיז בֶּעקַאנְט מִיט אַלֶע פְּרָאפֶעסָארִין. אוּנ עֶר וֶועט דָא גֶעוִויס קֶענֶען הֶעלְפִין. הערמאן הָאט זִיךְ צוּ אִיהם גִיוֶוענְדֶעט. נוּר קוֹים הָאט ווייספעלד עֶרְקֶענְט אַז הערמאן אִיז אַיוּד. הָאט עֶר זִיךְ עֶנְטְזַאגְט פוּן אַלֶעס וָואס עֶר הָאט אִיהם גִיבֶּעטִין עֶר הָאט אוֹיךְ הערמאנען זֵייעֶר מִיאוּס בֶּעהַאנְדֶעלְט. עֶר הָאט אִיהְם נִיט גֶעוָואלְט בֶּעעֶהְרִין מִיט אַפְרַיינְדְלִיךְ וָוארְט. אוּנ הָאט דִיא גַאל אוֹיסְגֶעגָאסִין אוֹיף אַלֶע יוּדִין וָואס פוּן זֵיי הָאט מֶען קֵיין מָאהְל קֵיין רוּהֶע נִיט.

הערמאן הָאט זִיךְ דַאמָאלְס גֶעפוּנֶען בֶּעלֵיידִיגְט אוּנ אִיז שְׁטַארְק אוּנְצוּפְרִידֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם יוּדִישֶׁען יוּדֶענְפַיינְד. מִיט דֶעם גֶעדַאנְק עֶר זָאל שׁוֹין מֶער צוּ אִיהם נִיט קוּמֶען. עֶר הָאט אָבֶּער גֶעמוּזְט נָאךְ זַיין גֶעשְׁפְּרֶעךְ מִיט שְׁטראהלן זַיין שְׁטָאלְץ בֵּייגִין זַיין בֶּעשְׁלוּס אוּמֶענְדֶערִין. אוּנ אָבֶּערְמַאלְס קוּמֶען צוּ ווייספעלדן אִיהם בֶּעטִין עֶר זָאל אִיהם בֶּעהִילְפִיג זַיין. אוּנ וויא עֶרְשְׁטוֹינְט אִיז עֶר גֶעוָוארִין אַלְס דָאס מָאהְל הָאט אִיהם ווייספעלד זֵייעֶר שֵׁיין אוּנ פְרַיינְדְלִיךְ עֶמְפְּפַאנְגֶען. עֶר

האט איהם הערצליך דיא האנד געדריקט אונ אויף דיא ווערטער וואס מיר האבין פון הערמאנען גיהערט. האט ער מיט אפריינדליכען שמייכיל גיענטפערט. איך בין פערטיג מיט אלע מיגליכקייט אייך צו דינען מיין העהר.

ערשטוינט׳, אונ פאל פריידע, אויף דער אונערווארטעטער פריינדשאפט. האט הערמאן גאר ניט געוואוסט וואס צו טאהן. ער האט אנגעהייבין הערצליך צו דאנקען ווייספעלדן פאר זיין פערשפרעכונג, נאר ווייספעלד האט איהם איבערגעשלאגין דיא רייד. איהר וועט מיר ערשט דאנקען ווען איך וועל אייער וואונטש אויספיהרען ״האט ער געזאגט״ זיצט מיין העהר אונ ערצייהלט מיר אלעס פאדראבנע פון אייער אונגליק. דען דאס ערשטע מאהל אז איהר זענט דא גיוועזען. בין איך גיוועזען זייער צורודערט אונ אונרוהיג פון אגישעפט. זא דאס איך האב גוט ניט פערשטאנען אייער ערצייהלונג.

דא איז קיין סך ניטא וואס צו ערצייהלען — האט הערמאן גיענטפערט זיך זעטצענד — איך האב איין טאכטער מיט וועלכע איך האב שטאלצירט אונ איך מאג ווירקליך מיט איהר שטאלצירען, ווייל זיא איז אן׳ענגעל גאטעס, איך זאג דאס ניט ווייל איך בין איהרער אפאטער. איך זאג דאס וואס דיא גאנצע וועלט זאגט, צו איהר שיינקייט איז קיין גלייכען ניטא. אונ דאצו איז זיא העכסט געבילדעט אונ אפאלקאמענער פערשטענדיגער מענטש. איך אלם גוטער אונ צערטליכער פאטער האב איהר פאלע פרייהייט געגעבען. איך האב איהר ניט נאכגעקוקט וויהין זיא געהט אונ מיט וועמען זיא רעדט.

אין דער מינוט איז אריינגעקומען מאקס מיט אפאפיר אין דער האנד אונ האט געזאגט דעם פאטער. אז דעם פאפיר האט געשיקט דער גראף באלאשאוו ער זאל איהם דורכלעזען אונ זאל איהם אונטערשרייבען.

זעטץ זיך אנידער מאקס אונ ווארט איך וועל באלד איהם איבערלעזען — האט ווייספעלד גיענטפערט אונ זיך ווענדענד צו הערמאנען האט ער געזאגט: ערצייהלט ווייטער. איהר מאגט פרייא ריידין דאס איז מיין זאהן.

הערמאן האט זיך בעגריסט מיט מאקסין אונ האט ווייטער ערצייהלט: מיר איז גאר קיין מאהל ניט איינגעפאלין אז אזא שטיל קינד וויא מיין טאכטער איז בעשטענדיג גיוועזען זאל זיין פעהיג זיך צו פערליבען, און מיין ערלויבניס. אונ זיא וועט זיך לאזין פערפיהרען פון אנ׳אונמענטשין.

דא מיט איינינע וואכין צוריק אלס מיר זיינען אין דער פריה אויף געשטאנען אונ האבען געווארט אויף אונזער טאכטער מיט דער קאפפע. ערשט זיא איז ניטא. דער זייגער האט שוין געשלאגין צעהן אונ זיא איז אלס פון איהר צימער ניט ארויסגעגאנגען. דאן איז מיין פרויא צוגעגאנגען צו איהר צימער. האט אנגעפאנגען צו איהר צו קלאפען אבער קיין אנטווארט ווער צו הערין אויף אלע איהרע געשרייען. דא האבין מיר זיך אלע ערשראקין מיר האבין אויפגעריסען דיא טיהר אונ צו אונזער גרויסען ערשטוינען, אונ שרעק, האבין מיר דא קיינעם ניט געפונען. אלע איהרע זאכין זיינען געלעגין אין

בְּעסְטִין אָרְדְנוּנְג אוּנ זִיא אַלֵיין אִיז נִיט גִיוֶעזֶען. אִיהר קֶענְט אַייךְ פָארְשְׁטֶעלִין אוּנְזֶער שְׁרֶעק. מִיר הָאבִּין נָאר נִיט גֶעקָאנְט פָערְשְׁטֵייהֶן וָואס דָא טוּהְט זִיךְ. מִיר הָאבִּין זִיא גֶעזוּכְט בַּייא אַלֶע בַּאקַאנְטֶע נוּר קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעקָאנְט עֶרְקְלֶערִין וואוּ זִיא אִיז פֶערְשְׁוואוּנְדֶען גֶעוָוארִין, נוּר דוּרךְ אַצוּפַאל הָאבִּין מִיר אוֹיף דֶעם פִינְפְטֶען טָאג עֶרְפַאהְרֶען. אַז זִיא אִיז אַנְטְלָאפִין גֶעוָוארִין מִיט דֶעם פֶערְפְלוּכְטֶען סְטוּדֶענְט שטראהל. מַיינֶער אַבֶּעקַאנְטֶער הָאט מִיר עֶרְצֵייהֶלְט אַז פָאהְרֶענְדִיג הָאט עֶר בַּאגֶעגֶינְט אֵיוּנְגֶען מַאן מִיט אֵיוּנְגֶער פְרוֹיא. אוּנ וִויא עֶר הָאט זֵייא מִיר אָבְּגֶעמָאהְלְט הָאבּ אִיךְ בַּאלְד עֶרְקֶענְט אַז דָאס אִיז אוּנְזֶער טָאכְטֶער. אוּנ דֶער יוּנְגֶער מַאן אִיז מַיינֶעם אַשְׁכֵנִים וויכאוּוניק שטראהל' וָועלְכֶער סְטוּדִירְט דָא אִין דֶעם אוּנִיוֶוערְזִיטֶעט, דַאבַּייא הָאבּ אִיךְ בַּאלְד גֶעהֶערְט עֶרְצֵייהלֶען וִויא מֶען הָאט גִיזֶעהֶען מַיין טָאכְטֶער בֶּעשְׁטֶענְדִיג דוּרךְ דִיא גֶעבְט שְׁפַּאצִירֶען מִיט דֶעם סְטוּדֶענְט שטראהל. דַאן אִיז בַּייא מִיר קֵיין צְוַוייפֶעל גִיוֶועזֶען אַז מַיין טָאכְטֶער אִיז אַנְטְלָאפִין מִיט דֶעם פֶערְפְלוּכְטֶען סְטוּדֶענְט. אוּנ בִּין בַּאלְד מִיט מַיין פְרוֹיא אַהֶער גֶעפְלַייגֶען. מִיר הָאבִּין זִיא שׁוֹין אוֹיסְגֶעזוּכְט וואוּ עֶס אִיז נָאר דָא אַהוֹיז אִין אגיר אָבֶּער קֵיין שְׁפּוּר הָאבִּין מִיר נִיט גֶעפוּנֶען. הַייטֶע בִּין אִיךְ גִיוֶועזֶען בַּייא דֶעם שטראהלן. הָאבּ אִיהם גִיבֶּעטִין מִיט גוּטֶען אוּנ מִיט בַּייזֶען עֶר זָאל מִיר מַיין טָאכְטֶער אָבְּגֶעבִּין, אָבֶּער דֶער אוּנְמֶענְטְשׁ הָאט מִיר פְרַייא גִיעֶנְטְפֶערְט אַז עֶר מוּז מִיט אִיהר הַייראַטְהֶען.

מאקס וָועלְכֶער הָאט דִיא לֶעצְטֶע וָוערְטֶער גִיהֶערְט הָאט זִיךְ גִיוֶוענְדֶעט צוּ הערמאנען אוּנ הָאט גֶעזָאגְט: הַייסְט אַייעֶר טָאכְטֶער נִיט סאראה בלאהוויים?

נֵיין זִיא הַייסְט דעבארא נוסט — הָאט הערמאן גִיעֶנְטְפֶערְט — נָאר אַנְטְגֶעגֶענִין וָואס פְרֶעגְט אִיהר דָאס?

וַוייל אִיךְ קָאן אֵיינֶע אַפְרַיילִין סאראה בלאהוויים וֶועלְכֶע אִיז מִיט שטראהלן זֶעהֶער גוּט בֶּעקַאנְט, עֶר שְׁפַּאצִירְט מִיט אִיהר בֶּעשְׁטֶענְדִיג אַרוּם. אוּנ עֶר הָאט אִיהר גֶעדוּנְגֶען אַבֶּעזוּנְדֶער קְוַוארְטִיר.

עֶס קָאן זֶעהֶער זַיין אַז זִיא הָאט זִיךְ אַנְ'אַנְדֶער נָאמֶען גֶעגֶעבִּין כְּדֵי מֶען זָאל אִיהר אַזוֹי גִיךְ נִיט גֶעפִינֶען — הָאט ווייספעלד גֶעזָאגְט.

וַוייס אִיךְ? עֶס קָאן אַלְס זַיין — הָאט הערמאן גִיעֶנְטְפֶערְט אוּנ זַיין הַארְץ הָאט אִין אִיהם פַאר פְרֵיידֶע אוּנ הָאפְנוּנְג אָנְגֶעהֵייבִּין שְׁטַארְק צוּ קְלַאפִּין — וַוייסְט אִיהר נִיט יוּנְגֶער הֶערְר וואוּ דִיא סאראה בלאהוויים קְוַוארְטִירְט? הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט זִיךְ וֶוענְדֶענְד צוּ מאקסן.

אִיךְ וַוייס הָאט מאקס גִיעֶנְטְפֶערְט — זִיא וואוֹינְט אִין דֶעם טְשֶׁערְקַאסְקֶען פֶערְעֶוּלָאק הויז גראסהעלד № 6.

פוּן וַואנֶען וַוייסְטוּ דָאס מאקס? — הָאט אִיהם דֶער פָאטֶער גֶעפְרֶעגְט.

דָאס זָאלְט אִיהר נִיט פְרֶעגִין הֶער ווייספעלד — הָאט הערמאן גִיעֶנְטְפֶערְט — דִיא יוּנְגֶע לַייט עֶרְפַאהְרֶען בֶּעשְׁטֶענְדִיג פַארְבַּייא גֶעהֶענְד דָאס וָואס דִיא עֶלְטֶערֶע בַּאדַארְפִין יָאהְרִין לַאנְג זוּכֶען. אַלְזָא וַוייסְט אִיהר גֶעוִויס אַז זִיא וואוֹינְט דָארְט?

יָא איך וַויים גָעווים נור צו זיא איז אַייער טָאכְטֶער וַויים איך נִיט.

דָאס וָועלִין מִיר שׁוין ווִיסֶען — הָאט הערמאן גֶעזָאגְט — איך גֵייא שׁוין אַהִין אונ וָועל בַּאלד רִיכְטִיג עֶרפַאהרֶען. אויב דָאס אִיז מַיין דעבארא וָועל איך זיא מִיט גְוַואלד גֶעמֶען אַהֵיים.

נֵיין דָאס טוּהְט נִיט — הָאט דֶער אַלְטֶער ווייספעלד גֶעזָאגְט — אַלְס פְּרַאקְטִישֶׁער מֶענְטְשׁ רַאטְהֶע איך אַייך אִיהר זָאלְט צו אַזַא גֶישֶׁעפְט נִיט מִיט שְׁטוּרְם צוּ גֶעהֶען. דָא מוּז מֶען נור מִיט גוּטֶען הַאנְדְלֶען. עֶרפַאהרְט פְרִיהֶער צו דָאס אִיז זיא. נַאכְהֶער זָאל אַייעֶר פְרויא אַלֵיין צו אִיהר אַרַיינְגֶעהֶען אונ זָאל וִויא אַמוּטֶער זיא מִיט טְרֶערִין בֶּעטִין זיא זָאל אַוֶועק וַוארְפִין אִיהר גֶעלִיבְּטֶען אונ זָאל מִיט אִיהר אַהֵיים פָאהרִין. אונ אויב זיא וֶועט אויך נִיט ווִירְקֶען דַאן זָאלְט אִיהר אַרֵיינְגֶעהֶען צו אִיהר, נָאר פְּרוּבְּט זִיךְ נִיט מִיט שְׁטוּרְם. דֶען אויף אַזַא אַרְט וֶועט אִיהר גָאר נִישְׁט אויסְפִיהרֶען.

איך דַאנְק אַייך פַאר אַייעֶר רַאטְה הֶערְר ווייספעלד, איך וָועל אַייך פָאלְגִין הָאט הערמאן גֶעזָאגְט.

אונ איך וָועל נָאךְ הַיינְט זִיךְ זֶעהֶען מִיט דֶעם רֶעקְטָאר פוּן דֶעם אוּנִיוֶוערְזִיטֶעט — הָאט ווייספעלד וַוייטֶער גֶעזָאגְט — איך וֶועל מַאכִין אַז דֶער שטראהל וֶועט הָאבִּין אַזַא מַפָּלָה אַז עֶר וֶועט זִיךְ מוּזֶען עֶנְטְזַאגֶען פוּן אַייעֶר טָאכְטֶער.

אַךְ איך וָועל אַייך בִּיז מַיין טוֹיט דַאנְקְבָּאר זַיין פַאר דֶעם גְרוֹיסִין חֶסֶד וָואס אִיהר וֶועט מִיט מִיר טָאהן — הָאט הערמאן גֶעזָאגְט מִיט טְרֶערִין אִין דִיא אוֹיגִין — אִיהר וֶועט צְווייא אוּנְגְלִיקְלִיכֶע עֶלְטֶערִין גְלִיקְלִיךְ מַאכִין. איך וָועל לַייפִין אָנְזָאגִין מַיין פְרויא אַז עֶס אִיז דָא שְׁפּוּרֶען פוּן אוּנְזֶער טָאכְטֶער, אונ פוּן דֶעם וָואס אִיהר עֶדְלֶער הֶערְר ווִילְט זִיךְ דִיא מִיהֶע גֶעבִּין אוּנְז צוּ הֶעלְפִין. זיא אִיז שׁוין אוֹיס מֶענְטְשׁ פוּן גְרוֹיס שְׁמֶערְצִין. זיא וָועט אַייךְ אִיבִּיגְסְט דַאנְקְבַּאר זַיין אונ וֶועט אַייךְ אַלְס אִיהר אונ אִיהר קִינְדְס רֶעטֶער בֶּעטְרַאכְטִין.

דָאס אִיז גָאר קֵיין דַאנְק וָוערְט — הָאט ווייספעלד גֶעזָאגְט — דִיא שׁוּלְדִיגְקֵייט פוּן יֶעדֶען מֶענְטְשִׁין אִיז עֶר זָאל דֶעם צְווייטֶען הֶעלְפִין אִין זַיין נוֹיט מִיט וָואס עֶר קֶען.

איך דַאנְקֶע עֶדְלֶער הֶערְר! דֶערְוַוייל אַדְיֶע! — הָאט הערמאן גֶזָאגְט דְרִיקֶענְד ווייספעלדס הַאנְד אונ אִיז גֶעשְׁווִינְד אַרוֹיס גֶעלָאפִין.

---

## טו.

### אַנ'אוּנְעֶרוַוארְטֶעטֶער קְלַאפְּ.

דוּא וֶועסְט מִיר נִיט אַיינְרֵיידִין לִיבֶּע זוזאנא, איך פַארְשְׁטֵייא אַז דִיר דְרִיקְט עֶפֶּעס אַגֶעהֵיימֶער שְׁמֶערְץ, דִיא טְרֶערִין וָואס דוּא פֶערְגִיסְט וֶוען דוּא מֵיינְסְט אַז קֵיינֶער זֶעהְט זַייא נִיט צֵיינֶען אַז דַיין הֶערְץ אִיז פוּל מִיט וואוּנְדֶען,

ערצייל מיר איך בעט דיר אין וואס באשטייט דיין קומער, דוא ווייסט דאך אז איך בין דיין בעסטע פריינדין, אונ זייט דיין מוטער איז געשטארבין האב איך בעשטענדיג איר שטעלע בייא דיר פערטרעטין, מאנכסט פאר מיר דיין הערץ עפענען אונ דארפסט זיין זיכער אז אויב קיינער באדארף ניט וויסען דיינע געהיימע וואונדין וועט אויסער מיר קיין אויג זייא ניט זעהען אונ קיין אויער זייא ניט הערין.

דיא ווערטער האט גירעט סאפיא זוזאנאס טאנטע צוא זוזאנאן.

אונזערע לעזער ווייסין שוין אז זוזאנא איז וויספעלדס טאכטער, איך וואלט זיא אפילו פאר אייך אפגעמאלט, נאר גלויבט מיר אז מיר איז שוין נמאס געווארין מאהלען פאר אייך שיינע מיידלאך, אונ אין גרונד מאכט דאך אייך ניט אוים, צוא זיא איז גיוועזן מיט קאסטאניגען האר אדער מיט שווארצע האר, אייך אינטערעסירט אויך ניט צוא אירע אויגין זיינען געוועזן בלאע צוא שווארצע, פאר אייך איז גענוג ווען איך וועל אייך זאגין אז זיא איז גיוועזן זייער אשיין מעדכען, אונ איר האט דאס רעכט פארשטעלין זיך איהר בילד מיט וועלכע פארב איר ווילט.

זעהט איר דער פאר וועל איך פאר אייך פארשטעלין אונ אפמאלען סאפיא'ן זוזאנאס מומע, ווייל אזעלכע פערזאנען זיינען אייך נאך ניט אזויא גוט באקאנט.

סאפיא וואר אפרויא פון אונגעפעהר פופציג יאר, אהויכע אונ אמאגערע פרויא מיט אלאנגע נאז אונ מיט געפארבטע האר, פון ווייטען ווער עס האט זיא גיזעהען האט גיקענט מיינען אז זיא איז נאך איונגע פרויא פון אזאהר דרייסיג נאר אז מיא איז צונעגאנגען נעהענטער צוא איר האט מען זייער לייכט גיקאנט ערקענען אז דיא יוגענד אויף איר געזיכט איז נור אגעמאכטע דורך פארב אונ פודער, זיא איז געגאנגען געקליידעט נאך דער לעצטער מאדע, אונ האט זייער געוואלט פארבלענדין מענער דיא אויגין מיא זאל מיינען אז זיא איז יונג אונ שיין, ווען זיא האט גירעט מיט יעמאנדין פלעגט זיא אנציהען אנעשפרעך פון דער עלטער אום זיא זאל קענען ערציילען אז זיא איז נאך יונג. אט וויא איר קוקט מיך אן' פלעגט זיא זאגין בין איך אין נאנצין אלט 35 יאהר אונ' מיינע צרות האבין אויף מיר דיא עלטער ארופגעצויגין וא דאס מיא מיינט אז איך בין שוין 40 יאהר אלט, זיא איז גיוועזן אבלוטפיינדין אלע שיינע יונגע דאמען, אונ האט זייער ליב געהאט צוא ריידין פון ליבעס אונ וויסען אלע געהיימניסע פון דיא ליבעס, ווען זיא פלעגט ריידין מיט מענער האט זיא געמאכט אלע קאקעטעשע תנועות אונ חנדעלאך, אונ האט געמיינט אז אלע מענער בעוואונדערין איר שיינקייט אונ איר חכמה, האט איר יעמאנד געמאכט אין לצנות אקאמפלימענט אז זיא איז שיין אדער קלוג, האט זיא דאס זייער ערינכט אנגענומען, אונ איז שטארק צופרידין גיוועזן מיט דעם, צוא זוזאנאן האט זיא זיך געוויזען געטרייא ווייא אמוטער

אונ (פ״א)

אונ הָאט איר אִין הַארְצִין גֶעהַאסְט וִויא דֶעם טויט דֶער פַאר וָואס זִיא אִיז נָאךְ יוּנְג אוּנ שֵׁיין אוּנ שֵׁיינֶע יוּנְגֶע לַייט שַׁדְכָנֶען זִיךְ צוּא אִיר, זִיא הָאט גֶעהַאט צְוֵויא קִינְדֶער, אַזוּן, מִיט אַטָאכְטֶער, וֶועלְכֶע הָאבִּין אִיר שׁוין גֶעשֵׁיינְקְט אֵיינִיקְלַאךְ, אוּנ זִיא אִיז דִיא צְוֵויא קִינְדֶער גִיוֶוען אַרֶעכְטֶע פַיינְדִין דֶער פַאר וָואס דוּרְךְ זֵייא הָאט מֶען גִיקֶענְט עֶרְפַאהְרֶען וִויפִיל יָאר זִיא אִיז אַלְט, אוּנ וֶוען עֶס וָואלְט מֶעגְלִיךְ גִיוֶוען וָואלְט זִיא אִיהְרֶע אֵיינִיקְלַאךְ עֶרְשְׁטִיקְט דֶער פַאר וָואס זֵייא הָאבִּין אִיר גֶערוּפִין בָּאבֶע.

זוזאנא הָאט אִיר גוּט גִיקֶענְט, אוּנ פְלֶעגְט זִיךְ דַארוּם פוּן אִיר הִיטֶען וִויא פַאר אַשְׁלַאנְגֶע.

יֶעצְט הֶערִין מִיר אִירֶע זִיסֶע וֶוערְטֶער צוּ זוזאנאן, וִויא זִיא וִויל בַּייא אִיר אוֹיס פָארְשִׁין וָואס בַּייא אִיר אִין הַארְצִין אִיז.

אִיךְ וֵוייס נִיט וָואס הָאט אִיר זִיךְ אַייְנְגֶעבִּילְדֶעט אַז אִיךְ וֵויין אוּנ אִיךְ הָאבּ אַהַארְץ מִיט וואוּנְדֶען — הָאט אִיר זוזאנא גִיעֶנְטְפֶערְט, — אוֹיבּ אִיר הָאט יַא בַּאמֶערְקְט אַמָאל בַּייא מִיר פֶערְוֵוייְנְטֶע אוֹיגִין, אִיז דָאס נוּר צוּ פֶערְדַאנְקֶען מַיין לִיבִּין בְּרוּדֶער.

הֶערְסְטוּ, מִיךְ וֶועסְטוּ נִיט נַארִין — הָאט סאפיא גֶעזָאגְט לַאכֶענְד — אִיךְ בִּין דָאךְ שׁוין וִויא זָאגְט מֶען דָאס אַנ'אַלְטֶער קָאזַאק, אִיךְ בִּין שׁוין אַמֵבִין אוֹיף דִיא אַלֶע זַאכִין, אִיךְ פַארְשְׁטֵייא מִיךְ אוֹיף טְרֶערִין פוּן אַיוּנְג מֵיידִיל אַזוֹיא גוּט וִויא אַגוּטֶער דָאקְטָאר פַארְשְׁטֵייט דִיא קְרֵיינְק פוּן זַיינֶע פָּאצִיֶענְטִין, מִיךְ וֶועסְטוּא נִיט נַארִין מַיין לִיבֶּע זוזאנא, אִיךְ פַארְשְׁטֵייא פַאר וָואס דוּא פֶערְגִיסְט טְרֶערִין.

נוּא אַז אִיר פַארְשְׁטֵייט וָוארוּם פְרֶעגְט אִיר מִיר דִיא אוּרְזַאכֶע? — הָאט זוזאנא הַאלְבּ צָארְנִיג גֶעזָאגְט.

דוּא הָאסְט נִיט גִיזֶעהֶען מַיין קִינְד אַז וֶוען אַדָאקְטָאר קוּמְט צוּא אַקְרַאנְקִין הָאטְשׁ עֶר פַארְשְׁטֵייט זַיין קְרֵיינְק, פוּן דֶעסְט וֶועגִין פְרֶעגְט עֶר אוֹיס רִיכְטִיג פוּן וַואנֶענְט דִיא קְרֵיינְק הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען, דֶען אַז עֶר וֵוייס דִיא קְוֶועלֶע פוּן דֶער קְרֵיינְק קָאן עֶר אַלְס גִיכֶער אַמִיטֶעל צוּא אִיהר גֶעפִינֶען.

אִיךְ פַארְשְׁטֵייא נִיט וָואס הָאט אִיר מִיר אַלְס אָנְגֶעהוֹיבִּין צוּא גֶעבִּין מְשָׁלִים פוּן אַדָאקְטָאר אוּנ פוּן אַקְרֵיינְק, בַּייא מִיר אִיז קֵיין קְרֵיינְק נִיט אוּנ אִיר זֵייט קֵיין דָאקְטָאר נִיט, אַלְזָא וָואצוּ זָאלִין מִיר רֵיידִין אַזֶעלְכֶע פוּסְטֶע אוּנְנוּטְצִיגֶע זַאכִין,

אַקִינְד בְּלַייבְּט אַקִינְד — הָאט סאפיא גֶעזָאגְט שָׁאקְלֶענְד מִיט דֶעם קָאפְּף — פַאר מִיר, פַאר דַיין גֶעטְרַייעֶר מוּמֶע, הָאסְטוּ מוֹרָא זִיךְ צוּא פֶערְטְרוֹיעֶן? פֶע דָאס הָאבּ אִיךְ פוּן דִיר גָאר נִיט עֶרְוַוארְטֶעט.

אִיךְ וֵוייס נִיט וָואס ווילְט אִיר פוּן מִיר הָאבִּין — הָאט זוזאנא אוּנְגֶעדוּלְדִיג

גִיעֶנְטְפֶערְט — אִיךְ הָאבּ אַייךְ אֵיין מָאל גִיזָאגְט אוּנ אִיךְ זָאג אַייךְ דָאס לֶעצְטֶע מָאל אַז אִיךְ הָאבּ נִיט וָואס צוּא פֶערְטְרוֹיֶען.

נוּא אַז דוּא ווִילְסְט נִיט וֶועל אִיךְ דִיר נִיט נֵייטִין, אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט נוּר דַיין טוֹבָה, דָאךְ זֶע נָאר, אִיךְ הָאבּ מִיךְ דָא פַאר רֶעט אוּנ הָאבּ פַארְגֶעסִין אַז אִיךְ בִּין גֶעלַאדִין צוּ אַחֲתוּנָה.

וואוּ הָאט אִיר דָאס הַיינְט אַחֲתוּנָה?

אָבְּוָואל אַנְ׳אָרֶעמַע חֲתוּנָה נָאר זַייֶער אַנְ׳אִינְטֶערֶעסָנֶע.

אַנְ׳אָרֶעמֶע אוּנ אַנְ׳אִינְטֶערֶעסָנֶע חֲתוּנָה? בַּייא וֶועמֶען אִיז דָאס?

דוּא מוּזְט אִים קֶענֶען, דֶער סְטוּדֶענְט וֶועלְכֶער נִיט אָפּ אַשְׁטוּנְדֶע מִין איזאבעלעס אִינְגֶעלֶע דאווידקען.

וֶוער? שטראהל? הָאט זוזאנא נִיט מִיט אִיר שְׁטִימֶע גֶעפְרֶעגְט אוּנ אִיז בְּלַאס גֶעוָוארִין ווִיא דֶער טוֹיט.

יַא! — הָאט סאפיא גִיעֶנְטְפֶערְט נִיט בַּאמֶערְקֶענְד ווִיא פַארֶענְדֶערְט זוזאנא אִיז גֶעוָוארִין, וַוייל זִיא הָאט גֶעבְּלֶעטֶערְט אֵיין אַלְבָּאם. — יַא דָער סְטוּדֶענְט שטראהל הָאט הַיינְט חֲתוּנָה.

מִיט וֶועמֶען? הָאט זוזאנא גֶעפְרֶעגְט אוּנ הָאט זִיךְ בֶּעמִיהֶעט וַוייזֶען זִיךְ רוּהִיג.

מִיט וֶועמֶען? וָואס פַארְשְׁטֵייסְטוּ דָא נִיט מִסְתָּמָא מִיט אַמֵיידִיל, עֶר הָאט מִיר גִיבֶּעטִין בְּסוֹד אִיךְ זָאל זַיין בַּייא אִים אוֹיף דֶער חֲתוּנָה, אוּנ זָאל זִיךְ חָלִילָה פַאר קֵיינֶעם נִיט אוֹיס רֵיידִין אַז עֶר הָאט חֲתוּנָה, דַארִיבֶּער זָאג אִיךְ דָאךְ אַז דָאס אִיז אַנְ׳אִינְטֶערֶעסָנֶע הָאכְצַייט, מִיא דַארְף פַארְשְׁטֵיין אַז מִסְתָּמָא הָאט זִיךְ אִין אִים פֶערְלִיבְּט אַמֵיידִיל וָואס אִיהְרֶע עֶלְטֶערִין ווִילֶען נִיט מַסְכִּים זַיין זִיא זָאל זַיין שטראהלס וַוייבּ, וֶועט מֶען דָא אָפְּשְׁפִּילֶען אַשְׁטִילֶע חֲתוּנָה, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין בַּייא זִיךְ גֶעטְרַאכְט אַז דָאס מֵיידִיל מוּז זַיין נִיט קֵיין נַאר וָואס זִיא הָאט אוֹיס גֶעקְלִיבִּין אַזַא טַייֶערִין חָתָן, אִיךְ זָאג דִיר דָעם אֶמֶת, וֶוען אִיךְ זָאל זַיין אַמֵיידִיל אוּנ וָואלְט גֶעהַאט הוּנְדֶערְט מִילְיָאן זְרוּבֶּעל וָואלְט אִיךְ זִיךְ קֵיין בֶּעסֶערִין חָתָן נִיט גֶעווּאוּנְטְשֶׁען ווִיא עֶר אִיז, עֶר אִיז גָפֶעם אַזַא לִיבֶּער יוּנְגֶער מַאן אַז עֶס אִיז אֵיינְפַאךְ נָאר אַפֶּערְגֶענִיגֶען מִיט אִיהְם צוּא רֵיידִין אוּנ מִיט אִים צוּא פַארְבְּרֵיינְגֶען, אִיךְ הָאבּ נָאךְ אַזַא בּוּרְלַאנְט נִיט גִיזֶעהֶען.

זוזאנא הָאט נִיט גִיעֶנְטְפֶערְט, זִיא הָאט אָנְגֶעשְׁפַּארְט דֶעם קָאפּ אוֹיף בֵּיידֶע הֶענְט אוּנ הָאט זִיךְ פַארְטְרַאכְט.

זֶעה נָאר אִיךְ הָאבּ שׁוֹין גֶעוָואלְט אַוֶועק גֵייִן אוּנ בִּין וַוייטֶער גֶעבְּלִיבִּין זִיצֶען — הָאט סאפיא גֶעזָאגְט אוֹיפְשְׁטֵייֶענְד פוּן אָרְט, יַא דוּא וֵוייסְט וָואס אִיךְ וָואלְט דִיר גֶעזָאגְט לִיבֶּע זוזאנא: דוּא זָאלְסְט זִיךְ אָנְטָאן אוּנ זָאלְסְט גֵיין מִיט מִיר אוֹיף דֶער חֲתוּנָה, דוּא הָאסְט דָאךְ נָאךְ קֵיין מָאל נִיט גִיזֶעהֶען קֵיין אַרְמֶע חֲתוּנָה, וֶועסְטוּ אִיצוּנְד דִיא גֶעלֶעגֶענְהַייט הָאבִּין דָאס צוּ זֶעהֶן,

אַנַב אִיז טַאקְע אַמִצְוָה צוּא זַיין אוֹיף אַזַא חֲתוּנָה דֶען שטראהל אִיז דָא גֶעבַּאךְ עָלֶענְד, אָן עָלְטֶערִין אוּנ אָן אַפַאמִילְיָע, אוּנ זִיא מוּז נָאךְ עָלֶענְדֶער זַיין, מִיר וֶועלִין זַייא עֶרְקְווִיקֶען מִיט אוּנְזֶער גֶעגֶענְוָוארְט.

מוּהְמֶע מִיר אִיז נִיט גוּט! — הָאט פְּלוּצִים זוזאנא גֶעגֶעבִּין אַגֶעשְׁרַייא אוֹיפְשְׁטֵייֶענְד פוּן אִיר אָרְט אוּנ אִיז בַּייא סאפיא'ן אוֹיף דִיא הֶענְט אִין אוּנְמַאכְט גֶעפַאלִין.

סאפיא הָאט זִיךְ זֵייעֶר עֶרְשְׁרָאקִין זִיא הָאט גֶעמַאכְט אַגְוַואלְד, בֶּעדִינְטֶע זֵייגֶען בַּאלְד אַרַייְנְגֶעלָאפִין הָאבִּין גֶענוּמֶען זוזאנאן מִינְטֶערִין.

זִיא הָאט בַּאלְד דִיא אוֹיגִין גִיעֶפִינְט, אוּנ אִיז סאפיאן אוֹיף דֶעם הַאלְדְז גֶעפַאלִין אוּנ הָאט זִיךְ בִּיטֶער צוּוֵויינְט.

גָאט אִיז מִיט דִיר! וָואס אִיז דִיר מַיין קִינְד? — הָאט סאפיא גֶעפְרֶעגְט זִיא אוּמְאַרְמֶענְד.

נָאר זוזאנא הָאט זִיא נִיט גִיעֶנְטְפֶערְט, זִיא הָאט אַלַאנְגֶע צַייט גֶעיָאמֶערְט, עֶנְדְלִיךְ הָאט זִיא דֶעם קָאפּ אוֹיפְגֶעהוֹיבִּין, אוּנ הָאט גֶעזָאגְט: מִיר אִיז שׁוֹין בֶּעסֶער אִיר קָאנְט שׁוֹין גֵיין מוּמֶע אוֹיף דֶער חֲתוּנָה.

אָבֶער עֶרְצֵייל מִיר וָואס אִיז דִיר פְּלוּצִים גֶעוָוארִין.

גָאר נִיט לִיבֶּע מוּמֶע דָאס אִיז אַסְפַּאזְמֶע, עֶס אִיז שׁוֹין אִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען, הָאט זִיא זוזאנא בֶּערוּהִיגְט.

נֵיין דוּא וֶועסְט מִיר נִיט אַייְנְשְׁמוּעֶסִין דָא מוּז עֶפֶּעס זַיין. — הָאט סאפיא גֶעזָאגְט בֶּעטְרַאכְטֶענְד אִיר פְלֶעמְיַאנִיצֶע.

גְלוֹיבְּט מִיר אַז דָא אִיז קֵיין אַנְדֶער זַאךְ נִיטָא אוֹיסֶער אַסְפַּאזְמֶע.

אִיז דִיר שׁוֹין אִיצוּנְד בֶּעסֶער?

מִיר אִיז אִיצוּנְד וִויא פְרִיעֶר אִיךְ בִּין פָאלְקָאמֶען גֶעזוּנְד — הָאט זוזאנא גִיעֶנְטְפֶערְט אוּנ הָאט זִיךְ בֶּעמִיהֶעט צוּא שְׁמֵייכְלֶען.

נוּא אַז דִיר אִיז בֶּעסֶער וֶועל אִיךְ שׁוֹין גֵיין, אַדְיֶע דֶערְוַוייל מַיין לֶעבִּין! הָאט סאפיא גִיעֶנְטְפֶערְט זִיא הָאט אַקוּשׁ גֶעטָאן זוזאנאן אִין קָאפּ אוּנ אִיז אַוֶועק גִיגַאנְגֶען.

אַלְס זוזאנא אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַלֵיין, הָאט זִיא זִיךְ גֶעחַאפְּט פַאר דֶעם קָאפְּף אוּנ הָאט מִיט אַבִּיטֶערֶע שְׁטִימֶע אַגֶעשְׁרַייא גֶעגֶעבִּין אִיךְ בִּין דִיא אוּנְגְלִיקְלִיכְסְטֶע אִין דֶער וֶועלְט! אִיךְ קָאן שׁוֹין מֶעהְר אוֹיף קֵיין גְלִיק נִיט הָאפֶּען.

זִיא הָאט זִיךְ אַוָוארְף גֶעטָאן אוֹיף אַזָאפָע פֶערְצְוֵוייפֶעלְט אוּנ הָאט זִיךְ גָאר אוֹיף דָאס נַייעֶ צוּחְלִיפֶּעט.

אַקְלַאפּ אִין טִיר הָאט זִיא עֶרְצִיטֶערְט אוּנ אוֹיפְגֶעוֶועקְט פוּן אִיהְרֶע פִינְסְטֶערֶע שְׁוַוארְצֶע גֶעדַאנְקֶען, זִיא אִיז פוּן אִיר אָרְט אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען, הָאט אָבְּגֶעוִוישְׁט אִיהְרֶע טְרֶערִין, אוּנ הָאט גֶעפְרֶעגְט מִיט אַצִיטֶערֶענְדֶע שְׁטִימֶע: וֶוער אִיז דָארְט.

דָאס בִּין איך מארק! — הָאט זיך גיהֶערט איר בְּרוּדֶערְס שְׁטִימֶע.

וָואס בַּאדַארְפְסְטוּ? הָאט זוזאנא אוּנְצוּפְרִידֶען נֶעפְרֶעגְט.

איך בַּאדַארְף דִיר אַגִייטִיגֶע זַאךְ זָאגִין.

זוזאנא הָאט נִיט גִיעֶנְטְפֶערְט אוּנ הָאט נִיט גֶעוָואלְט עֶפֶענֶען, נָאר אַלְס מארק הָאט נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּא קְלַאפִּין הָאט זִיא אִים גִיעֶפִינְט, אוּנ הָאט צָארְנִיג נֶעפְרֶעגְט וָואס אִיז דִיר אַזוֹיא אָנְגֶעשְׁפַּארְט אִיצוּנְד מִיט מִיר צוּא רֵיידִין?

אוּנ וָואס הָאסְטוּ זיך גְרַאדֶע אִיצוּנְד אַזוֹיא פַאר שְׁפַּארְט? — הָאט מארק נֶעזָאגְט שְׁטָאלְץ — מִסְתָּמָא אַז איך קְלָאפּ הָאבּ איך דִיר אַוויכְטִיגֶע זַאךְ צוּא זָאגִין.

נוּא זָאג שׁוֹין דַיין וִויכְטִיגֶע זַאךְ דוּ דַארְפְסְט גֶעוִוים ווייטֶער גֶעלְד?

נֵיין איך בִּין אִיצוּנְד רַייכֶער פוּן דִיר, נָאר מַיינֶער אַקַאמֶעראַד וִויל זיך מִיט דִיר זֵייעֶר בַּאקֶענֶען עֶר אִיז זֵייעֶר אַפֵיינֶער יוּנְגֶער מַאן, דוּא וֶועסְט קֵיין חֲרָטָה נִיט הָאבִּין וָוען דוּא וֶועכְט זיך מִיט אִים בַּאקֶענֶען, עֶר הֵייסְט וואלף קארטמאן.

איך גֶעם אִיצוּנְד קֵיין וִויזִיטִין נִיט אָן — הָאט זוזאנא צָארְנִיג נֶעזָאגְט — אוּנ מִיט דַיינֶע קָאמֶעראַדִין וִויל איך זיך גָאר נִיט קֶענֶען.

אָבֶּער עֶר אִיז...

עֶר מָאג זַיין אַפְּרִינְץ קוֹים אִיז עֶר דַיינֶער אַקַאמֶעראַד וִויל איך אִים נִיט קֶענֶען אוּנ לָאז מִיר צוּ רוּה — הָאט זוזאנא שְׁטְרֵיינְג נֶעזָאגְט.

איך בֶּעט דִיר טוּא מִיר צוּלִיבּ אוּנ רֵייד מִיט אִים הָאטְשׁ צְווייא וָוערְטֶער הָאט זיך מארק גִיבֶּעטִין.

אֲפִילוּ אַהַאלְבִּין וָוארְט וֶועל איך מִיט אִים אוֹיךְ נִיט רֵיידִין, אוּנ דִיר וֶועט נִיט הֶעלְפִין דַיין רֵיידִין מִיט דַיין בֶּעטִין.

גֶעדֵיינְק דוּא וֶועסְט חֲרָטָה הָאבִּין! — הָאט מארק צָארְנִיג נֶעזָאגְט אוּנ אִיז אַרוֹים גֶעגַאנְגֶען פוּן זַיין שְׁוֶועסְטֶערְס צִימֶער.



## טז.

### דֶער גַאנְג אוֹיף אַיין אוּנְאַנְגֶענֶעהְמֶע חֲתוּנָה.

אוּנְזֶערֶע לֶעזֶער פַארְשְׁטֵייעֶן גֶעוִוים פוּן דֶעם פָארִיגֶען קַאפִּיטֶעל אַז זוזאנא וַואר פֶערְלִיבְּט אִין דֶעם סְטוּדֶענְט שטראהל, אוּנ זֵייא וואוּנְדָערִין זיך אָהְנֶע צְווייפֶעל וָוארוּם אִיז בִּיז אַהֶער נִיט דֶערְמָאנְט גֶעוָוארִין קֵיין זִילְבֶּע פוּן דֶער לִיבֶּע, נָאר עֶס אִיז נִיט גִיוֶועֶן וָואס צוּא דֶערְמָאנֶען, דֶען דִיא לִיבֶּע אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען אַזוֹיא שְׁטִיל אוּנ אַזוֹיא גֶעהֵיים זָא דָאס קֵיין מֶענְטְשׁ אוֹיסֶער זוזאנאן הָאט זִיא נִיט גִיזֶעהֶען אוּנ פוּן איר נִיט גֶעוואוּסְט.

נִיט אַלֶע כאַראַקְטֶערין זַיינֶען גְלַייךְ , עֶס זַיינֶען דָא אַזֶעלְכֶע מֶענְטְשִׁין וועלְכֶע קֶענֶען אִין זִיךְ קֵיין גֶעהֵיימְנִים אַיינְהַאלְטִין , ווֶען אֲפִילוּ דִי גֶעהֵיימְנִים אִיז זַייא נוֹגֵעַ אִין לֶעבִּין , אוּנ עֶס זַיינֶען דַאגֶעגֶען דָא אַזֶעלְכֶע כאַראַקְטֶערין וועלְכֶע הַאלְטֶען יֶעדֶע קְלֶענְסְטֶע גֶעהֵיימְנִים פֶערְשְׁלָאסִין בַּייא זִיךְ אִין הַארְצֶען · אוּנ לָאזִין זִיא נִיט אַרוֹיס פוּן זֵייעֶר מוֹגְד אֲפִילוּ פַּאר זַייעֶרֶע אֵייגֶענֶע אוֹיעֶרין , צוּא דֶער צְווייטֶער קְלַאסֶע הָאט גִיהֶערְט זוזאנא , זִיא הָאט אִין אַלְגֶעמֵיין זֵייעֶר ווַיינִיג גִירֶעט , אוּנ הָאט נִיט גִיקָאנְט הֶערִין וִויא יֶענֶער פְּלוֹידֶערְט אַסַךְ , בְּעזָאנְדֶערְס הָאט זִיא זִיךְ גֶעהִיט רֵיידִין אַזֶעלְכֶע זַאכִין וָואס דָאס קָאן יֶעמַאנְדִין שַׁאדֶען , ווֶען זִיא הָאט זָאגַאר בֶּעשְׁטִימְט גֶעוואוּסְט אַז דוּרְךְ דֶעם שַׁאדֶען וָואס זִיא ווֶעט בְּרֵיינְגֶען יֶענֶעם דוּרְךְ דֶעם וָואס זִיא ווֶעט זַיין גֶעהֵיימְנִים עֶנְטְדֶעקֶען ווֶעט זִיא אִים דִיא גְרֶעסְטֶע טוֹבָה טָאן זִיא הָאט צוּם בַּיישְׁפִּיל גֶעוואוּסְט אַז אִיר בְּרוּדֶער עֶבִּילְט אִין קָארְטֶען אוּנ פֶערְשְׁפִּילְט זֵייעֶר פִּיל גֶעלְט , אַז עֶר קָאמְפַּאנִירְט זִיךְ מִיט שְׁלֶעכְטֶע מֶענְטְשִׁין ווֶעלְכֶע פִיהְרֶען אִים אִין דִיא גְרֶעסְטֶע בְּלָאטֶעס אַרַיין , אוּנ דָאךְ הָאט זִיא דֶעם פָאטֶער דַאפָאן נִיט עֶנְטְדֶעקְט , אוּנ הָאט אַלֶע קְרֶעפְטִין אָנְגֶעווענְדֶעט עֶר זָאל דַאפָאן נִיט עֶרְפַאהְרֶען , אוּנ זִיא פְלֶעגְט דֶעם בְּרוּדֶער בֶּעשְׁטֶענְדִיג אָפְּגֶעבִּין דָאס גַאנְצֶע גֶעלְד ווָעלְכֶע זִיא פְלֶעגְט פוּן אִיר פָאטֶער עֶרְהַאלְטֶען אוֹיף אִירֶע קְלֵיינֶע הוֹצָאוֹת .

זִיא הָאט זִיךְ בַּאגֶעגֶנְט מִיט שטראהלען בַּייא אִיר גִישְׁווֶעסְטֶער קִינְד אִין הוֹיז , וואוּ עֶר הָאט אַיין אוּרָאק גִיגֶעבִּין , דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל הָאט עֶר אוֹיף אִיר קֵיין אַיינְדְרוּק גֶעמַאכְט , אוּנ זִיא הָאט אִים קַאלְט בֶּעטְרַאכְט וִויא אַלֶע אִיבֶּערִיגֶע לֶעהְרֶער פוּן קְלֵיינֶע קִינְדֶער , נָאר דָאס צְווייטֶע מָאל אַלְס זִיא הָאט אִים נָאךְ אַמָאל דָארְט גֶעטְרָאפִין , הָאט עֶר גְרַאדֶע גִירֶעט מִיט זַיין שִׁילֶערְס פָאטֶער אוּנ הָאט פַייעֶרִיג דֶעסְפּוּטִירְט ווֶעגִין אַווִיכְטִיגֶע פְרַאגֶע .

אָבְּוָואל פַאר דֶעם לֶעזֶער אִיז אַלְס אֵיינְס וָואס פַאר אַדִיסְפּוּט דָארְט אִיז גִיווֶען , פוּן דֶעסְט ווֶעגִין הַאלְט אִיךְ עֶס נִיט פַאר אִיבֶּערִיג אִים אִין קוּרְצֶען דָא אִיבֶּער צוּא גֶעבִּין , ווַייל עֶרְשְׁטִינְס אִיז עֶר ווִיכְטִיג אִין פִּיל זַאכִין , אוּנ צְווייטִינְס ווֶעלִין זַייא אִין אִים רִיכְטִיג קֶענֶען זֶעהֶען שטראהלס כַאראַקְטֶער .

אדאם וואלהעבט סאפיאס אֵיידִים וַואר אַיין הֶעכְסְט גֶעבִּילְדֶעטֶער מַאן , עֶר הָאט גִיעֶנְדִיגְט אַלֶע קְלַאסֶען פוּן גוּמְנַאזִיוּם אוּנ צְווייא קוּרְסֶען פוּן דֶעם טֶעכְנִישֶׁען פַאקוּלְטֶעט קֵיין יוּדִישׁ הָאט עֶר נִיטַאלְס גִילֶערְנְט אוּנ אִיז גִיוָוען אִין גַאנְצִין פְרֶעמְד פוּן דֶער יוּדִישֶׁער רֶעלִיגְיָאן אוּנ פוּן דֶעם יוּדִישֶׁען נַאצְיָאן , עֶר הָאט מֶער נִיט וִויא גֶעטְרָאגִין אוֹיף זִיךְ דֶעם נָאמֶען יוּד , אוּנ אִיז גִיוָוען מַאקֶע שְׁטַארְק אִין כַּעַס וָואס נָאר צוּלִיבּ דֶעם נָאמֶען אַלֵיין רֶעכִינְט מֶען אִים פַאר אַיוּדֶען , גֶעוואוֹינְלִיךְ הָאט עֶר זַיין קִינְד אוֹיךְ קֵיין יוּדִישׁ נִיט גִילֶערְנְט , אוּנ הָאט אִים עֶרְצוֹיגִין אִין גַאנְצִין אוֹיף דֶעם קְרִיסְטְלִיכֶען אַרְט , דָאס קִינְד הָאט נִיט גֶעוואוּסְט דָאס מִינְדֶעסְטֶע פוּן יוּדִישֶׁע גֶעזֶעצֶע אוּנ פוּן דִיא יוּדִישֶׁע מִנְהָגִים , אַלְס שטראהל הָאט אָנְגֶעהוֹיבִּין מִיט אִים צוּא לֶערְנֶען , הָאט עֶר אִים

אויך אָנְגֶעפַּאנְגֶען צוא עֶרְקְלֶערִין דיא יוּדִישֶׁע גֶעשִׁיכְטֶע, פוּן בִּיבֶּעל אדאם איז אַיין מָאהֶל אויף דֶעם אָנְגֶעקוּמֶען וִויא שטראהל הָאט זַיין קִינְד עֶרְצֵיילְט דיא גֶעשִׁיכְטֶע פוּן משה׳ן וִויא עֶר הָאט גִיגֶעבִּין פוּן בַּארְג סִינַי אַתּוֹרָה דיא יוּדֶען.

וָואס נוּצְט דֶעם קִינְד צוּא וִויסֶען דיא סִיפּוּרִים? — הָאט אדאם צָארְנִיג גֶעפְּרֶעגְט.

וָוארוּם דֶען נִיכְט? הָאט שטראהל מִיט אַסַאטִירֶעשֶׁען טָאן גִיעֶנְטְפֶערְט, דיא קִינְדֶער מוּזֶען דָאךְ וִויסֶען דיא גֶעשִׁיכְטֶע פוּן אוּנְזֶער תּוֹרָה וָואס זִיא אִיז אוּנְזֶער מְהַייֶערְשְׁטֶער אוּנ הַיילִיגְסְטֶער גֶעגֶענְשְׁטַאנְד וָואס מִיר הָאבִּין.

אוּנ בַּייא אַייךְ אִיז טַאקֶע אַזוֹיא טַייֶער אוּנ הַיילִיג דיא תּוֹרָה?

פַּאר וָואס זָאל זִיא בַּייא מִיר נִיט זַיין הַיילִיג אוּנ טַייֶער, עֶרְשְׁטִין גֶעפִינֶען מִיר אִין אִיר דיא בֶּעסְטֶע אוּנ פֶעסְטֶע גְרוּנְדֶע אויף וֶועלְכֶע דָאס גְלִיק פוּן דֶער מֶענְטְשְׁהַייט אִיז גֶעגְרִינְדֶעט, אִיר הָאט דָאךְ אַבַּאוַויים אַז דיא נַייֶע רֶעלִיגְיָאנֶען הָאבִּין גֶעשֶׁעפְּט זֵייֶערֶע גֶעזֶעטְצֶע פוּן אִיר, צְוֵוייטֶענְס דַארְף זִיא בַּייא אוּנְז זַיין גֶעשֶׁעצְט אוּנ טְהַייֶער וַוייל זִיא הָאט בַּאשַׁאפֶען דֶעם יוּדִישֶׁען נַאצְיָאן, מִיר זַיינֶען אִיהְרֶע קִינְדֶער אוּנ מוּזֶען זִיא אַלְס אַלְטֶע מוּטֶער שֶׁעטְצֶען אוּנ עֶהְרֶען.

זַייט אִיהְר וִויא אִיךְ זֶעה אִיהְר דַאנְקְבַּאר וָואס זִיא הָאט דֶעם יוּדִישֶׁען נַאצְיָאן בַּאשַׁאפֶען — הָאט אדאם לַאכֶענְד גֶעזָאגְט — מִיר הָאבִּין אִיהְר בַּאדַארְפְט פִיל מֶעהְר דַאנְקְבַּאר זַיין וֶוען זִיא זָאל אוּנְז נִיט גִיוֶועז בַּאשַׁאפִין וָואלְטִין מִיר גִיוֶועז גְלַייךְ מִיט אַלֶע פֶעלְקֶער מִיא וָואלְט אוּנְז נִיט פֶערְהַאסְט אוּנ נִיט פֶערַאכְטֶעט.

פֶערְצַייהֶעט מִיר וֶוען אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגִין אַז אַייֶערֶע רֵייד זַיינֶען זֵייֶער נִיט לָאגִישׁ בַּאדַארְף דֶען אַפֶּערְטְרִיבֶּענֶער קֶענִיג זַיין אִין כַּעס אויף דֶער קְרֵיין וֶועלְכֶע עֶר פִירְט מִיט זִיךְ אִין זַיין גָלוּת אוּנ בֶּעטְרַאכְטֶען זִיא אַלְס אוּרְזַאכֶע פוּן זַיין אוּנְגְלִיק, אִין גֶעגֶענְטְהֵייל עֶר דַארְף זִיא אַכְטֶען דֶער פַאר וָואס זִיא הָאט אַמָאל זַיין קָאפּ גֶעצִירְט אוּנ הָאט אִים אַמָאל פֶערְשַׁאפְט עֶהְרֶע בַּייא דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, זִיא אִיז דָאךְ נִיט שׁוּלְדִיג וָואס פַיינְדֶע הָאבִּין אִים פוּן זַיין טְרָאהְן גֶעשְׁלֶידֶערְט אוּנ פֶערְפָאלְגִין אִים, אִיר וַוייסְט דָאךְ גֶעוִוים אַז מִיר הָאבִּין אַמָאל גֶעשְׁפִּילְט אַזַא רָאלֶע וִויא אַלֶע גְרוֹיסֶע נַאצְיָאנֶען, אוּנ אוּנְזֶער תּוֹרָה הָאט אוּנְז דַאמָאלְס בֶּעשַׁיינְט אוּנ בֶּעקְרֵיינְט, אַלֶע הָאבִּין גֶעזָאגְט אַז מִיר זַיינֶען דיא קְלִיגְסְטֶע אוּמָּה פוּן אַלֶע וַוייל בַּייא אוּנְז זַיינֶען קְלִיגֶערֶע גֶעזֶעטְצֶע אַלְס בַּייא אַלֶע נַאצְיָאנֶען, נוּא אוּנ אַז מֶען הָאט אוּנְז פוּן אוּנְזֶער טְרָאהְן גֶעשְׁלֶידֶערְט אוּנ פֶערְטְרִיבֶּען אִין גָלוּת אַז שְׁלֶעכְטֶע מֶענְטְשִׁין פֶערְפָאלְגִין אוּנְז, דַארְפִין מִיר זַיין אִין כַּעס אויף דֶער תּוֹרָה אוּנְזֶער קְרוֹין וָואס מִיר פִיהְרֶען מִיט זִיךְ אִין אַלֶע פִינְסְטֶערֶע צַייטֶען? אִין גֶעגֶענְטְהֵייל מִיר דַארְפִין זִיא עֶהְרֶען אוּנ

שֶׁעטְצֶען דֶער פַאר וָואס אַמָאל הָאט זִיא אוּנְז פֶערְשַׁאפְט עֶהְרֶע בַּייא דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט .

יַא דָאס זַייט אִיר גִירֶעכְט , אָבֶער וָואצוּ זָאלִין מִיר זַיין אַזֶעלְכֶע נַאַרָאנִים אוּנ שְׁלֶעפִין מִיט זִיךְ אִין אוּנְזֶער גָלוּת אַזַא שְׁוֶוערֶע קְרוֹין , וָועלְכֶע נוּצְט אוּנְז שׁוֹין נִיט , אִין גֶעגֶענְטֵייל זִיא אִיז אוֹיף אוּנְז צוּא לַאסְט , אוּנ עֶרְוֶועקְט נֶעגֶען אוּנְז דֶעם הַאסְס פוּן אַלֶע אִיבֶּערִיגֶע מֶענְטְשִׁין .

אַייעֶרֶע רֵייד זַיינֶען גֶעגֶען דִיא גֶעזֶעטְצֶע פוּן דֶער נַאטוּר . — הָאט שטראהל גִיעֶנְטְפֶערְט — אוֹיבּ אִיהְר הָאט זִיךְ אַמָאל גִיגֶעבִּין דִיא מִיהֶע צוּא בֶּעטְרַאכְטֶען דָער וֶועלְט הָאט אִיר בַּאדַארְפְט בַּאמֶערְקִין אַז דֶער שִׁיקְזַאל פוּן אַנַאנְצִין נַאצְיָאן אִיז עֶהְנְלִיךְ צוּא דֶעם שִׁיקְזַאל פוּן דֶעם אֵיינְצִיגֶען מֶענְטְשִׁין , אַזוֹיא וִויא דֶער אֵיינְצֶעלְנֶער מֶענְטְשׁ הָאט אוֹיף זִיךְ פַארְשֵׁיידֶענֶע צַייטֶען , אַזוֹיא הָאט אוֹיף זִיךְ דִיא גְרֶעסְטֶע אוּמָה פַארְשֵׁיידֶענֶע צַייטֶען אַמָאל אִיז זִיא הֶעכְסְט גְלִיקְלִיךְ , אוּנ אַמָאל אוּנְגְלִיקְלִיךְ , אוּנ ווִידֶער גְלִיקְלִיךְ , אוּנ אוּם דִיזֶע גֶעזֶעטְצֶע פֶעסְט צוּא הַאלְטִין , הָאט אוּנְז נָאט מִיט גִיגֶעבִּין אִין לֶעבִּין אַרֶעצֶעפְּט ,דִיא הָאפְנוּנְג׳ וֶועלְכֶער קְרֶעפְטִינְט אוּנְז אִין דִיא עֶרְשְׁטֶע צַייטֶען , אוּנ גִיט אוּנְז נֶענוּג מוּטְה , אוּנ עֶנֶערְגִיֶע , זִיךְ רֶעטֶען פוּן אוּנְזֶערֶע אוּנְגְלִיקֶען , דֶער מֶענְטְשׁ מָאג וִויא אוּנְגְלִיקְלִיךְ זַיין , הָאפְט עֶר אַז אִים וֶועט בֶּעסֶער וֶוערִין , אוּנ דִיא הָאפְנוּנְג הַאלְט אִים אוֹיף דִיא שְׁוַואכֶע פִּיס , אוּנ פִיהְרְט אִים טַאקֶע אַרוֹים פוּן אַלֶע בְּלָאטֶעס , יֶעדֶע נַאצְיָאן קוֹים עֶקְסֶעסְטִירְט זִיא נָאךְ , זִיא מָאג וִויא אוּנְגְלִיקְלִיךְ זַיין , טָאר זִיא דָאךְ דִיא הָאפְנוּנְג נִיט פֶערְלִירֶען , אוּנ מוּז הָאפֶען אַז זִיא וֶועט צוּרִיק אִיר עֶרְשְׁטֶען גְלַאנְץ עֶרְרֵייכֶען , אוּנ דִיא פְּרַאקְטִיק הָאט אוּנְז ווִירְקְלִיךְ גֶעווִיזֶען , אַז פִילֶע פֶעלְקֶער וֶועלְכֶע זַיינֶען שׁוֹין גִילֶעגִין אוֹיף דֶער נִידֶערִיגְסְטֶער שְׁטוּפֶע , זַיינֶען פְּלוּצִים דוּרְךְ זֵייעֶר עֶנֶערְגִיֶע , צוּרִיק אוֹיף דֶער לֶעצְטֶער הֶעכְסְטֶער שְׁטוּפֶע דֶעם גְלִיקְס צוּרִיק גֶעקוּמֶען , וִויא צוּם בַּיישְׁפִּיל אִיטַאלִיעֶן , נוּא וָוארוּם זָאלִין מִיר יוּדֶען דִיא הָאפְנוּנְג פֶערְלִירֶען ? קֶענֶען מִיר דֶען אוֹיךְ אַמָאל דוּרְךְ אַצוּפַאל צוּרִיק צוּא אוּנְזֶער עֶרְשְׁטֶער עֶהְרֶע נִיט קוּמֶען ? אוּנ דַאן בַּאדַארְפִין מִיר אוּנְזֶער קְרוֹין זֵייעֶר נֵייטִיג הָאבִּין .

דָאס זַייט אִיהְר אוֹיךְ נִיט אוּנְגִירֶעכְט — הָאט אַדַאם גֶעזָאגְט — עֶרְקְלֶערְט מִיר אָבֶער וָואצוּא זָאלִין מִיר הָאפִין אוֹיף אוּנְזֶער אַלְטֶער מְלוּכָה צוּא וֶועלְכֶע מִיא בַּאדַארְף זֵייעֶר פִיל קְרֶעפְטֶען הָאבִּין , אוּנ אַזוֹיא פִיל צַייט וַוארְטֶען , נֶועהְרֶענְד מִיר קָאנֶען וֶוערִין גָאר אָהְן מִיהֶע פִירְשְׁטֶען אִיבֶּער אַפֶּערְטִיג לַאנְד , וֶוען צוּם בַּייא שְׁפִּיל מִיר זָאלִין צוּם קְרִיסְטֶענְטְהוּם אִיבֶּער גֵיין , זַיינֶען מִיר שׁוֹין פַארְטִיגֶע פִירְשְׁטִין , מִיר הָאבִּין אַנַייא לַאנְד מִיט אַנַייעֶם טְרָאהְן מִיר זַיינֶען בַּאהֶערְשֶׁער גְלַייךְ מִיט אַלֶע .

דָאס אִיז גְרִינְג צוּא רֵיידִין פַאר דֶעם מֶענְטְשִׁין בַּייא וֶועלְכִין עֶס אִיז גְרִינְג פֶערְבַּייטִין אַנְ׳אֵייגֶענֶע מוּטֶער אוֹיף אַשְׁטִיפְמוּטֶער , אָבֶער נִיט בַּייא דִיא פֶערְזָאנֶען וֶועלְכֶע זַיינֶען צוּגֶעבּוּנְדִין צוּא זֵייעֶר מוּטֶער מִיט לַייבּ אוּנ זֶעלֶע ,

דאס איז גְרינְג אוּם צוּ רֵיידִין פוּנֶעם מוֹיל ,אִיבֶּערְגֶעהְן צוּם קְרִיסְטֶענְטְהוּם, אוּם רֵייסִין מִיט אֵיין מָאהל אַלֶע וואוּרְצְלֶען פוּן דָער פַאמִילְיֶענְלִיעבֶּע פוּן דָער לִיבֶּע צוּ מֵיין אֱמוּנָה צוּ מֵיין נַאצְיָאן אוּנ צוּ מֵיין גָאט, נוּר דָער פַאר מֵיין אִיךְ זָאל לֶעבִּין רוּהִיג, עֶס הֵייסְט אַזוֹיא פִּיל וִויא אִיבֶּער לָאזִין אַלֶע מֵיינֶע בְּרִידֶער אִין גְרֶעסְטִין אוּנְגְלִיק אַבִּי זִיךְ אַלֵיין צוּא רֶעטֶען, הֵייסְט דָאס מֶענְטְשְׁלִיךְ גֶעהַאנְדֶעלְט? וָואס וָואלְט אִיהר גֶעזָאגְט, וָוען אַייעֶרֶער אַבְּרוּדֶער זָאל אַייךְ אִיבֶּער לָאזִין אִין אַבְּלָאטֶע, אוּנ זִיךְ גְלַייכְגִילְטִיג פוּן אַייךְ אַוֶועק גֶעהֶען, אַיָא אִיהר וָואלְט גֶעזָאגְט אַז עֶר אִיז אַטִירַאן, אַמֶערְדֶער.

אָבֶּער וָואס פַאר נוּטְצֶען בְּרֵיינְג אִיךְ מֵיינֶע בְּרִידֶער וֶוען אִיךְ וֶועל אוֹיךְ צוּזַאמֶען מִיט זַייא עֶרְטְרִינְקֶען וֶוערִין, וִויא בַּאלְד אַז רֶעטֶען קָאן אִיךְ זַייא נִיט, וָוארוּם זָאל אִיךְ זִיךְ זֶעלְבְּסְט נִיט רֶעטֶען?

נֵיין! אַייעֶרֶע בְּרִידֶער הַאלְטֶען נָאךְ נִיט בַּיים עֶרְטְרִינְקֶען וֶוערִין, אוּנ אִיר אוֹיךְ נִיט — הָאט שטראהל שְׁטְרֶענְג גֶעזָאגְט — מִיר לֶעבִּין גְלַייךְ מִיט אַלֶע, מִיר הָאבֶּען פֶּערְגֶענִיגֶען גְלַייךְ מִיט יֶעדֶען מֶענְטְשִׁין, אוּנְז דְרִיקְט נוּר דָאס אַיינֶע וָואס מִיא בֶּעטְרַאכְט אוּנְז פַאר נִיעדֶערִיגֶע מֶענְטְשֶׁען, דָאס אִיז נִיט קֵיין גְרוֹיס אוּנְגְלִיק, מִיר מוּזֶען דִיא שַׁאנְדֶע גֶעדוּלְדִיג עֶרְטְרָאגֶען, אוּנ הָאפֶּען אַז מִיר וֶועלִין נָאר דֶערְהֵייכְט וֶוערִין, אוּנ דָער מֶענְטְשׁ וָואס וִויל פוּן זַיינֶע בְּרִידֶער אָפְּטְרֶעטִין נוּר אוּם זַיין לַאגֶע מִיט עֶטְוָואס צוּ פֶערְבֶּעסֶערִין דָער אִיז קֵיין מֶענְטְשׁ נִיט.

אִיהר הָאט רֶעכְט לִיבֶּער שטראהל! — הָאט אדאם גֶעזָאגְט דְרִיקֶענְד שטראהל'ס הַאנְד — אִיהר זֶענְט קְלִיגֶער אוּנ סָאוֶועסְטֶענֶער פוּן מִיר, אִיךְ עֶרְקֶענֶע מֵיין זִינְד אִיךְ הָאבּ אוּנְרֶעכְט, אִיךְ בֶּעט אַייךְ לֶערִינְט מִיט מֵיין קִינְד אַלֶעס וָואס אַייד דַארְף קֶענֶען פְּלֶאסְט אִין אִיהם אַיין לִיבֶּע צוּ אוּנְזֶער פָאלְק אוּנ צוּא אוּנְזֶער רֶעלִיגְיָאן, אִיךְ וֶועל אַייךְ דָער פַאר דַאנְקְבַּאר זַיין מִיט לַייבּ אוּנ לֶעבֶּען.

דָעם דִיסְפּוּט הָאט זוזאנא גִיהֶערְט כִּמְעַט אִין גַאנְצֶען, אוּנ זִיא הָאט אוֹיף שטראהלע'ן אָנְגֶעהוֹיבִּין צוּא קוּקֶען מִיט אַכְטוּנְג, זִיא הָאט בֶּעוואוּנְדֶערְט זַיין אָפְּפֶענְהֶערְצִיגְקֵייט זַיין פַּאטְרִיָאטִיזְמוּז, עֶר הָאט מִיט זַיינֶע וָוערְטֶער אוֹיף אִיהר אוֹיךְ שְׁטַארְק גֶעווִירְקְט אוּנ זִיא וֶועלְכֶע הָאט אוֹיף יוּדֶען אוּנ יוּדֶעשְׁקַייט גֶעקוּקְט מִיט אַזֶעלְכֶע אוֹיגֶען וִויא אדאם אִיז יֶעצְט פְּלוּצִים גֶעוָוארִין אַהֵייסֶע יוּדִין, פוּן דָעם מָאמֶענְט אָן הָאט זִיךְ שטראהלס בִּילְד בֶּעשְׁטֶענְדִיג פָאר אִירֶע אוֹיגֶען גֶעמָאהלְט, זִיא הָאט לִיבּ גֶעהַאט צוּ דֶענְקֶען וֶועגֶען אִיהם, ווִידֶערְהָאלְען זַיינֶע וָוערְטֶער אִין אִיהר גֶעדַאנְק, זִיא הָאט אִיהם פוּן יֶענֶער צֵייט נָאךְ אֵיינִיגֶע מָאהל גֶעזֶעהֶען אַלְס בַּייא אדאמען אִין הוֹיז, אוּנ הָאט נוּר אֵיין מָאל מִיט אִיהם גֶירֶעדְט, זֵייעֶר גֶעשְׁפְּרֶעךְ אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען וֶועגֶען דָער בִּילְדוּנְג פוּן פְרוֹיעֶן.

זוזאנא הָאט פִּיל מָאהל גֶעהֶערְט רֵיידִין וֶועגִין דָער פְרוֹיעֶן פְרַאגֶע, וִויא

אַזוֹיא דִיא וֶועלְט אִיז צוּם שֵׂכֶל גֶעקוּמֶען , אוּנ מִיא הָאט אָנְגֶעהוֹיבִּין צוֹא פֶערְשְׁטֶעהֶען אַז פְרוֹיֶען זַיינֶען אוֹיךְ פֶעהִיג צוּ אַלֶע קֶענְטְנִיסֶע פוּן דִיא מַאנְס־פֶּערְזָאנֶען , דִיא קֶענֶען אוֹיךְ זִיךְ אוֹיסְצֵייכֶענֶען אִין אַלֶע ווִיסֶענְשַׁאפְטֶען אוּנ בֶּעטְרֶעטֶען דִיא זֶעלְבֶּע שְׁטֶעלֶען וָואס דִיא קְלִיגְסְטֶע אוּנ גֶעבִּילְדֶעטְסְטֶע מֶענֶער בֶּעטְרָעטִין , זִיא הָאט אוֹיךְ גִיזֶעהֶען וִויא אַסַךְ הַיינְטְמָאדִישֶׁע מָאדְמַאאַזֶעלִין הָאבִּין זִיךְ אָבְּגֶעשׁוֹירֶען דִיא הָאאַר אוּם זַייא זָאלִין זַיין גְלַייךְ מִיט מַאנְסְפֶּערְזָאנֶען אוּנ הָאבִּין זִיךְ זָאגַאר אָנְגֶעקְלֵיידֶעט אִין קְלֵיידֶער עֶהְנְלִיךְ צוּ מֶענֶערְקְלֵיידֶער , דַארוּם אִיז זִיא אוֹיךְ גִיוֶוען מִיט דֶער מֵיינוּנְג , אַלְס זִיא אִיז אֵיינְמָאהל אַרַיינְגֶעקוּמֶען צוּ אדאמען אִין הוֹיז הָאט זִיא גֶעטְרָאפִין שטראהלען מִיט אִיהר גִישְׁוֶועסְטֶערְקִינְד איזאבעלא וֶועלְכֶע הָאבִּין זֵייעֶר פַייעֶרִיג גֶעקֶעמְפְּפְט , איזאבעלא הָאט פַּאקְטִישׁ בַּאוִויזֶען אַז דִיא פְרוֹיֶען מוּזֶען זִיךְ בִּילְדֶען אוּנ מוּזֶען אִין דֶער וֶועלְט אַזַא רָאלְיֶע שְׁפִּילֶען וִויא דִיא מֶענֶער , אוּנ שטראהל אִיז גֶעוֶעסִין אוּנ הָאט הֶערְצְלִיךְ גֶעלַאכְט .

אִיהר וֶוענְט נִיט מִיט דֶער מֵיינוּנְג ? הָאט זוזאנא אִיהם גֶעפְרֶעגְט .

אִיךְ בִּין מִיט דֶער מֵיינוּנְג אַז אַזוֹיא וִויא פוּן אַפְרוֹיא קָאן נִיט וֶוערִין קֵיין מַאנְסְפֶּערְזָאן אַזוֹיא קֶענֶען דִיא פְרוֹיֶען נִיט בֶּעטְרֶעטֶען דִיא שְׁטֶעלֶען פוּן דִיא מֶענֶער — הָאט שטראהל גִיעֶנְטְפֶערְט לַאכֶענְד .

וָוארוּם דֶענְקְט אִיהר אַזוֹיא . — הָאט זוזאנא גֶעפְרֶעגְט — אִיהר זֶעהט דָאךְ אַז עֶס זַיינֶען דָא פְרוֹיֶען עֶרְצְטֶע , אַדְוָואקַאטֶען , הָעכְסְט גֶעבִּילְדֶעטֶע אִין אַלֶע פַאכִין .

יַא נָאךְ אַייעֶר מֵיינוּנְג מוּזֶען מִיר בֶּעהוֹיפְּטֶען אַז קוּים קָאן מֶען דֶעם בֶּער אוֹיסְלֶערְנֶען טַאנְצִין אִיז עֶר שׁוֹין קֵיין בֶּער נִיט , אוּנ אִיז גְלַייךְ מִיט אַמֶענְטְשִׁין .

דָאס אִיז זֶעהֶער נִיט קֵיין גְלַייכֶער בֵּיישְׁפִּיל — הָאט זוזאנא גֶעזָאגְט — דֶעם בֶּער קָאן מֶען טַאקֶע מֶעהר נִיט אוֹיסְלֶערְנֶען נָאר טַאנְצִין , אָבֶער דִיא פְרוֹיֶען הָאבִּין אַזֶעלְכֶע קֶעפְּף מִיט אַזֶעלְכֶע מוֹחוֹת אוּנ אַזֶעלְכֶע פֶעהִיגְקֵייט וִויא דִיא מֶענֶער .

מִיר מֶענְטְשְׁן דַארְפִין נָאר קוּקֶען אוֹיף דֶעם צִיל פוּן דֶער נַאטוּר — הָאט שטראהל גֶעזָאגְט — מִיר זֶעהֶען זָאגַאר צְווִישֶׁען דִיא מֶענֶער אַז נִיט אַלֶעמֶען הָאט נָאט בַּאשַׁאפִין צוּ אֵיין גֶעגֶענְשְׁטַאנְד , דֶער הָאט פֶעהִיגְקֵייט צוּ דֶערְמֶעדִיצִין , דֶער צוּא מַאטְהֶעמַאטִיק , דֶער צוּא עֶרְד אַרְבֵּייטֶען , יֶענֶער צוּא רָאמַאנֶען שְׁרֵייבֶּען . א. ז. וו. פוּן דֶעסְט וֶועגִין וֶועט אִיהר קֶענֶען יֶעדֶען אַנְאַנְדֶער סְפֶּעצְיַאלְנָאסְט גֶעבִּין , אִיהר וֶועט קֶענֶען צוּם בֵּיישְׁפִּיל פוּן דֶעם מֶעדִיקֶער מַאכִין אַמַאטְהֶעמַאטִיקֶער , פוּן דֶעם מַאטְהֶעמַאטִיקֶער אַרָאמַאנְשְׁרַייבֶּער , אוּנ זָא וַוייטֶער דָאךְ אָבְּוָואהל אִיהר וֶועט זַייא דָאס אַלֶעס גוּט אוֹיס לֶערְנֶען , וֶועט זַייא פָארְט צִיהֶען צוּ דֶער אַרְבֵּייט צוּ וֶועלְכֶע דִיא נַאטוּר הָאט זַייא בֶּעשְׁטִימְט , אוּנ אִין דִיא פְרֶעדְמֶעטִין וָואס אִיהר וֶועט זַייא יָאהְרֶעלַאנְג לֶערְנֶען וֶועלִין זַייא פָארְט זַיין שְׁוַואךְ , אוֹיב אִיהר ווילְט רִיכְטִיג ווִיסֶען צוּ וָואס דִיא נַאטוּר הָאט אֵייךְ

פרויען בעשטימט, זאלט איהר בעטראכטין דיא קליינע קינדער וועלכע ווייסין נאך גאר ניט פון קיין לעבענספראגען, איהר וועט זעהען וויא דער קליינער קנאבע מאכט פון אשטעקין אפערד, ער טוהט זיך אן אשפאגע אונ שטעלט פאר וויא ער געהט אין שלאכט, ער בויט זיך פון שפענער הייזער אונ בעשעפטיגט זיך נור מיט העלדענטהאטין, ער שפרינגט ער קריכט אויף דעכער ער פליהט אין געפאהר, דאגעגען דאס קליינע מעדכען מאכט זיך אקוקלע וועלכע זיא דריקט צו צו איהר ברוסט אלס קינד, זיא בעשעפטיגט זיך מיט שטובינע ארבייט, אונ ציטערט פאר דאס מינדעסטע געפאהר, דא זאלט איהר לעזען צו וואס דיא נאטור האט אייך בעשטימט, נור צו האדעווען קינדער אונ זיך בעשעפטיגען מיט שטובינע ארבייט, אונ דער פערשטאנד באווייזט אויך אז אנדערש קאן ניט זיין, דער מאן וועלכער איז פון דער נאטור קרעפטיג אונ מוטהיג, ער באדארף זיך בעשעפטיגען מיט אזעלכע געשעפטען, וועלכע פאדערין קראפט אונ ענערגיע, אבער דיא פרויען מוזען זיטצען אין דער היים אונ זארגען וועגין דיא שטובינע געשעפטען, דאצו דארפט איהר בעטראכטען דיא קריינקען מיט וועלכע דיא פרויען זיינען בעשטענדיג געפלאגט אלס ציכען אז דיא פרויען טארין זיך מיט קיין מעגליכע ארבייט ניט בעשעפטיגען אונ אויסער אלע זאכין ווען דיא ווייבער זאלין ניט היטען דיא שטוב פון אינעווענדיג, וואס קאן זיין פאר אתכלית פון זייערע קינדער וועלכע זיינען אונטערווארפין אלע געפאהרען, אויך פון דיא בעלי בתישקייט וועלכע פאדערין מיא זאל אויף זייא אכטונג געבען.

זוזאנא האט אויפמערקזאם גיהערט דעם לאנגען דיאלאג אונ האט פערשטאנגען אז ער האט רעכט, זיא האט זיך נור וויא מיא זאגט פון יוצא וועגין געפרופט איהם אב צווא וועגדען אונ האט זיך ענדליך אפפען אונטער געגעבען.

דא האט שוין אנגעהויבען דיא ליבע אויף צו בלאזין איהרע פלאמען ביים זוזאנען אין הערצען, זיא האט געפילט וויא עס ציהט זיא צווא דעם סטודענט, וויא זיא האט פון קיין זאך קיין פערגעניגען ניט נור פון זיין געשפרעך, וויא עס פלעגט קומען דיא צייט וואס זיא האט געוואוסט אז ער געפינט זיך ביים אדאמען אין הויז, איז זיא געלאפין אהין אונ קיין זאך האט זיא ניט געקאנט אבהאלטען זיא זאל ניט געהען, מיט יעדען טאג איז דיא ליבע אלס שטארקער געווארין, זיא האט אנגעהויבען צו פערגיסען טרערין ווען קיינער איז לעבען איהר ניט גיוועזן, אונ דאך האט דאס סאפיא בעמערקט וויא מיר ווייסין שוין.

אצונד וועלין שוין אונזערע לעזער פערשטעהן וויא דיא נאכריכט פון שטראהלס חתונה האט ערציטערט דער פערליבטער זוזאנאן.

אלס מארק איז פון איהר צימער ארויס געגאנגען, האט זיא זיך אבערמאלס אוועק געטאן אויף דער זאפע אונ האט זיך איבער געגעבען איהרע

פינסטערע געדאנקען, ענדליך האט זיא זיך וויא ערוואכט פון אשטארקען שלאף.

דעם מענטשענס כאראקטער איז צוא בעוואונדערין, עס ציהט איהם בעשטענדיג צו זעהען מיט זיינע אויגען זיין אייגענעם אונגליק, ער וויל זעהען דעם טויטין קערפער פון זיין פערשטארבענעם ליעבלינג, אבוואהל ער ווייס אז דיא סצענע וועט אויף זיינע וואונדען זאלץ שיטען, ער וויל נעהען זעהען וויא מיא פערוואורטהיילט זיין פריינד האטשבער ווייס אז ער וועט אויך בשעת מעשה דעם טויט פיהלען, דעם פערליבטען שלעפט עס זעהען וויא זיין געליבטע געהט צו דער הופה מיט אנ׳אנדערער, אונ דאס זעלבע טרייבט איינע אונזיכט-בארע האנד דער פלאמענדער פערליבטער צו דעם געליבטענס האכצייט, אויך זוזאנא נאכדעם אז זיא איז אהיבשע צייט וויא דול געזעזין אין איהר צימער האט זיך ענדליך בעשלאסען זיא זאל געהען צו שטראהלן אויף דער חתונה; זיא זאל האטש זעהען דער גליקליכער וועלכע וועט זיין שטראהלס פרויא וועלכע איז בעגליקט געווארין מיט אזא טייערין מאן.

זיא האט זיך הערליך פערפוצט אונ איז אוועק געגאנגען צוא סאפיאן אום זיא זאל מיט איהר צו זאמען געהען צו שטראהלען אויף דער חתונה.

## יז.

## דיא פערשטערטע חתונה.

דיא געוואהנהייט שלאגט מאנכעס מאהל אין דעם קלונגסטען מענטשען אזעלכע ווארצלען איין וועלכע דיא קלינגסטע איבערצייגונגען קאנען זייא ניט אויס רייסען, אבוואהל דעבארא האט בעשטענדיג געלאכט פון דיא צערעמאניעס וואס קומען פאר אויף אידישע חתונה, אונ האט ביי זיך בעשלאסען זיא זאל הייראטהען איינפאך אהן צערעמאניעס, פון דעסט וועגען איז זיא גיוועזען שטארק אומעדיג אונ אונרוהיג אין דער נאכט וואס עס האט באדארפט זיין איהר שטילע חתונה, זיא האט זיך אנגעהויבן צוא דער מאהנען וואס פאר אחתונה ביי איהר וואלט גיוועזען, ווען דיא עלטערין זאלין זיא בעשטעטיגען, וויא זיא וואלט אצונד געזעסען וויא אקעניגען פערפוצט אונ געשמוקט צווישען איהרע חברתעס, וויא גרויסארטיגע געסט וואלט זיך צו זאמען געקליבען זייא וואלטען איהר גראטולירט, אונ וואלטען אנטהייל גענומען אין איהר פריידע אונ איהר גליק, היינט וויא גליקליך דיא עלטערין וואלטין זיך געשעצט אין דער צייט ווען זייא זאלין איהר בעדארפין פירין צו דער הופה, אצונד זיצט זיא פאר איהר הופה עלענד נור מיט איהר הינקעדיגער שווינגערמוטער אונ ער-ווארטעט עטליכע ארעמע סטודענטען אונ איינינע בעקאנטע פרויען וועלכע אינטערעסירען זיך גאר ניט אין איהר גליק, קיין מוזיק שפילט ניט קיין טהייערע שפייזען זיינען ניט צוגעגרייט, נור אפלעשיל פראסטע שנאפס מיט

עטליכע פראסטע שטיקליך לעקאך, איהרע עלטערין וועלכע האבין זיא אזויא ליב, זיטצען געוויס אונ וויינען אויף דעם וואס זייער איינציגע ליבע טאכטער האט זייא פערלאזין זא אונדאנקבאר, זייא קענען זיא אפילו ניט בענטשען אין דעם אוינגענבליק ווען זיא פערבינדעט זיך אויף עוויג מיט איהר געליבטען.

דיא געדאנקען האבען פילע טרערין פון איהרע שיינע אויגען הערויסגעלאקט, זיא איז געזעסין אונמוטהיג אונ אויף איהר ליבעם געזיכט איז וויא אפינסטערער וואלקין געלעגען.

שטראהלם מוטער האט וויא עס ווייזט אויס פערשטאנען וואס ביא איר זאהנס כלה אין הארצין טוט זיך, אונ האט דארום צוגעהענד צו איהר געזאגט מיט אזאנפטער שטימע; דוא באדארפסט זיך חלעבין דאס הארץ ניט אפעסין דבורהניה וואס דיין חתונה געהט צו אזויא שטיל, איך האב שוין גיזעהען אזעלכע חתונות וואס האבין אויפגעריהרט היטעל מיט ערד אונ אז נאט האט ניט געוואלט, זיינען דאס פאר פאלק דיא אונגליקליכסטע געווארין, אונ צוריק האב איך גיזעהען מענטשען וואס ביא זייא איז גיווען געמיינע חתונות נאך געמיינער ה'יא ביא דיר אונ זיינען היינט דיא גליקליכסטע, גלויב מיר דוא קאנסט גאר ניט וויסען וואס פאר אמזיל גאט וועט אייך באשערין, חאטש איהר האט אזויא ארעם חתונה, הער אויף איך בעט דיך צוא וויינען וועגען אזעלכע פוסטע זאכין.

איך וויין גאר ניט פון דעם וואס מיין חתונה איז אזויא געמיין — האט דבורה גיענטפערט אוים ווישענד דיא טרערין פון דיא אויגען.

אהא איך פערשטעה דוא ווינסט נאר דער פאר וואס דיין טאטע אונ מאמע זיינען ביא דיר אויף דער חתונה ניטא, זאלסטו מעהר קיין צער ניט האבין אויף דיין גאנץ לעבען, אונ אז מיין טאטע אונ מאמע זיינען שוין גיווען ביא מיר אויף דער חתונה אונ האבען מיך גיבענטשט וויפיל עס איז אין מיר אריין בין איך שוין גליקליך? רבונו של עולם! מיין גליק, אויף אלע יודישע שונאים געזאגט געווארין, מיינע עלטערין האבין זיך געפרייט אויף מיין חתונה, זייא האבין געמיינט אז זייא האבין מיך גליקליך געמאכט, דערמיט וואס זייא האבין מיר געגעבין אחתן אלמדן, זייא האבין זיך געבאך בדלות געשטעלט אונ האבין זייער גאנץ ביסעל ארעמקייט אפ געגעבין דעם עלוי נוא וואס איז געווארין דער סוף? אזא סוף טאהר מען קיין שונא ניט ווינטשען, דער תכשיט דער עלוי, האט מיך אוועק געווארפין, אונ איך בין שוין ברוך השם זיבין אונ צוואנציג יאהר אנ'אלמנה, אזש בלייבען זאל ער אויב ער לעבט נאך, אהן העמד, אונ אהן פים, אונ אהן לייב, אונ לעבען, פאטער אין הימעל.

איהר האט איהם ניט וואס חושד צוא זיין ער איז געוויס געשטארבין.

זאל איהם דארט דיא ערד ארויס ווארפין וואו ער ליגט — האט דיא אלטע געזאגט ווישענד דיא טרערין — זיינע ביינער זאלין קיין מנוחה ניט

הָאבּין אַזוֹיא וִויא אִיךְ הָאבּ קַיין מְנוּחָה נִיט, דוּא הָאסְט בַּאדַארְפְט קֶענֶען דֶעם כָּלְבּוֹנִיק עֶר אִיז גִיוֶועֶן. — אוֹיף אִיהם קוּקֶענְדִיג — נָאט אִין צִיצִית, פּלטיאלקע, הָאט מֶען אִיהם גֶערוּפֶען, מִיט פלטיאלקען הָאבִּין זִיךְ גֶעבֶּענְטְשְׁט אַלֶע מַאמֶעס, צוּם סוֹף הָאט פלטיאלקע מִיךְ אוּנְגְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט אַנ׳אוּנְגְלִיק זָאל אִיהם טְרֶעפִין וואוּ עֶר וֶועט זִיךְ קֶערִין אוּנ וֶוענְדִין, עֶר לֶעבְּט נָאךְ גֶעוִויס דֶער מַחְשְׁמוֹנִיק, עֶר הָאט גֶעוִויס חֲתוּנָה גֶעהַאט, חֲתוּנָה הָאבִּין זָאל עֶר מִיט דֶעם מַלְאָךְ הַמָוֶת.

אִין דֶער מִינוּט הָאט מֶען גֶעגֶעבִּין אַקְלַאפּ אִין טִיהר.

דָאס מוּז זַיין שטראהל מִיט דִיא גֶעסְט — הָאט דבורה גֶעזָאגְט — גֶעהט עֶפִינְט אוֹיף.

דִיא אַלְטֶע הָאט גִיעֶפִינְט, אוּנ סאפיא מִיט זוזאנאן זַיינֶען אַריינְגֶעקוּמֶען.

אִיךְ הָאבּ דִיא עֶהרֶע זִיךְ פָּארְצוּשְׁטֶעלֶען — הָאט סאפיא גֶעזָאגְט פַּאלֶענְד דבורהן אוּם דֶעם הַאלְדז — אִיךְ הֵייס סאפיא פוטצמאן אַייעֶר חָתָנְס בֶּעסְטֶע פְרַיינְדִין, אוּנ דָאס אִיז מַיינְס אַפְּלֶעמְיַאנִיצֶע זוזאנא ווייספעלד, אִיךְ הָאבּ זִיא מִיט גֶענוּמֶען אוּם אַייךְ פְרֵיילִיךְ צוּ מַאכִין.

אִיךְ דַאנְק אַייךְ זֶעהֶער — הָאט דבורה גֶעזָאגְט דְרִיקֶענְד זַייא דִיא הֶענְד — מִיךְ שְׁמֶערְצְט נָאר דָאס וָואס מַיין חֲתוּנָה אִיז אַזוֹיא גֶעמֵיין אוּנ אִיךְ קָאן אַייךְ קַיין פֶערְגֶעניגֶען נִיט פֶערְשַׁאפִין וִויא אוֹיף אַחֲתוּנָה בַּאדַארְף זַיין.

זוזאנא הָאט בֶּעטְרַאכְט דֶער שֵׁיינֶער דבורהן וָועלְכֶע הָאט גֶעשְׁטְרַאהְלְט וִויא דָער מָארְגֶענְשְׁטֶערִין אִין אִיהר אֵיינְפַאכִין קָאסְטִיוּם, זִיא הָאט בֶּעוואוּנְדֶערְט אִיהר שֵׁיינְקַייט, אוּנ הָאט אִין הַארְצִין גִירָעכְט גֶעגֶעבֶּען שטראהלען וָואס עֶר הָאט אוֹיס גֶעזוּכְט אַזַא לִיבֶּענְס. ווִירְדִיגֶע כַּלָה.

וָואס שְׁטֶעהט אִיהר מַיינֶע דַאמֶען — הָאט דבורה גֶעזָאגְט — זֶיצְט אִיךְ בֶּעט אַייךְ אוּנ אִיהר מוּטֶער — הָאט זִיא גֶעזָאגְט זִיךְ וָוענְדֶענְד צוּא דָער אַלְטֶער — דֶערְלַאנְגְט עֶפֶּעס צוּם טִישׁ.

סאפיא מִיט זוזאנאן הָאבִּין זִיךְ גִיזֶעצְט, אוּנ הָאבִּין אָנְגֶעהוֹיבִּין צוּ רֵיידִין מִיט דבורהן פוּן פֶערְשִׁידֶענֶע זַאכִין, ציפה הָאט אַרוֹיפְגֶעטְרָאגִין אוֹיף אַפָּאר שָׁאלִין וַוארֶענִיֶע אוּנ אַבּוּטֶעל וַויין, נָאר דִיא פְרוֹיֶען הָאבִּין זִיךְ דַאצוּ נִיט צוּא גֶעריהְרְט.

אִיהר וֶועט גְלוֹיבֶּען פְרֵיילִין בלאהווים — הָאט סאפיא גֶעזָאגְט צוּא דבורהן — אַז אִיךְ הָאבּ פוּן אַזַא הָאכְצַייט מֶעהר פֶערְגֶעניגֶען אַלְס פוּן אַגְרוֹיסֶער גְבִירֶעשֶׁער הָאכְצַייט דָארְט וֶוערְט מֶען אַזוֹיא צוּדוּלְט אַז מִיא וַוייס נִיט וואוּ מִיא אִיז אִין דֶער וֶועלְט, אוּנ דָא אִיז אַזוֹיא רוּהִיג אוּנ שְׁטִיל אַזוֹיא וִויא אִין אַגַן עֵדֶן.

דָאס וֶוענְט זִיךְ אָן אַכַאראַקְטֶער — הָאט דבורה גִיעֶנְטְפֶערְט — אֵיינֶער הָאט גְרַאדֶע לִיבּ דֶעם טוּמֶעל פוּן אַחֲתוּנָה, אוּנ אַנ׳אַנְדֶער הָאט גְרַאדֶע נָאר רוּהִיגְקַייט לִיעבּ.

איהר זַייט שׁוֹין לַאנְג אַבְּרוֹיט. פַאר שטראהלען? הָאט סאפיא ווייטֶער גֶעפְרֶעגְט.

בֵּיינַאהֶע אַהַאלְבּ יָאהר.

איהר זֶענְט גְלִיקְלִיךְ מִיט אַייֶער חָתָן — הָאט סאפיא גֶעזָאגְט — עֶר אִיז אַבוּרְלְיַאנְט וִויא אִיךְ בִּין שׁוֹין אַנְ׳אַלְטֶע פְרוֹיא פוּן דֶעסְט וֶועגִין בִּין אִיךְ אוֹיךְ אִין אִיהם פֶערְלִיבְּט, וָואס זָאגְסְטוּ זוזאנא אַיָא שטראהל אִיז אַנְ׳אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְ-טֶער יוּנְגֶער מַאן.

פְרַיילִין זוזאנא אִיז רוֹיט אוּנ בַּאלְד בְּלַאס גֶעוָוארִין זִיא הָאט קוֹים גִיעֶנְטְפֶערְט: אוֹיף אַזַא מֶענְטְשֶׁען אִיז מַיינֶע מְבִינוֹת אִיבֶּעריג.

פוּן וַואנֶענְט קֶענְט איהר מַיין שטראהלען — הָאט דבורה גֶעפְרֶעגְט זוזאנאן.

וָואס הֵייסְט פוּן וַואנֶען זִיא קָאן אִיהם — הָאט סאפיא גִיעֶנְטְפֶערְט — זִיא הָאט אִיהם גִיזֶעהֶען זֶעהֶער אָפְט בַּייא מַיין זָאהן אִין שְׁטוּבּ.

יַא אִיךְ הָאבּ דִיא עֶהרֶע גֶעהַאט זִיךְ מִיט אִיהם צוּ בֶּעקָאנֶען בַּייא מַיין שְׁוֶועסְטֶערְקִינְד הָאט זוזאנא גֶעזָאגְט.

וואוּ זַיינֶען דָאס דִיא אִיבֶּעריגֶע גֶעסְט? אוּנ וואוּ אִיז אַייֶער חָתָן — הָאט נָאךְ אַקוּרְצֶעס שְׁוַויינֶען סאפיא גֶעפְרֶעגְט.

זַייא וֶועלִין וַואחְרְשֵׁיינְלִיךְ בַּאלְד קוּמֶען.

מִיר דוּכְט אַז זַייא גֶעהֶען שׁוֹין — הָאט ציפה גֶעזָאגְט.

מִיא הָאט טַאקֶע בַּאלְד גִיהֶערְט טְרִיט, דִיא טִיהר הָאט זִיךְ אוֹיפְגִיעֶפִינְט, אוּנ שטראהל אִיז אַרַיינְגֶעלָאפִין בְּלַאס אוּנ עֶרְשְׁרָאקֶען, דִיא פְרוֹיעֶן זַיינֶען אוֹיךְ עֶרְשְׁרָאקֶען אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פוּן זֵייעֶרֶע עֶרְטֶער.

וָואס פַאר אַנְ׳אוּנְגְלִיק אִיז גֶעשֶׁעהֶען? — הָאט דעבארע גֶעפְרָעגְט עֶרְצִיטֶערְט. דַיינֶע עֶלְטֶערְין הָאבִּין עֶרְפַאהרֶען וואוּ דוּא בִּיזְט — הָאט שטראהל גִיעֶנְטְפֶערְט — זַייא גֶעהֶען אַהֶער, גֶעשְׁווִינְד אַנְטְלוֹיף פוּן דַאנֶען.

וואוּהִין זָאל אִיךְ לַייפִין — הָאט דבורה עֶרְשְׁרָאקֶען גֶעפְרֶעגְט.

אִיךְ וֶועל אַייךְ נֶעמֶען צוּ מִיר אִין שְׁטוּבּ — הָאט סאפיא גֶעזָאגְט — דָארְט וֶועט איהר זַיין רוּהִיג אוּנ קֵיינֶער וֶועט אַייךְ נִיט בֶּעאוּנְרוּהִיגֶען.

אִיךְ דַאנְק אַייךְ זֶעהֶער מאדאם — הָאט שטראהל גֶעזָאגְט. — טוּהְט מִיר דִיא גֶעפֶעלִינְקֵייט אוּנ נֶעמְט זִיא צוּ אַייךְ אוֹיף אַטָאג צוּ אוֹיף צְוֵוייא.

וֶוען איהר וֶועט מִיר וֶועלִין בֶּעעֶהְרֶען — הָאט זוזאנא גֶעזָאגְט — וָואלְט אִיךְ אַייךְ גֶעבֶּעטֶען איהר זָאלְט מִיר עֶרְלוֹיבֶּען נֶעמֶען אַייֶער לִיבֶּער כַּלָּה צוּא זִיךְ, מִיר וֶועלִין בֵּיידֶע וִויא צְוֵוייא שְׁוֶועסְטֶער לֶעבֶּען.

עֶרְשְׁט דִיא מִינוּט הָאט שטראהל דֶער זָעהֶען אַז זוזאנא אִיז אוֹיךְ דָא, עֶר הָאט זִיךְ זָעהֶער גֶעוואוּנְדֶערְט וִויא אַזוֹיא זִיא קוּמְט אַהֶער, נָאר עֶר הָאט בַּאלְד פֶערְשְׁטַאנֶען אַז סאפיא הָאט זִיא גֶעבְּרַאכְט.

נוּא מַיין לִיבֶּע דעבארא — הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּא זַיין עֶרְשְׁרָאקֶענֶער בְּרוֹיט — קְלַייבּ זִיךְ אוֹיס אַיינֶע פוּן דִיא צְוֵוייא גְ׳דֶלֶע פְרוֹיעֶן.

מיר מַאכְט אָפִּילוּ נִיט אוֹיס — הָאט דעבארא גִיעֶנְטפֶּערְט — נָאר אִיךְ ווִיל לִיבֶּערְסְט זַיין צוזַאמֶען מִיט דֶער עֶדְלֶער פְרַיילֵין, ווַייל צְווייא מֶעדְכֶענְס גְלַייכֶע ווִיא מִיר זַיינֶען וֶועלֶין מֶעהר שְׁטָאף הָאבִּין מִיט וָואס דִיא לַאנְגְווַיילֶע צוּא פֶערְטְרַייבֶּען.

נוּא דוּא קָאנְסְט גֶעהֶען מִיט דֶער פְרַיילִין ווייספעלד, נָאר ווַארְט מִיר אִיז עֶפֶּעס אַיינְגֶעפַאלִין — הָאט שטראהל פְּלוּצִים גֶעזָאגְט — גֶעה דֶער ווַייל מִיט דֶער מאדאם סאפיא אוּנ דָאס פְרַיילִין ווייספעלד וֶועט מִיר צוּא לִיעב נָאךְ בְּלַייבֶּען דָא.

וָואס וֶועל אִיךְ דָא טָאהן — הָאט זוזאנא עֶרְשְׁטוֹינְט גֶעפְרֶעגְט.

דָא אִיז פֶערְשְׁטֶעהט אִיהר אַזַא נֶעשִׁיכְטֶע — הָאט שטראהל גִיעֶנְטפֶּערְט — מַיין כַּלָה'ס עֶלְטֶערִין וֶועלְכֶע זוּכֶען זַייעֶר טָאכְטֶער הָאבֶּען עֶרְפַאהרֶען אַז אִין דֶעם הוֹיז זִיצְט אַיין פְרַיילִין סאראה בלאהוויים, דֶען אַזוֹיא הָאט זִיךְ מַיין בְּרוֹיט אָנְאָמֶען גֶענָעבִּין, זַייא פֶערְשְׁטֶעהֶען אַז דִיא סאראה בלאהוויים מוּז זַיין זַייעֶר טָאכְטֶער, אוּנ דַארוּם נֶעהֶען זַייא אַהֶער, אַלְזָא וֶוען זַייא וֶועלִין אַייךְ פְרַיילִין ווייספעלד דָא טְרֶעפִין, וֶועלִין זַייא מֵיינֶען אַז אִיהר זַייט דִיא סאראה בלאהוויים, אוּנ דַאדוּרךְ וֶועלִין זַייא שׁוֹין אוֹיף דֶער קְווַארְטִיר מֵיין קֵיין אוּנ נִיט הָאבֶּען, אוּנ דוּרךְ דֶעם וֶועט אִיהר זִיכֶערִין מַיין כַּלָה'ס רוּהֶע, אִיךְ בֶּעט אַייךְ טוּהְט מִיר דִיא גֶעפֶעלִינְקַייט, אוּנ בְּלַייבְּט דָא אוּנְטֶער דֶעם נָאמֶען סאראה בלאהוויים, אִיהר וֶועט דָא דַארְפִין זִיטְצֶען נוּר אַיין פִירְטֶעל שְׁטוּנְדֶע, נַאכְהֶער וֶועל אִיךְ אַייךְ אַלֵיין אָפּ פִיהרֶען צוּ דֶער מאדאם סאפיא וֶועט שׁוֹין פוּן דָארְט מַיין כַּלָה גֶעהן מִיט אַייךְ צוּ אַייךְ אַהֵיים.

אָבְּווָאהל דָאס אִיז פַאר זוזאנאן זֶעהֶער שְׁוֶוער גִיוֶוען אַרַיינְמִישֶׁען זִיךְ אִין אַזֶעלְכֶע גֶעשֶׁעפְטֶען, נָאר זִיא הָאט שטראהלען נִיט גֶעקֶענְט עֶנְטְזַאגֶען, אוּנ הָאט זִיךְ בֶּעשְׁלָאסִין דָא צוּא בְּלַייבֶּען, סאפיא הָאט גֶענוּמֶען דבורהן פַאר דֶער הַאנְד אוּנ אִיז מִיט אִיהר גֶעשְׁווִינְד אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, אוּנ זוזאנא אִיז גֶעבְּלִיבֶּען מִיט אִיהר גֶעלִיבְטֶען שטראהלען אַלֵיין אִין דֶער קְווַארְטִיר.

ווִיא גְלִיקְלִיךְ זִיא הָאט זִיךְ גֶעפִילְט אִין דֶער מִינוּט וֶוען שטראהל הָאט זִיךְ לֶעבֶּען אִיהר גֶעזֶעצְט, אוּנ הָאט אוֹיף אִיהר זָא פְרַיינְדְלִיךְ גֶעקוּקְט, זִיא ווָאלְט דוּכְט זִיךְ דָא עֶוִויג עֶוִויג גֶעזֶעסֶען, דָאס קְלֵיינֶע צִימֶעריל הָאט אִין אִירֶע אוֹיגֶען אוֹיס גִיזֶעהֶען ווִיא אַקְלֵיין פַּארַאדִיס, זִיא אִיז גֶעזֶעסֶען שְׁטוּם, אוּנ הָאט נִיט גֶעוואוּסְט וָואס צוּ רֵיידֶען. שטראהל וֶועלְכֶער ווַאר בֶּעוֶועגְט אוּנ עֶר־רֶעגְט פוּן זַיין צֶערְשְׁטֶערְטֶער חֲתוּנָה הָאט אוֹיךְ קֵיין וֶוערְטֶער נִיט גֶעפוּנֶען וָואס צוּ רֵיידִין, עֶר הָאט אַלֶע מִינוּט אַקוּק גֶעגֶעבֶּען אוֹיף דֶער טִיהר אוּנ הָאט עֶרְווַארְטֶעט דִיא אוּנְאַנְגֶענֶעהמֶע גֶעסְט.

עֶנְדְלִיךְ הָאט זִיךְ גִיהֶערְט אַלֵייזֶער קְלַאפּ אִין טִיהר, שטראהל אִיז צוּ גֶענַאנְגֶען אוּנ הָאט גֶעפְרָעגְט וֶוער קְלַאפְּט דָאס, נָאר קֵיין אַנְטְווָארְט אִיז נִיט

גיוָוען , ער האט גיעֶפינט דיא טיהר אוּנ אין צימֶער איז אַריינגעקוממען הערמאן גוסט .

וויא קוּמט איר אַהער הער גוסט — האט שטראהל מיט אַנ'ערינגסטע מינע געפרעגט — זייט מיר ווילקאמען זיצט !

הערמאן האט דעם ערשטין בליק געוואָרפען אויף זוזאנאן , אוּנ איז וויא מיא האט אן אים געקאנט ערקענען שטארק אונצופרידען גיוועזן וואס ער האט ניט געטראָפין דער וואס ער האט געזוכט .

איך האב דיא עהרע אייך פאר צוא שטעלין מיין פריינדין סאראה בלאהוויים . — האט שטראהל געזאגט צייגענד אויף זוזאנאן אוּנ דאס איז הער גוסט — האט ער געזאגט זיך ווענדענד צוא דער ערשראקענער זוזאנאן .

מיט אייערע פריינדינען וויל איך מיך ניט באקענען — האט הערמאן שטאלץ אוּנ צארניג גיענטפערט .

אייך שטייט ניט אן הער גוסט — האט שטראהל מיט אַסאטירישען טאן געזאגט — נאר איך פערזיכערע אייך , אז דאס פריילין איז אַזא ארדענטליך קינד אוּנ פון אַזא שיינער פאמיליע וויא אַלע ... אוּנ איר האט זיך מיט איר גאר ניט וואס צו שעמען .

קוים איז זיא אייערע אפריינדין פארשטייט מען שוין וואס זיא איז — האט הערמאן גיענטפערט אוּנ איז שנעל אַרוים געגאנגען מיט איין פערצוויייפעלטעם געזיכט .

פערצייהעט מיר פריילין ווייספעלד וואס צוליב מיר האט מען אייך דא באליידיגט — האט שטראהל געזאגט צוא זוזאנאן אַלס הערמאן איז אַרוים געגאנגען , איר באדארפט זיך גאר דערמאהנען אן דעם אז ער איז אויף מיר צארניג וואס איך הייראטהע מיט זיין טאכטער אן זיין ערלויבניש , וועט איר שוין פארשטיין אז ער האט געמוזט אויס גיסען זיין צארין אויף מיר אוּנ אויף אייך .

מיר אינטערעסירט דאס גאר ניט . — האט זוזאנא גיענטפערט מיט אַנגעצוואונגענעם שמייכעל . — איך בין צופרידין דאמיט וואס איך בין אין שטאנד גיוועזן אייך אטובה צוא טאן הער שטראהל .

איך בין אייך איניגסט דאנקבאר עדלע פריילין ! — האט שטראהל געזאגט דריקענד איר דיא האנד — איצונד קומט וועל איך אייך אפפיהרען אַהיים .



## יח.

### אַזאנדערבארע צוזאממענטרעפונג .

פאלגט מיך הער ווייספעלד , איך ראטהע אייך וויא אגוטער פריינד , איר זאלט טאן מיט אייער טאכטער דעם שידוך , בארעכינט נאר נאך אַמאל

מאקס איז אַבְּן יָחִיד בּייא אַזַא רַייכִין פָּאטֶער וִויא לעאָן שפּיטצעל : אִיז, אִיהְר גַרייסְט דָאךְ יַא אַז לעאָן אִיז אַגְבִּיר, אונ אוֹיסֶער דִיא אַלֶע זַאכֶען אִיז דָאךְ מאקס אַחְתָּן וָואס אִיז וָוערְט אַלֶע גֶעלְטִין. עֶר אִיז דָאךְ אַפָּאלְקָאמֶענֶער קוֹיפְמַאן, עֶר פִירְט אַלֵיין דֶעם פָּאטֶערְס אַלֶע גֶעשֶׁעפְטִין, וַוייל עֶר פַארְשְׁטֵייט אַגִישֶׁעפְט פִיל בֶּעסֶער אַלְס זַיין פָּאטֶער, הַיינְט אִיז עֶר אַפָּאלְקָאמֶענֶער מֶענְטְשׁ, גֶעבִּילְדֶעט אוֹיף דָער הֶעכְסְטֶער שְׁטוּפֶּע, עְס אִיז דָאךְ אַפֶּערְגֶעניגֶען מִיט אִים צוּ רַיידִין. אִיךְ זָאג אַייךְ אַז פַאר אַייעֶר טָאכְטֶער אִיז דָאס אַגְלִיק.

דִיא וָוערְטֶער הָאט גירעט איוד פון אַיאָר פופציג אַנִידֶערִיגֶער אונ אַדִיקֶער גֶעקְלֵיידֶעט הַאלְבּ דַייטְשׁ, צוּא איסר ווייספעלד אִין דֶעם זֶעלְבִּין אַבֶּענְד וָוען שמראהלם חֲתוּנָה אִיז צֶערְשְׁטֶערְט גֶעווָארִין.

אִיךְ זָאג אַייךְ נָאךְ גִיט נֵיין אוֹיךְ נִיט יַא, הֶער פעפעל — הָאט ווייספעלד גֶיעֶנְטְפֶערְט — מִיר וֶועלִין זִיךְ מְיַשֵׁב זַיין.

וָואס טוֹיג אַייךְ דָאס מְיַשֵׁב זַיין, אִיךְ רֵייד דָאךְ אַייךְ נִיט קֵיין שִׁידוּךְ מִיט אַנ'אוּם בַּאקַאנְטִין מֶענְטְשִׁין, אִיר קֶענְט דֶעם מְחוּתָּן מִיט דֶעם חָתָן אַזוֹיא וִויא אִיךְ, אִיר פֶּערְשְׁפָּארְט גָאר יֶעמַאנְדֶען צוּא פְרֶעגִין וֶועגִין דֶעם, זָאגְט הֶער ווייספעלד „יַא" וֶועלִין מִיר עֶסִין לֶעקַאךְ אוֹיף אַייעֶר טָאכְטֶערְס תְּנָאִים.

וָואס בַּאדַארְפְט אִיר זָאגִין אַז אִיר וִוילְט עֶסִין לֶעקַאךְ — הָאט ווייספעלד לַאכֶענְד גִיזָאגְט — זָאגְט פְּרָאסְט אַז אִיר וִוילְט פֶערְדִינֶען עֶטְלִיכֶע קֶערְבְּלַאךְ, אונ אַוֶועג וִויא אַזוֹיא צוּא פֶערְדִינֶען עֶטְלִיכֶע קֶערְבְּלַאךְ וֶועל אִיךְ אַייךְ וַוייזֶען, אוֹיבּ אִיהר וֶועט נָאר זַיין אַמֶענְטְשׁ, אִיךְ מֵיין אוֹיבּ אִיהר וֶועט זִיךְ קְלוּג אוֹיף פִיהְרֶען.

אַדְרַבָּא וַוייזְט מִיר אַזַא וֶועג — הָאט פעפעל הֶעכְסְט נַייגֶערִיג גֶעזָאגְט — מִיר דוּכְט אַז אִיךְ בִּין קֵיין מָאל קֵיין נַאר נִיט גִיוֶוען, אִיךְ הָאבּ מִיר בֶּעשְׁטֶענְדִיג קְלוּג אוֹיפְגֶעפִירְט.

אִיךְ מֵיין גָאר פָּשׁוּט אִיר זָאלְט מִיר עֶפֶּעס אוּם פִיהְרֶען אַשִׁידוּךְ. — הָאט ווייספעלד מִיט אַשְׁמֵייכִיל גִיעֶנְטְפֶערְט.

אַייךְ אַשִׁידוּךְ ? — הָאט פעפעל פֶערְוואוּנְדֶערְט גֶעפְרֶעגְט.

וָואס זֶע וואוּנְדֶערְט אִיר זִיךְ אַזוֹיא, אִיךְ בִּין שׁוֹין אַזַא אַלְטֶער מַאן וָואס אִיךְ בַּאדַארְף שׁוֹין קֵיין חֲתוּנָה נִיט הָאבִּין.

חָלִילָה! אִיךְ מֵיין דָאס גָאר נִיט, פַארְקֶערְט אִיךְ הָאבּ מִיךְ בֶּעשְׁטֶענְדִיג גֶעוואוּנְדֶערְט אוֹיף דֶעם וָואס אִיר זִיצְט אַזוֹיא לַאנְג אָן אַפְּרוֹיא, אִיר זַייט אַמַאן אִין דִיא בֶּעסְטֶע יָארִין, מִיר וואוּנְדֶערְט נָאר דָאס, וָואס בִּיז אַהֶער הָאט אִיר נִיט גֶעוָואלְט הֶערִין פוּן קֵיין שִׁידוּךְ, אונ אִיצוּנְד שְׁלָאגְט אִיר זִיךְ אַלֵיין אָן אִיךְ זָאל אַייךְ רֵיידִין אַשִׁידוּךְ.

וָואס פַארְשְׁטֵייט אִיר דָא נִיט ? בִּיז אַהֶער הָאט זִיךְ מִיר נִיט גֶעמַאכְט אַשִׁידוּךְ צוּם הֶערְצֶען, נָאר גְרַאדֶע אִיצוּנְד הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט אַזַא כַּלָּה

דאס װֶען זיא זָאל נָאר װעלִין, בִּין אִיךְ מוּכָן וּמְזוּמָן גַיין מִיט אִיהר צוּא דָער חוּפָּה.

זָאגְט מִיר נָאר װער אִיז דִיא כַּלָה, אִיךְ קָאן זִיא?

נַיין אִיר קָאנְט זִיא נִיט, זִיא אִיז עֶרְשְׁט דִיא װָאךְ גֶעקוּמֶען אַהֶער מִיט אִיהר מוּטֶער.

דָאס אִיז אַלְץ פוּן דִיא קְלֵיינֶע זַאכִין, קָאן אִיךְ זִיא נִיט װֶעל אִיךְ זִיא קֶענֶען זָאגְט מִיר נָאר װער זִיא אִיז.

אֵיר מוּטֶערְס שְׁװֶעסְטֶער קֶענְט אִיר דָאס אִיז דִיא מַאדַאם שװעבֶיל.

אַפְּרַאגֶע צוּא אִיךְ קָאן דֶער מַאדַאם שװעבעל? אִיךְ הָאבּ דָאךְ אִיר זוּן חֲתוּנָה גֶעמַאכְט מִיט דֶעם דָאקְטָאר צוּנגמאנס טָאכְטֶער, אִיךְ בִּין דָארְט אִין שְׁטוּב אַגַאנְצֶער בֶּן בַּיִת, נָאר זָאגְט מִיר הֶער װייספעלד װֶען אִיז אִיהר שְׁװֶעסְטֶער גֶעקוּמֶען?

אִיךְ זָאג דָאךְ אַייךְ דִיא װָאךְ.

זִיא אִיז עֶפֶּעס רַייךְ.

יַא זִיא װַייזְט אוֹיס זֵייעֶר רַייךְ צוּא זַיין.

װאו װאוֹינְט זִיא דֶען.

זִיא װאוֹינְט דוּכְט זִיךְ אִין מאדאר — הָאט װייספעלד גִיעֶנְטְפֶערְט — אִיךְ בִּין מִיט פִינְף טָאג פְרִיהֶער גִיװֶען בַּייא יאקאב שװעבעל הָאבּ אִיךְ דִיא גֶעסְט דֶערְזֶעהֶען, אוּנ אִיךְ זָאג אַייךְ דִיא װָארְהַייט אַז דָאס מֵיידִיל הָאט אוֹיף מִיר אַשְׁטַארְקֶען אַיינְדְרוּק גֶעמַאכְט, אִיךְ פֶערְלַאנְג בַּייא אִיר קֵיין גֶעלְד נִיט, קוֹים װֶעט זִיא זִיךְ נָאר בֶּעשְׁלִיסֶען הֵייראַטְהֶען מִיט מִיר, נֶעם אִיךְ זִיא װִיא זִיא שְׁטֵייט אוּנ גֵייט.

אִיךְ װֶעל אַייךְ זָאגְן דֶעם אֱמֶת הָער װייספעלד אַז מִיר גְלוֹיבְט זִיךְ נִיט אִיךְ זָאל דֶעם שִׁידוּךְ אוֹיס פִיהְרֶען — הָאט פעפעל גֶעזָאגְט נָאךְ אַקוּרְצֶעם נָאכְדֶענְקֶען — װֶעדְלִיג װִיא אִיהר זָאגְט, אִיז אִיהר מוּטֶער אַרַייכֶע, אוּנ דִיא כַּלָה אִיז אַזַא שֵׁיין מֵיידִיל, גֶעװאוֹינְלִיךְ מוּזֶען אִיהְרֶע עֶלְטֶערִין פַאר אִיהר זוּכֶען אַחָתָן אַיוּנְגֶען.

אִיךְ הָאבּ שׁוֹין דָאס אַלֵיין אוֹיךְ גֶעקְלֶערְט — הָאט װייספעלד גִיעֶנְטְפֶערְט — נָאר דַאצוּא הָאבּ אִיךְ גְרַאדֶע אִיצוּנְד אַזַא גִילֶעגֶענְהַייט װָאס דֶער שִׁידוּךְ קָאן אוֹיס גֶעפִירְט װֶערִין.

װָאס אִיז פַאר אַגֶעלֶעגֶענְהַייט?

דָא אִיז דָא יֶעצְט בַּייא אוּנְז אִין שְׁטָאט אַמַאן עֶר הֵייסְט הערמאן גוּסט, װֶעלְכֶער אִיז זֵייעֶר גוּט בַּאקַאנְט מִיט דֶער מַאדַאם מערקערוואלד דֶער כַּלָה׳ס מוּטֶער, אוּנ דֶער מֶענְטְשׁ בַּאדַארְף יֶעצְט מַיין טוֹבָה, רֶעכִין אִיךְ אַז אִיהר פוּן אַיין זַייט אוּנ עֶר פוּן דֶער צְװֵייטֶער זַייט װֶעט מֶען דָא קֶענֶען עֶפֶּעס מַאכִין.

אוֹיבּ אַזוֹיא אִיז דָאךְ גָאר אַנְדֶערֶע װֶערְטֶער — הָאט פעפעל עֶרְפְרַייט

גֶעזָאגְט — איךְ װָעל פון מַיין זַייט אַלֶע קְרֶעפְטִין אָנְװֶוענְדֶען דֶער שִידוּךְ זָאל אוֹיס גֶעפִירְט װֶוערִין נוּר דֶער מֶענְטְש װָאס אִיר זָאגְט, זָאל אוֹיךְ אַרְבֶּעטִין אִין דֶעם אַזוֹיא וִויא אִיךְ.

דֶער הָער הערמאן גוסט וִויל מִיט אַייךְ שְׁפְּרֶעכִין! — הָאט אִין דֶער מִינוּט דֶער הֶערַאַיינְקָאמֶענְדֶער דִינֶער גֶעמֶעלְדֶעט.

פִיהר אִים אַרַיין אַהֶער — הָאט ווייספעלד בֶּעפָאהְלֶען, אוּנ זִיךְ װֶוענְדֶענְד צוּא פעפלען הָאט עֶר גֶיזָאגְט: אִיר זֶעהְט הָאטְש אַז גְרַאדֶע אִין דֶער מִינוּט װָאס מִיר הָאבִּין װֶוגִין אִים גֶירֶעט, אִיז עֶר אָנְגֶעקוּמֶען, גֵייט אַייךְ אִיר אַהֵיים אִיךְ װָעל שׁוֹין דָא מִיט אִים אִיבֶּער רֵיידִין װֶוגִין דֶעם גִישֶׁעפְט, אוּנ מָארְגִין קָאנְט אִיר אָנְהוֹיבִּין צוּא אַרְבֶּעטִין װֶוגִין דֶעם.

זַייעֶר שֵׁיין! — הָאט פעפעל גִיעֶנְטְפֶערְט — אִיךְ הָאבּ דָאךְ אַייךְ גֶעזָאגְט אַז אִיךְ װָעל קַיין מִיהֶע נִיט שְׁפָּארִין, אִיךְ װָעל אַלֶע קְרֶעפְטִין אָנְװֶוענְדִין דֶער שִׁידוּךְ זָאל אוֹיס גֶעפִירְט װֶוערִין, נוּא הָאט זֶע מִיר דֶער וַוייל אַגוּטֶע נַאכְט.

מִיט דִיא װֶוערְטֶער אִיז עֶר אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען.

עֶס הָאט לַאנְג נִיט גִידֶוערְט אוּנ הערמאן גוסט אִיז אַרַיין גֶעקוּמֶען.

גוּט נַאבֶּענְד הָער ווייספעלד! — הָאט עֶר גֶעזָאגְט אַרַיין קָאמֶמֶענְד רֵייכֶענְד איסר'ן דִיא הַאנְד — פֶערְצַייהָעט מִיר װָאס אִיךְ בֶּעאוּנְרוּהִיגֶע אַייךְ אִין אַזַא צֵייט.

עֶס מַאכְט נִיט אוֹיס הֶער גוסט — הָאט ווייספעלד גִיעֶנְטְפֶערְט דְרִיקֶענְד הֶערְצְלִיךְ הערמאנס הַאנְד — װָאס הֶערְט זִיךְ עֶפֶּעס? זַייט אִיר גִיוֶועןְ דָארְט וואו מַיין זוּן הָאט אַייךְ גֶעזָאגְט?

יָא אִיךְ בִּין גִיוֶוען, לֵיידֶער אָבֶּער הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעפוּנֶען דֶער װָאס אִיךְ הָאבּ גֶעזוּכְט, דָאס מֵיידִיל סארא בלאהוויס אִיז אֵיינֶע פוּן דִיא פֵייגֶעלַאךְ װָאס לָאזִין אִין זֵייעֶרֶע גֶעסְטִין אַרַיין אַזֶעלְכֶע פֵייגֶלֶען וִויא שטראהל אִיז. דָאס אִיז נִיט מַיין טָאכְטֶער, אוּנ יֶעצְט בְּלַייבְּט מִיר נוּר דָאס אֵיינֶע, אִיהְר זָאלְט זָא פְרַיינְדְלִיךְ זַיין אוּנ זָאלְט מִיר הֶעלְפִין דוּרְךְ דֶעם רֶעקְטָאר פוּן אוּנִיװֶוערְזִיטֶעט.

אַךְ מִיט דֶעם גְרֶעסְטִין פֶערְגֶענִיגֶען — הָאט ווייספעלד גִיעֶנְטְפֶערְט — נוּר אִיצוּנְד אִיז שׁוֹין שְׁפֶּעט, מָארְגִין פְרִיא װָעל אִיךְ גֶעווִיס זַיין בַּייא דֶעם רֶעקְטָאר אוּנ װָעל דֶעם פֶערְפְלוּכְטֶען סְטוּדֶענְט בַּאגְרָאבֶּען נַיין אֵיילִין אִין דֶער עֶרְד אַרַיין, זַייט זִיכֶער אַז אִיךְ װָעל אַייעֶר טָאכְטֶער רֶעטֶען פוּן זַיינֶע הֶענְד.

הֶער ווייספעלד! — הָאט הערמאן גֶעזָאגְט מִיט טְרֶעהְרֶענְדֶע אוֹיגִין — בִּיז מַיין לֶעצְטִין אוֹיגֶענְבְּלִיק װֶעל אִיךְ מִיט מַיין בְּרוֹיא פַאר אַייךְ גָאט בֶּעטִין, אָ רֶעטֶעט אוּנְז, מַאכְט דֶער בַּאנְדִיט זָאל הָאבִּין אַשְׁװַארְצִין סוֹף אוּנ מִיר זָאלִין קֶענֶען אוּנְזֶער אֵיינְצִיגֶע טָאכְטֶער צוּרִיק בֶּעקוּמֶען.

איר וֶועט זִיא בֶּעקוּמֶען, פֶערְלָאזְט זִיךְ אוֹיף מִיר, זִיצְט הֶער גוּסט וָועלִין מִיר טְרִינְקֶען צוּא זַאמֶען טֵייא.

אָה אִיךְ טְרִינְק יֶעדֶע מִינוּט גִיפְּט — הָאט הערמאן מִיט אַבִּיטָערֶע שְׁטִימֶע גֶעזָאגְט.

נוּא שְׁלָאגְט זִיךְ אַרוֹיס דִיא מָרָה שְׁחוֹרְדִיגֶע גֶעדַאנְקֶען לִיבֶּער פְרַיינְד, זַייט זִיכֶער אַז עֶס וָועט אַלֶעס רֶעכְט זַיין.

עֶר הָאט גִיגֶעבִּין אַקְלוּנְג אִין דֶער נָאלְדֶענֶעם גְלֶעקִיל וָואס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בַּייא אִים אוֹיף דֶעם טִישׁ אוּנ אַלְס דֶער בֶּעדִינְטֶער אִיז אַרַיין גֶעקוּמֶען, הָאט אִים ווייספעלד בֶּעפָאהְלֶען עֶר זָאל גֶעשְׁווִינְד אַרַיינְטְרָאגִין טֵייא.

הֶער גוּסט! הָאט ווייספעלד נָאךְ אַלַאנְגֶער פּוֹיזֶע גֶעזָאגְט — מִיא רֶעט מִיר אַשִׁידוּךְ מִיט אַיְיעֶרֶע אַבֶּעקַאנְטָע, אִיךְ גְלוֹיבּ אַז אִיר וֶועט מִיר זָאגִין אַלֶעס וָואס אִיךְ בַּאדַארְף וִויסֶען.

וֶועמֶען רֶעט מֶען אַשִׁידוּךְ אַייךְ אַלֵיין צוּ אַיְיעֶר זוּן?

נֵיין טַאקֶע מִיר אַלֵיין.

מִיט וֶועמֶען אִיז דָאס.

דֶער כַּלָה'ס פָאטֶער הֵייסְט קלמן מעקערוואלד אִיךְ ווַייס אַז אִיר קָאנְט דֶעם מְחוּתָּן, דֶער מְחוּתֶּנֶתְטֶע מִיט דֶער כַּלָה.

אַפְרַאגֶע צוּא אִיךְ קָאן זַייא. — הָאט הערמאן גִיעֶנְטְפֶערְט — אִיךְ הָאבּ מִיט מעקערוואלדען אֵיינִיגֶע יָאר גֶעהַאנְדֶעלְט, אוּנ מִיר זַיינֶען פוּן שְׁטֶענְדִיג אָן דִיא בֶּעסְטֶע גוּטֶע פְרַיינְד.

נוּא וָואס זֶע זָאגְט אִיר?

וָואס זָאל אִיךְ זָאגִין דֶער יִחוּס אִיז דָא זַייעֶר גְרוֹיס, גֶעלְט אִיז אוֹיךְ דָא אַסַךְ, דָאס מֵיידִיל אִיז אַבִּילְד שֶׁענֶעם מֶעדְכֶען נָאר...

נָאר וָואס? הָאט ווייספעלד נַייגֶעריג גֶעפְרֶעגְט.

נָאר פַאר אַייךְ אִיז דָאס קַיין שִׁידוּךְ נִיט.

וָוארוּם?

וַוייל אִיהר וֶועט מִיט דֶער כַּלָה נִיט קֶענֶען הַארְמָאנִירֶען, דֶען זִיא זוּכְט נָאר אַחָתָן אַיוּנְגֶען פְרַאנְט, נוּא אוּנ אִיר זַייט שׁוֹין אַנְ'עלְטֶערֶער מֶענְטְשׁ.

וֶוען זִיא אִיז אָבֶּער אַקְלוּג קִינְד בַּאדַארְף זִיא יַא וֶועלִין, וַוייל זִיא בַּאדַארְף פַארְשְׁטֵיין אַז פַאר מִיר וָועט זִיא פִיל גְלִיקְלִיכֶער לֶעבִּין אַלְס פַאר אַיוּנְגֶען סַארְלַאטַאן.

יַא אִיךְ צְוֵוייפְלֶע אִין דֶעם נִיט — הָאט הערמאן גִיעֶנְטְפֶערְט — נָאר אִיךְ פַארְשְׁטֵייא נִיט, אַז קוֹים רֶעט מֶען אַייךְ דֶעם שִׁידוּךְ אִיז דָאךְ אַבַּאוַוייז אַז עֶס גֵייט יַא אוֹיף אַלַאד.

עֶס קֶען גֵיין אוֹיף אַלַאד וֶוען אִיר זָאלְט נָאר וָועלִין.

וָוען אִיךְ זָאל וֶועלִין? הָאט הערמאן פֶערְוואוּנְדֶערְט גֶעפְרֶעגְט.

יַא אִיר זָאלְט אַרַיינְוַוארְפִין אַיינִיגֶע גוּטֶע וֶוערְטֶער, וָועט דָאס אַסַךְ מֶעהְר

ווירקען אַלס דיא פְּלוידֶערייעֶן פון אַלֶע שַׂדְכָנִים.

אַך אויב איהר פֶערלַאנְגְט דָאס פון מִיר, וָועל אִיךְ אַייךְ דָאס גֶעוויס טָאן.

איךְ פֶערלַאנְג דָאס פון אַייךְ הֶער נוסט — הָאט ווייספעלד גֶעזָאגְט אים עֶרְגֶרייפֶענְד בַּייא דֶער הַאנְד — דֶען דָאס מֵיידיל גיפֶעלְט מִיר זֵייעֶר, אונ איךְ יִויל טָאן דֶעם שִׁידוּךְ, דֶער פַאר וָועל איךְ פון אַייעֶרְט וֶועגִין טָאן וָואס איר וֶועט פֶערלַאנְגֶען.

איר הָאט אויף דֶעם מַיין עֶהרֶענְוָוארְט אַז איךְ וָועל אַלֶעס טָאן פון אַייעֶרְט וֶועגִין — הָאט הערמאן גיעֶנְטְפֶערְט.

אין דֶער מִינוּט הָאט זיךְ דיא טִיר גיעֶפִינְט אונ זוזאנא איז אַריין גֶעלָאפִין מִיט אַגְלִיקְלִיכֶעם גֶעזִיכְט, וִויא אַקְלֵיין קִינְד אִיז זיא צוא גֶעלָאפֶען צום פָאטֶער אונ הָאט עֶפֶּעס גֶעוָואלְט אָנְהויבִּין צוא רֵיידִין, נָאר זיא איז פְּלוּצִים בְּלַאס אונ עֶרְשְׁרָאקִין גֶעוָוארִין אַלְס זיא הָאט פַאר זיךְ דֶער זֶעהֶען הערמאן גוסט.

הערמאן איז אויךְ אויסֶער זיךְ גֶעוָוארִין אַלְס עֶר הָאט דָא דֶערזֶעהֶען סארא בלאהוויים, נָאר אַיידֶער עֶר איז צוא זיךְ גֶעקוּמֶען הָאט זוזאנא גֶעזָאגְט עֶטלִיכֶע וֶוערְטֶער וֶועלְכֶע הָאבִּין זיךְ נָאר נִיט גִיקְלֶעפְּט אַיינְס צום צְוֵויטֶען אונ איז צוּרִיק אַרויס גֶעלָאפִין.

וִויא קוּמְט צוא אַייךְ סארא בלאהוויים? הָאט הערמאן פֶערְוואוּנְדֶערְט גֶעפְרֶעגְט אַלְס זוזאנא איז אַרויס גֶעלָאפִין.

וָואס פַאר אסארא בלאוויים? — הָאט ווייספעלד פֶערְוואוּנְדֶרְט גֶעפְרָעגְט — דָאס איז דָאךְ מַיין טָאכְטֶער זוזאנא.

אַייעֶר טָאכְטֶער?

יַא דָאס איז מַיין טָאכְטֶער אִיךְ פַארְשְׁטֵייא נִיט וָואס אִיהר וואוּנְדֶערְט זיךְ דָא אַזויא.

אום גָאטֶעס ווילֶען! וָואס רֶעט איר? — הָאט הערמאן הֶעכְסְט עֶרְשְׁטוינְט גֶעזָאגְט, דָאס איז דָאךְ דיא סארא בלאהוויים וֶועלְכֶע איךְ הָאב גִיזֶעהֶען אין טשערקאסקין פערעאולאק אין גראססהעלדס הויז צוא זַאמֶען מִיט שטראהלען, עֶר הָאט זיא מִיר פָארְגֶעשְׁטֶעלְט אונ הָאט זיא גֶערוּפֶען מִיט דֶעם נָאמְמֶען סארא בלאהוויים.

זֶעהְט נָאר דָאס מוּז זַיין אַיין אִירְטְהוּם. — הָאט ווייספעלד גֶעזָאגְט עֶרְשְׁרָאקֶען.

זָא וַואר וִויא אִיךְ לֶעב אַז דָאס אִיז קֵיין אִירְטְהוּם נִיט — הָאט הערמאן גיעֶנְטְפֶערְט — איר הָאט דֶען נִיט בַּאמֶערְקְט וִויא זיא הָאט זיךְ עֶרְשְׁרָאקֶען אונ פַארְשֶׁעמְט פַאר מִיר, אִיךְ זָאג אַייךְ הֶער ווייספעלד, אַז דֶער פֶערְפְלוּכְטֶער סְטוּדֶענְט הָאט גֶעמוּזְט אַייעֶר טָאכְטֶער אויךְ פַאר פִיהְרֶען קוּקְט זיךְ נָאר גוּט אַרוּם.

איך מוז דיא זאך ריכטיג ערפאהרען — האט וויספעלד נעזאגט אויפשטייענד פון ארט, איך וועל אריינגיין צוא מיין טאכטער אונ וועל אויס פארשין דיא זאך גוט.

# יט.

## איינע עקעלהאפטע ליבעס ערקלערונג.

ווערענד וויספעלד מיט הערמאנען האבין דעם לעצטין אונאנגענעהמען געשפרעך געפיהרט, איז ביא זוזאנאן אין צימער איין אנדער סצענע פאר געקומען, דארט איז גיזעסין אונזער בעקאנטע דעבארא נעבען אטישעל העכקט אונמוטהיג אונ טרויעריג, זיא איז נאר וואס געקומען אהער מיט זוזאנאן וועלכע האט זיא פון סאפיא'ס הויז צוא זיך אין צימער געפיהרט, זוזאנא האט געוואלט מעלדען דעם פאטער אז איהרע אפריינדין מוז ביא איר אין צימער מיט איר צוזאמען איינינע טעג וואוינען, אונ האט דא געלאזט דעבוראן אליין, זיא האט זיך געזעצט נעבען טישעל אונ האט זיך פערזונקען אין איהרע טרויעריגע געדאנקען אלס דיא טיהר האט זיך פלוצים גיעפינט אונ מארק איז אריינגעקומען, ער איז שטארק איבעראשט געווארין אלס ער האט דא דערזעהען פלוצים דעם ענגעל וועגין וועלכין ער פאנטאזירט אזויא לאנג, נאר ער האט באלד צוריק זיין מוטה בעקומען, אונ האט זאנפט געפרעגט: מיין שוועסטער איז דא ניטא?

פריילין זוזאנא איז אייער שוועסטער? — האט גיענטפערט דעבארא וועלכע האט זיך אנפאנגס ערשראקין פאר דעם עקעלהאפטען יונגען מאן — זיא איז נאר וואס ארויס געגאנגען, אונ זיא וועט דיא מינוט צוריק קומען.

דאס איז זייער ניט ארדענטליך פון מיין שוועסטער, וואס זיא לאזט אירע געסט זיצען אליין — האט מארק שמייכלענד געזאגט.

זיא האט גיבעטין אויף דעם ביא מיר ערלויבניס, אונ איך האב דאס איר ערלויבט האט דעבארא אויך מיט אפריינדליכען שמייכיל גיענטפערט.

קאן איך פרעגין מיט וועמען איך האב דיא עהרע צוא שפרעכין? — האט מארק נאך אקורצער פויזע געפרעגט.

איך הייס סארא בלאהוויים.

עס פרייעט מיר זייער איהנען צו קענען — האט מארק געזאגט רייכענד איהר זיין האנד — איך בין זוזאנאס ברודער מארק וויספעלד.

זעהער אנגענעהם! — האט דעבארא גיענטפערט דריקענד זיין האנד. מארק האט זיך געזעטצט נעגען איהר. אונ זיין הערץ האט אין איהם שטארק געקלאפט פון דעם גרויסין גליק וואס האט איהם זא אונערווארטעט געטראפין. ער זאל ביא זיך אין שטוב זעהען דער שיינער סארא בלאהוויים,

וָוענִין װֶעלְכֶער עֶר הָאט אַזוֹי פִיל פַאנְטַאזירְט.

פְּלוּצִים אִיז זוזאנא אַריינְגֶעלָאפִין בְּלַאס אוּנ הֶעכְסְט עֶרְשְׁרָאקֶן.

דעבארא! טְהַייעֶרֶע דעבארא! — הָאט זיא גֶעזָאגְט צוּ לֵייפֶענְד צוּ דֶער עֶרְשְׁרָאקֶענֶער דעבארא וָועלְכֶע אִיז פוּן איהר אָרְט אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען — אייעֶר פָאטֶער אִיז דָא בַּייא אוּנְז אִין הויז.

מַיין פָאטֶער אִיז דָא? — הָאט דעבארא הֶעכְסְט עֶרְשְׁרָאקֶען אַנְגֶעשְׁרֵייא גֶעשְׁטָאהְן — מַיין גָאט וָואס זָאל אִיךְ אִיצוּנְד טָאהְן. עֶר אִיז גֶעוִויס גֶעקוּמֶען אַהֶער מִיר זוּכֶען.

דוּא בִּיזְט אוֹיךְ דָא מארק? — הָאט זוזאנא גֶעזָאגְט אַלְס זיא הָאט דֶעם בְּרוּדֶער דֶערְזֶעהֶן — גוּט! דוּא קָאנְסְט אוּנְז בֶּעהִילְפִיג זַיין. נֶעם אַריין דִיא פְרַיילִין גוסט אִין דַיין צִימֶער אוֹיף אֵיין שְׁטוּנְדֶע. דוּא הֶערְסְט?

אַךְ מִיט דֶעם גְרֶעסְטֶען פֶערְגֶענִיגֶען — הָאט מארק גִיעֶנְטפֶערְט אוּנ עֶר וַואר וִויא בֶּערוֹישְׁט פוּן דֶער נַאכְרִיכְט אַז דִיא שֵׁיינֶע פְרַיילִין אִיז הערמאן גוסט׳ס טָאכְטֶער — בִּיטֶע עֶדְלֶע פְרַיילִין!

גֵייט לִיבֶּע דעבארא — הָאט זוזאנא גֶעזָאגְט — גֵייט מִיט מַיין בְּרוּדֶער אַריין צוּ אִיהם אִין צִימֶער. דָארְט וֶועט איהר זִיטְצֶען בִּיז אַייעֶר פָאטֶער וֶועט אַוֶועקְפָאהְרֶען. אִיךְ וִויל זָאגִין בִּיז עֶר וֶועט אַוֶועקְגֵיין פוּן דַאנֶען.

אִיךְ גֵייה! — הָאט דעבארא גִיעֶנְטפֶערְט אוּנ אִיז גֶעשְׁווִינְד מִיט מארקן אַרוֹיס גֶעלָאפִין.

זוזאנא הָאט זִיךְ עֶרְשְׁט נָאךְ דעבאראס אַרוֹיסְגַאנְג אַוֶּועק גֶעטָאהְן אוֹיף דָער זָאפֶע אוּנ הָאט זִיךְ בִּיטֶער צוּ וֵויינְט. זיא הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז דִיא קְלֵיינֶע רָאלֶע פוּן סארא בלאהוויים וָואס זיא הָאט אֵיינִיגֶע מִינוּטֶען גֶעשְׁפִּילְט וֶועט איהר פִיל עַגְמַת נֶפֶשׁ מַאכִין.

עֶס הָאט לַאנְג נִיט גִיוֶוערְט אוּנ זיא הָאט עֶרְהֶערְט נֶעבֶען טִיהְר דֶעם פָאטֶערְס טְרִיט אַלֶע גְלִידֶער הָאבִּין אִין איהר גֶעשׁוּידֶערְט. זיא הָאט גֶעשְׁווִינְד אִיהְרֶע טְרֶערִין אָפְּגֶעווִישְׁט אוּנ הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט נֶעבֶּען אַבוּךְ.

דִיא טִיהר הָאט זִיךְ גִיעֶפִינְט אוּנ אִיסר ווייספעלד אִיז אַריינְגֶעקוּמֶען.

דוּא זָאלְסְט מִיר זָאגִין דִיא וַוארְהַייט זוזאנא. וָואס אִיז דָא פַאר אַגֶעשִׁיכְטֶע? — הָאט עֶר גֶעזָאגְט שְׁטְרֶענְג צוּ גֶעהֶענְד צוּ דֶער עֶרְשְׁרָאקֶענֶער טָאכְטֶער. — וִויא קוּמְסְטוּ צוּ דֶעם סְטוּדֶענְט שְׁטראהל. אִין אַזַא פֶערְוָוארְפִין אָרְט אוּנ אִין אַזַא צַייט אוּנְטֶער דֶעם נָאמֶען סאראה בלאהוויים. דוּא זֶעהְסְט שׁוֹין אַז אִיךְ ווייס אַלְס אוּנ דִיר וֶועט דָאס לַייקֶענֶען זִיךְ גָאר נִיט הֶעלְפִין.

אִיךְ וֶועל זִיךְ גָאר פַאר דִיר נִיט לַייקֶענֶען פָאטֶער — הָאט זוזאנא גִיעֶנְטְפֶערְט — דֶען אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעטָאן אַזַא זִינְד אִיךְ זָאל מִיךְ בַּאדַארְפִין לַייקֶענֶען.

זיא הָאט עֶרְצֶעהלְט דֶעם פָאטֶער דִיא גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע אוּנ דִיא רֵיינֶע וַוארְהַייט. אוֹיסֶער דָאס וָואס דעבארא אִיז יֶעצְט דָא הָאט זיא איהם נִיט עֶרְצֶעהלְט.

ווייספע״לד הָאט ״ייפֶ״רְזַאה אוֹיסְגֶיהֶערְט אִיהרֶע רֵייד. אוּנ אַלְס זיא

האט

האָט גיגעֶנדינְט האָט עֶר גועֶזאָגְט: דוּא בִּיזְט וִוירְקְלִיךְ דָא גָאר נִיט שׁוּלְדִיג. דוּא בִּיזְט נִיט מֶעהר וִויא אַנאַרִים קִינְד. שׁוּלְדִיג אִיז דָא דֶער פֶּערְפְלוּכְטֶער הוּנְד שְׁטראהל. אוּם זַיין צִיעֶל צוּ עֶרְרֵייכֶען הָאט עֶר זִיךְ בֶּענוּצְט מִיט דַיין עֶהרֶע. אוּנ דָאס וֶועט אִיהם נִיט גֶעשֵׁיינְקְט וֶוערִין. אִיךְ וֶועל מִיךְ מִיט אִיהם אָפְּרֶעכֶענֶען וִויא מֶען בַּאדַארְף.

אָ פָּאטֶער! טוּה דָעם אָרְמֶען סְטוּדֶענְט קֵיין שְׁלֶעכְטֶס נִיט — הָאט זִיךְ זוזאנא גִיבֶּעטִין — עֶר הָאט דָא קֵיין שְׁלֶעכְטֶס נִיט גֶעמֵיינְט.

דָאס מֵיינְסְט דוּא אַזוֹי. וַוייל דוּא בִּיזְט אַנַארִישׁ קִינְד. אִיךְ וֵוייס אָבֶּער אַז עֶר הָאט דַיין עֶהרֶע אוּנ מַיין כָּבוֹד גֶעאָפְּפֶערְט צוּלִיבּ זַיין טוֹבָה. עֶר הָאט דָאךְ פֶערְשְׁטַאנֶען אַז דָאס מֵיידִיל וֶועלְכֶע זִיצְט מִיט אִיהם אִין אֵיין צִימֶער אִין אַפֶּערְוָוארְפֶּענֶער גַאס. דִיא קָאן קֵיין שֵׁיינֶעם נָאמֶען נִיט הָאבִּין. אִיךְ וֶועל אִיהם ווייזין דֶעם שְׁלֶעפֶּער וָואס הֵייכְט שְׁמוּטְצֶען מַיין עֶהרֶע. אוּנ דִיר פֶערְזָאג אִיךְ דוּא זָאלְסְט וַוייטֶער אַזֶעלְכֶע נַארֶעשְׁקַייט נִיט טָאהן. גֶענוּג קְרֶעפְּטִין וֶועט מִיךְ קָאסְטִין בִּיז אִיךְ וֶועל אָפְּווישֶׁען דֶעם פְלֶעק וָואס דוּא הָאסְט גֶעמַאכְט אִין דַיין אוּנ אִין מַיין נָאמֶען, מִיט דַיין אִיצְטִיגֶער נַא־עֶשְׁקַייט.

מִיט דִיא וֶוערְטֶער אִיז ווייספעלד אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן זַיין טָאכְטֶערְס צִימֶער.

זוזאנא אִיז גֶעבְּלִיבֶּען וִויא פוּן דָאנֶער גֶעשְׁלָאגִין זִיצֶען אוֹיף אִיהר אָרְט. דֶעם פָּאטֶערְס וֶוערְטֶער וַואר פַאר אִיהר אַנְ'אוּגֶערְטְרֶעגְלִיכֶער קְלַאפְּ. זִיא הָאט אִיהם גוּט גֶעקָאנְט. זִיא הָאט גֶעוואוּסְט אַז עֶר קָאן שטראהלען צוּ קְוֶועטְשִׁין וִויא אַפְּלִיג. זִיא אִיז וִויא גֶעיָאגְט פוּן שְׁלֶעכְטֶע גַייכְטֶער אַהִיבֶּשֶׁע צַייט אַרוּם גֶעלָאפִּין אִיבֶּער דֶעם צִימֶער זִיא הָאט זִיךְ קֵיין רַאטְה נִיט גֶעקָאנְט גֶעבִּין וָואס זִיא זָאל דָא טָאהן וָואס פַאר אַמִיטְלֶען זִיא זָאל גֶעבְּרוֹיכֶען אִיהר גֶעלִיבְּטֶען שטראהלען צוּ רֶעטֶען זִיא הָאט זִיךְ גִינוּען בֶּעשְׁלָאסֶען אַרַיינְלֵייפִין צוּם פָּאטֶער בֶּעטִין אִיהם אוֹיף דִיא קְנִיא עֶר זָאל רַחֲמָנוּת הָאבִּין אוֹיף דֶעם אָרְמֶען סְטוּדֶענְט, אוּנ זָאל אִיהם קֵיין שְׁלֶעכְטֶס נִיט טָאהן. זִיא הָאט זִיךְ אָבֶּער בַּאלְד בִּירֶעכִינְט אַז זִיא וֶועט מִיט אַזַא גַאנְג נָאךְ מֶעהר דֶעם פָּאטֶער עֶרְצִירְנֶען, אוּנ דַאדוּרְךְ קָאן זִיא שטראהלן נָאךְ מֶעהר שַׁאדִין. עֶנְדְלִיךְ הָאט זִיא זִיךְ בְּעשְׁלָאסִין. זִיא זָאל זָאגִין שטראהלן עֶר זָאל וָואס צוּם גִיכְסְטֶען אַנְטְלֵייפִין פוּן דֶער שְׁטָאט. אוּנ בַּייא דֶעם גֶעדַאנְק אַז שטראהל וֶועט מוּזֶען אַוֶועק פָאהרִין פוּן דַאנֶען. אוּנ זִיא וֶועט אִיהם שׁוֹין נִיט מֶעהר זֶעהֶען הָאט אַלֶע אִיהרֶע גְלִידֶער עֶרְצִיטֶערְט.

זִיא הָאט זִיךְ פְּלוּצִים דֶערְמָאהְנְט אַז, דעבארא הָאט זִיא אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט צוּ אִיהר בְּרוּדֶער אִין צִימֶער אַרַיין. זִיא אִיז גֶעשְׁווִינְד אַרַיין גֶעלָאפִּין צוּ מארקען אִין צִימֶער. קוֹים הָאט זִיא אוֹיף דֶעם שְׁוֶועל אַרוֹיפְגֶעטְרָאטִין הָאט זִיא עֶרְשְׁטוֹינְט אוּנ עֶרְשְׁרָאקֶען אַגֶעשְׁרַייא גֶעטָאהְן. זִיא הָאט גֶעטְרָאפֶען אִיהר בְּרוּדֶער אוֹיף דִיא קְנִיא פַאר דעבארען. אוּנ דעבארא אִיז גֶעשְׁטַאנֶען עֶרְשְׁטָאוּנְט מִיט בְּרֶאהֶרֶענְדֶע אוֹיגִין אִין מִיטֶען צִימֶער וִויא אֵיינֶער וֶועלְכֶער שְׁטֵייהְט צְווִישֶׁען צְווייא פְלַאמֶענְדֶע פַייעֶרִין אוּנ וֵוייס נִיט וִויא אַזוֹי זִיךְ צוּ רֶעטִין.

אונזערע לעזער איז שוין עטוואס בעקאנט מארקס כאראקטער. ער איז גיוועזן פון דיא ליידענשאפטליכע יונגע מענטשין וואס האבין נור געוואלט געניסען דיא זיסקייט פון לעבין. דיא יונגע לייט וואס זייער איינציגע טהעמע איז נור פערברייגגען דיא צייט אין פערגעניגען. אונ זייער פערגעניגען בעשטייהט אלס אין אזעלכע זאכין וואס פיהרען דעם מענטשין אראפ פון גראדען וועג. אונ ווארפין איהם ענדליך אריין אין אזא זומפף פון וועלכין ער קאן שוין נימאלס ארויסקריכין.

מארק האט בעשטענדיג פערבראכט דיא צייט אין שפילען אין קארטין אונ טרינקען אונ אין ליבעס. אונ דיא אלע דרייא זאכין ווארין דיא אורזאכע פון זיין בלייכעס געזיכט אונ פון זיין שוואכען קערפער. זיינע ליבעס ווארין דיא בעקאנטע שענדליכע ליבעס וועלכע מען בעגעגינט אויף דיא באלוואריו אונ אין דיא פארווארפענע גערטנער אונ וועלדער. ער האט אפילו ניהערט ערציילין פון אזעלכע ליבעס וועלכע בעגליקען אדער פערגליקען ארדענטליכע מענטשין. נור פון דער ארט ליבע האט ער קיין בעגריף ניט געהאט. זיין קאמעראד דאנילא (זיין מוטערס אפלעמיאניק) האט אויסגעריסען פון זיין הערצין דיא לעצטע ווארצלען פון דער טוגענד (ארדענטליכקייט) דען פון מארקס פערדארבענהייט האט ער אפעט בייגדיל בעשטענדיג אפגעלעקט.

דעבארא איז מארקען געפעלין געווארין פון דעם ערשטין אויגענבליק וואס ער האט זיא דערזעהען. אזוי וויא אונז איז שוין בעקאנט. אונ ער האט געזוכט דיא געלעגענהייט זיך מיט איהר צו בעקאנען. יעצט אז דער צופאל האט זיא געבראכט צו איהם אין צימער האט ער געמיינט אז ער האט שוין ערלייכט זיין ציל. ער האט אין דיא ערשטע צעהן מינוט נאך איהר העראיינקאמען צו איהם זיך ניט גישעמט אונ האט זיא געוואלט בעגליקען מיט אקוש. ער איז אבער ערציטערט געווארין אלס דעבארא האט איהם שטרייגג בעפעהלין ער זאל ניט צוגיין צו איהר. ער האט גיהערט ערציילען אז פאר אגעליבטער באדארף מען פאלין פלוצים אויף דיא קניא. האט ער דאס מקיים גיוועזן אונ איז אויף דיא קניא געפאלין. ער האט דאבייא געשווארין אז ער האט זיא ליב אונ ער וועט זיך שיסען אדער הייגגען ווען זיא וועט איהם ניט ליב האבין.

מען קאן זיך לייכט פארשטעלען דעבאראס לאגע. זיא איז אין אפרעמדע שטוב אונ זיא ווייס אז דער פאטער איז דא, אונ ער וויל זיא שיידען פון דעם מענטשען וואס איהר זעלע איז אן זיינער פערבונדען. אונ פלוצים איז זיא נאר אריינגעפאלין צו אדומען כאראקטערלאזען יונג אין דיא הענד אריין.

אלס זיא האט דער זעהען זוהאנען. האט זיא זיך ערפרייט וויא זיא זאל דערזעהען ארעטענדען ענגעל. זיא איז איהר געפאלין אויף דעם האלז אונ האט גיטערע טרערין פערגאסין.

# ב.

## צוויא ערשראקענע פערברעכער.

איך האב דיא עהרע פאר אייך מיינע לעזער פארצושטעלין דיא מאדאם קלארא מעקערוואלד מיט איהר טאכטער עוגעניע.

דיא מאדאם מעקערוואלד איז איינע בעטאגטע פרויא פון אונגעפעהר 50 יאהר אשיינע דיקע פרויא מיט אפריינדליך געזיכט. דיא עלטער האט וועניג געווירקט אויף איהר שיינקייט, זיא האט נאך אויף זיך געטראגין דיא יוגענדליכע פארב. איהר טאכטער עוגעניע איז אמעדכען פון אונגעפעהר צוואנציג יאהר. איינע שלאנקע רייצענדע בלאנדינע. מיט פייערינע בלויע אויגען.

זייא זיטצען יעצט ביידע אין איין עלעגאנט פערפוצטען זאל, עוגעניע לעזט אבוך, אונ דיא מוטער שטעהט אין פענסטער אונ קוקט ארויס אין דער רוישענדער שטראסע.

— וואס באדייט דאס וואס דיא מאדאם גוסט איז נאך ניט געקומען? — האט דיא מוטער געזאגט צו דער טאכטער.

דער זייגער איז יעצט צעהן — האט עוגעניע גיענטפערט אקוקטאנדיג אויף איהר קליינעם גאלדענעם אוהר — אונ זיא האט פערשפראכען צו קומען עלף.

דוא זעהסט האטש עוגעניע. מיר האבין געמיינט זיטצענד אין מאדאר אז דא אין אניר וועט אונז זיין פרייליכער. ערשט דא איז זייער סקוטשנע. איך וואלט שוין גערין דערלעבט מיר זאלין זיין צוריק אין דער היים. דאס איז נאך אגליק דאס גראדע איצונד איז אויך הערמאן מיט זיין פרויא דא. ווען ניט זייא וואלט איך דא מעלאנכאליש געווארין אויס דער בעשטענדיגער איינזאמקייט.

דא איז ווירקליך זייער סקוטשנע — האט עוגעניע גיענטפערט.

אין דער מינוט האט מען גיגעבין אקלאפף ביידא זייא אין טיר.

אנטרייא! — האט קלארא אגעשרייא געטאן.

דיא טיהר האט זיך גיעפינט, אונ פעפעל איז ארין געקומען, ער האט זיך פערביינגט נאך דער לעצטער מאדע, אונ האט געזאגט: איך האב מיך דיא עהרע פאר צוא שטעלען, איך הייס ישראל פעפעל דער געוויסער לאנד שדכן.

זייער אנגענעהם! — האט קלארא קאלט גיענטפערט — וואס האט איר עפעס געוואלט זאגין,

דוכט זיך מיין טיטעל אליין „דער געוויסער לאנד שדכן“ ערצעהלט דייטליך וועגין וואס איך בין צוא אייך געקומען, האט פעפעל לאבענד גיענטפערט,

דאס הייסט איר זייט געקומען ריידין מיין טאכטער אשידוך.

איר האט געטראפין.

עווגעניא הָאט אוֹיף אִים אַקוּק גֶעטָאהן אוּנ וִויא אַשְׁמֵייכֶל אִיז אִיבֶּער אִיהְרֶע שֵׁיינֶע לִיפֶּען דוּרְךְ גֶעגַאנְגֶען , זִיא הָאט בַּאלְד אִיהְרֶע אוֹיגֶען צוּרִיק אִין דֶעם בּוּךְ אַרָאפּ גֶעלָאזְט , פּוּנְקְט וִויא נִיט וֶוענְן אִיהר גֵייט דָא דִיא רֶעדֶע .

זִיצְט ! — הָאט קלארא פְּרַיינְדְלִיךְ גֶעזָאגְט צוּם שַׁדְכָן — לָאמִיךְ הֶערִין וָואס פַאר אַשִׁידוּךְ אִיר הָאט פַאר מַיין טָאכְטֶער גֶעבְּרַאכְט .

אִיזְט עֶרְלוֹיבְּט בַּייא אַיךְ צוּא רֵייכֶערִין ? הָאט פֶּעפֶעל גֶעפְּרֶעגְט זִיךְ זֶעטְצֶענְד .

יַא אִיר קָאנְט רוֹיכֶערִין — הָאט קלארא גִיעֶנְטְפֶערְט .

פֶּעפֶעל הָאט פֶערוֹיכֶערְט אַפַּאפִּירָאס , אוּנ הָאט נַאכְהֶער גֶעזָאגְט : אִיךְ הָאבּ פַאר אַייעֶר טָאכְטֶער זֵייעֶר פִיל שִׁידוּכִים , מִיט סְטוּדִירְטֶע , גְבִירֶעשֶׁע , הֶעכְסְט אַרִיסְטָאקְרַאטִישֶׁע יוּנְגֶע לַייט , נָאר אִיךְ בִּין נִיט פוּן דִיא יוּדִישֶׁע שַׁדְכָנִים וָואס זַיינֶען בַּייא אַשִׁידוּךְ אוֹיסֶען נָאר דִיא עֶטְלִיכֶע קֶערְבְּלַאךְ שַׁדְכָנוֹת גֶעלְד , אוּנ צוּא לִיבּ דֶעם פֶערְדִינְסְט אִיז בַּייא זַייא רֶעכְט אוּנְגְלִיקְלִיךְ מַאכִין צְוַוייא יוּנְגֶע מֶענְטְשִׁין , נֵיין ! אִיךְ בִּין אַזַא מֶענְטְשׁ וָואס וִויל אַז דִיא פֶערְזָאנֶען וֶועלְכֶע עֶר פַארְבִּינְדֶעט זָאלִין אִים זֵייעֶר גַאנְץ לֶעבֶּען דַאנְקֶען .

דִיא פָארְרֶעדֶע אִיז אִיבֶּערִיג — הָאט קלארא גֶעזָאגְט אוּנְגֶעדוּלְדִיג — זָאגְט בֶּעסֶער וָואס פַאר אַשִׁידוּךְ אִיר הָאט פַאר מַיין טָאכְטֶער גֶעבְּרַאכְט .

אִיךְ רֵייד נִיט קֵיין פָארְרֶעדֶעס מַאדַאם , אִיךְ רֶעכִין דָאס נָאר פַאר מַיין שׁוּלְדִיגְקַייט אִיךְ זָאל זִיךְ פָארְשְׁטָעלֶען מִיט מַיינֶע מַעֲלוֹת אוּנ חֶסְרוֹנוֹת כְּדֵי מִיא זָאל הָאבִּין צוּא מִיר צוּטְרוֹיעֶן .

נָאךְ מַיין מֵיינוּנְג בַּאדַארְף מֶען נָאר צוּא דֶעם שַׁדְכָן קֵיין צוּטְרוֹיעֶן נִיט הָאבֶּען — הָאט קלארא גֶעלַאכְט — דֶען וֶוער פֶערְלָאזְט זִיךְ דָאס אוֹיף אַשַׁדְכָן אַלֵיין אוּנ פְרֶעגְט זִיךְ גֶענוֹיא נִיט נָאךְ אוֹיף דֶער פַּארְטֵייא וָואס עֶר שְׁטֶעלְט פָאר .

יַא אִיר רֶעט זֵייעֶר פְּרַאקְטִישׁ , נָאר וֶוען דֶער שַׁדְכָן אִיז נִיט קֵיין אָרְדֶענְטְלִיכֶער מַאן , גֶעפִינְט עֶר שׁוֹין מִיטְלֶען וִויא אַזוֹיא צוּא פַארְבְּלֶענְדֶען דִיא אוֹיגִין פוּן דִיא מְחוּתָנִים זַייא זָאלִין נִיט זֶעהֶען אִין וָואס פַאר אַבְּלָאטֶע עֶר פַארְשְׁלֶעפְּט זַייא .

נוּא ! נוּא ! זָאל שׁוֹין זַיין אַזוֹיא וִויא אִיר זָאגְט , נָאר לָאמִיךְ שׁוֹין הֶערִין וָואס פַאר אַשִׁידוּךְ אִיר הָאט גֶעבְּרַאכְט פַאר מַיין טָאכְטֶער .

אַיילְט זִיךְ נָאר נִיט אַזוֹיא מַאדַאם , — הָאט פֶּעפֶעל גִיעֶנְטְפֶערְט קָאלְט רוֹיכֶענְד זַיין פַּאפִּירָאס — אִיךְ בִּין שׁוֹין אַשַׁדְכָן זַייט דְרַייסִיג יָאר , אוּנ הָאבּ דַארוּם זֵייעֶר פִיל פְּרַאקְטִיק גֶעהַאט , אִיךְ הָאבּ עֶרְפָאהְרֶען אֵיין זַאךְ וָואס אִיז זֵייעֶר וִויכְטִיג , דָאס מוּזֶען וִויסֶען אַלֶע טַאטֶעס מִיט אַלֶע מַאמֶעס וָואס הָאבֶּען טֶעכְטֶער , אַז מִיא זָאל אַטָאכְטֶער קֵיין מָאהל נִיט גֶעבִּין אַיוּנְגֶען מַאן

אַנייעֶ לָאנִיק — הָאט קלארא גֶעזָאגְט לַאכֶענְד.

לַאכְט נִיט דֶער פוּן מַאדַאם, אִיךְ רֵייד דָאס פְּרַאקְטִישׁ — הָאט פעפעל גֶעזָאגְט — אִיר וֵוייסְט דָאךְ מִסְתָּמָא אַז דִיא פְּרוֹיא וֶוערְט זַייעֶר גִיךְ אַלְט, אוּנ וֶוען זִיא הָאט חֲתוּנָה מִיט אַיוּנְגֶען מַאן אוּנ אִירֶע יָארִין קוּמְט שְׁפֶּעטֶער אוֹיס אַז אַיין אַלְטֶע פְּרוֹיא הָאט אַיוּנְגֶען מַאן, נוּא אוּנ דָאס פַארְשְׁטֵייט מֶען שׁוֹין אַז דִיא הַיינְטִינֶע יוּנְגֶע לַייט ווילֶען הָאבֶּען יוּנְגֶע פְּרוֹיעֶן, אוּנ דַאדוּרְךְ וֶוערְט זַייעֶר לֶעבִּין פַארְבִּיטֶערְט, וֶוען אָבֶּער אַמֵיידִיל נֶעמְט אַיין עֶלְטֶערֶען מֶענְטְשִׁין, צִיטֶערְט עֶר אִיבֶּער אִיהר וִויא אִיבֶּער אַבַּת יְחִידָה, אוּנ זֵייא לֶעבִּין זִיךְ זַייעֶר גְלִיקְלִיךְ.

נוּא אִיךְ פַארְשְׁטֵייא דָאךְ־שׁוֹין אַז אִיר ווִילְט מַיין טָאכְטֶער רֵיידִין אַשִׁידוּךְ מִיט אַנ׳עֶלְטֶערִין מֶענְטְשִׁין — הָאט קלארא נֶעזָאגְט — זָאגְט שׁוֹין אַמָאל וֶוער אִיז דָאס דֶער חָתָן.

אִיר זַייט אַחֲכָמָה בְּנֶאֱמָנוּת! — הָאט פעפעל לַאכֶענְד גֶעזָאגְט — אִיךְ וִויל אִיר מַאקֶע רֵיידִין מִיט אַנ׳עֶלְטֶערִין מֶענְטְשִׁין, אַיוּד אַגְבִיר מִיט אַנָאמֶען, זִיא וֶועט פַאר אִים דִיא גְלִיקְלִיכְסְטֶע זַיין.

אוּם גָאטֶעס ווילֶען זָאגְט שׁוֹין וֶוער אִיז דָאס אַייעֶר חָתָן?

אִיר קֶענְט אִים זַייעֶר גוּט עֶר הֵייסְט איסר ווייספעלד.

וָואס? מִיט איסר ווייספעלד רֶעט אִיר מַיין טָאכְטֶער? — הָאט קלארא צָארְנִיג אַגֶעשְׁרֵייא גֶעטָאן — אִיר הָאט נִיט גֶעפוּנֶען פוּן וֶועמֶען חוֹזִיק צוּא מַאכִין? גֵייט אַייךְ גֶעזוּנְטֶער הֵייט מִיט אַייעֶרֶע שִׁידוּכִים.

בַּארֶעכִינְט זִיךְ גוּט מַאדַאם אִיר וֶועט מִיר בְּנֶאֱמָנוּת דַאנְקֶען.

זָאלִין אַייךְ אַנְדֶערֶע דַאנְקֶען אוּנ גֵייט אַייךְ גֶעזוּנְטֶער הֵייט.

נוּא אִיךְ גֵייא — הָאט פעפעל קַאלְט גִיעֶנְטְפֶערְט — אוּנ אִיךְ וֵוייס אַז אִיהר וֶועט זִיךְ אַלֵיין בַּארֶעכֶענֶען אוּנ וֶועט פַארְשְׁטֵיין אַז פַאר אַייעֶר טָאכְטֶער אִיז אַזַא שִׁידוּךְ אַגְלִיק, אִיךְ וֶועל צוּא אַייךְ אִין אָבֶענְד אַרַיין גֵיין נָאךְ אַתְּשׁוּבָה, אוּנ מִיט דִיא וֶוערְטֶער אִיז פעפעל גֶעשְׁווינְד אַרוֹיס גֶעלָאפִין פוּן שְׁטוּבּ.

וָואס זָאגְסְטוּ פָארְט צוּא דֶעם בַּאלְוַואן? — הָאט קלארא גֶעזָאגְט צוּא דֶער טָאכְטֶער אַלְס פעפעל אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען.

אִיךְ הָאבּ בַּאלְד עֶרְקֶענְט נָאךְ דֶעם פִּיק וָואס פַאר אַנ׳אִינְדִיק דָאס אִיז — הָאט עווגעניע־לַאכֶענְד גִיעֶנְטְפֶערְט — אִיךְ וָואלְט אִים גָאר נִיט גֶעלָאזְט רֵיידִין אַיין וָוארְט.

אִיךְ הָאבּ ווִירְקְלִיךְ גֶעטָאהן אַפֶּעהְלֶער וָואס אִיךְ הָאבּ אִים גֶעלָאזְט רֵיידֶען — הָאט קלארא צָארְנִיג גֶעזָאגְט — דָאס אִיז אַהָאזֶע פוּן אַקְלוֹיזְנִיק, רֵיידִין דִיר אַשִׁידוּךְ מִיט אַיין אַלְטִין מַאן, נָאר זֶעה עווגעניע דוּכְט זִיךְ דָארְט גֵייט הערמאן מִיט זַיין פְּרוֹיא — הָאט זִיא פְּלוּצִים גֶעזָאגְט אַקוּקְקֶאנְדִיג אִין פֶענְסְטֶער.

יַא דָאס זֵיינֶען זֵייא — הָאט עוונעניע גִיעֶנְטְפֶערְט צוּא גֶעהֶענְד צוּם פֶּענְסְטֶער .

אִין אֵיינִיגֶע מִינוּטִין אַרוּם הָאט זִיךְ דִיא טִיר גִיעֶפִינט אוּנ הערמאן מִיט מאריאן זֵיינֶען אַרַיינְגֶעקוּמֶען .

לַאנְג לֶעבִּין זָאלְט אִיר וָואס אִיר זַייט גֶעקוּמֶען לִיבֶּע פְרַיינְד — הָאט דִיא מַאדַאם מעקערוואלד גֶעזָאגְט פְרַיינְדְלִיךְ זַייא עֶנְטְגֶעגֶענְקאמֶענְד — אוּנְז אִיז אַזוֹיא אוּנְמוּטְהִיג אַז מִיר קָאנֶען גָאר דִיא אֵיינְזַאמְקֵייט נִיט עֶרְטְרָאגִין .

עֶס אִיז פִּיל בֶּעסֶער עֶס זָאל זַיין אוּנְמוּטְהִיג אַלְס הָאבִּין אַזֶעלְכֶע צָרוֹת וויא מִיר הָאבִּין — הָאט הערמאן זִיפְצֶענְד גִיעֶנְטְפֶערְט .

יַא אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעוָואלְט פְרֶעגִין וָואס הֶערְט זִיךְ עֶפֶּעס בַּייא אַייךְ ? — הָאט קלארא גֶעפְרֶעגְט .

וָואס זָאל זִיךְ הֶערִין — הָאט מאריא גִיעֶנְטְפֶערְט — דֶערְוַוייל הָאבִּין מִיר נוּר שְׁמֶערְצִין אוּנ לֵיידֶען .

אִיר הָאט זִיא טַאקֶע נִיט גֶעפוּנֶען ?

נֵיין קֵיין שְׁפּוּר אִיז פוּן אִיר נִיטָא .

דֶער מֶענְטְשׁ וֵויים גָאר נִיט וִויא נָאט צוּא דַאנְקֶען וֶוען עֶר זִיצְט רוּהִיג אוּנ הָאט קֵיין עָגְמַת נֶפֶשׁ נִיט — הָאט קלארא גֶעזָאגְט — אִיר גֶעדֵיינְקְט מַאדַאם נוסטט אַז מִיר זַיינֶען גִיזֶעסִין פָארִיגֶען זוּמֶער אִין דֶער דַאצֶיֶע , מִיר זַיינֶען גִיזֶעסִין וִויא פֵייגְלַאךְ אִין אַנֶעסְט , רוּהִיג גְלִיקְלִיךְ , אָן זָארְגִין , אוּנ דָאךְ הָאט אוּנְז אוּים גֶעוִויזֶען אַז אוּנְז אִיז שְׁלֶעכְט , דֶער פַּאר וָואס מִיר זַיינֶען אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט פוּן דֶער וֶועלְט , נוּא הָאט אוּנְז גָאט גֶעוִויזֶען אַז עֶס קָאן פִּיל עֶרְגֶער זַיין .

יַא הָאט הערמאן גֶעזָאגְט מִיט אַזִיפְץ — קֵיין שׂוֹנֵא קָאן דָאס דֶעם מֶענְטְשִׁין נִיט וִוינְטְשֶׁען וָואס אִים קָאן טְרֶעפִין , הָאבּ אִיךְ דָאס וֶוען גֶעקְלֶערְט אַז מַיין דעבארא וֶועט אַזַא סְקַאנְדַאל אוֹיפְטָאן ?

פוּן דֶעסְט וֶועגִין עֶסְט זִיךְ אַזוֹיא דָאס הַארְץ נִיט אָפּ — הָאט קלארא אִים גֶעטְרֵייסְט — אַזוֹיא וִויא אִיר הָאט נִיט עֶרְוַוארְטֶעט אַייעֶר אוּנְגְלִיק , אַזוֹיא קָאן זַיין אַז אַייעֶר הִילְף זָאל אוּנֶערְוַוארְטֶעט קוּמֶען .

אִיךְ הָאבּ שׁוֹין פֶערְלָארִין דִיא הָאפְנוּנְג — הָאט הערמאן גִיעֶנְטְפֶערְט .

נוּא נוּא וַוארְפְט אַוֶועק דִיא טְרוֹיעֶרִיגֶע גֶעדַאנְקֶען — הָאט קלארא גֶעזָאגְט — אִיךְ וֶועל אַייךְ בֶּעסֶער עֶרְצֵיילִין אַזַאךְ וֶועט אִיר גֶענוּג הָאבִּין צוּא לַאכֶען , דָא אִיז עֶרְשְׁט גִיוֶועז אַשַׁדְכָן רֵיידֶען מַיין עוונעניען אַשִׁידוּךְ . טְרֶעפְט מִיט וֶועמֶען אַיִדִישֶׁען שַׁדְכָן , אַקְלוֹיזְנִיק פַּאלְט אַיין צוּא רֵיידֶען עוונעניען אַשִׁידוּךְ .

וִויא אַזוֹיא זָאלִין מִיר טְרֶעפִין — הָאט מאריא גֶעזָאגְט .

נוּא זָאגְט מִיט וֶועמֶען הָאט עֶר אִיר גִירֶעט ? — הָאט הערמאן גִיפְרֶעגְט , טַאקֶע מִיט אֵייעֶרִין אַבֶּעקַאנְטֶען , מִיט איסר ווייספעלד , חַא חַא חַא !

אָט איז אַנאַרעשׁער קלויזניק, ער רעט מיין עווגעניען מיט אַנ'אַלטען מאַן·

איך מוז אייך זאָגין דיא וואַרהייט מאַדאַם מעקערוואַלד — האָט הערמאַן געזאָגט — אַז איך גיב דעם שידוך ניט אַזויא לעבערליך. וויא איך ווייזט אויס, ווען מיא זאָל מיין דעבאַראָן אַזאַ שידוך ריידין וואָלט איך גאָר ניט געלאַכט.

נוא איר וואָלט געוויינט פאַר פערדרוס — האָט קלאַרא געזאָגט לאַכענד, ניין דאָס איז ניט אַזויא שלעכט וויא איר מיינט, דער הער וויספעלד איז אַמאַן פון אַיאָר 48 ביז 50 יאָר ער ווייזט נאָך אויס רעכט יונג, און איז אַמאַן מיט אַנאָמען און מיט געלד.

מיא לעבט דען מיט דעם נאָמען און מיט דעם געלד?

יאַ יאַ מאַדאַם, איר מוזט וויסען אַז דיא ביידע זאַכין אַגוטער נאָמען און געלט דאָס זיינען דיא צווייא פונדאַמענטין וואָס אויף זייא איז דיא סענטשהייט געגרינדעט, דער געבילדעטער שענסטער יונגער מאַן שטייט בייא דעם גביר אין טיר חאָטש דער צווייטער איז אונגעבילדעט און אַלט, פאַר דעם שיינעם נאָמען האָבין דיא מאַפּערסטע יונגע לייט רעספּעקט, זעהט איך קאָן ניט זאָגין אַז דער שידוך וואָלט גיוועזן אויך דאַן גוט, ווען וויספעלד זאָל שוין זיין אַנ'אַלטער קראַפּטלאָזער מאַן, אָבער אַמענטש פון פופציג יאָהר אַקרעפטיגער מאַן מיט אַזאַ נאָמען און מיט אַזויא פיל געלד דאָס איז נאָך מיין מיינונג ניט קיין שלעכטער שידוך.

דאָס הייסט זאָל איך זיך בעשליסען עווגעניען פערבינדען מיט אַפופציג יאָהריגען מאַן, זיא זאָל גיך ווערין אַוויטווע (אַנ'אַלמנה).

זאָגט דאָס ניט מיר זעהען אַז פילע פרויען פון יונגע בליהענדע מענער זיינען וויטווען געוואָרין, וועמען עס איז באַשערט צוא לעבין דער לעבט, און דער וואָס האָט קיין יאָהרין ניט דער שטאַרבט אין דיא בעסטע יאָרין, באַרעכינט נאָר וויא גליקליך אַפרויא פון אַזאַ מענטשין וויא וויספעלד איז קאָן זיין, אַלע פערגעניגען וואָס דער פערשטאַנד קאָן נור אויס קלערין קאָן דיא פרויא האָבין דען וואָס באַקומט מען ניט פאַר געלד, דער מאַן וועט זיך איבער איר טרעססען וויא איבער אַבת יחידה איך זאָג אייך אַז אַכפּרה צוואַנציג יונגע לייט וויא שטראַהל איז פאַר איין וויספעלד'ן.

איך ווייס? — האָט קלאַרא אונבעשלאָסין געזאָגט — מיר האָט זיך דאָס אויס געוויזען זייער קרום, וואָס זאָגסטו עווגעניע?

וואָס זאָל איך זאָגין — האָט עווגעניע גיענטפערט — מיר וועלין זיך נאָך מישב זיין.

איך בין זייער נייגעריג צוא זעהען דעם הערען וויספעלד — האָט מאַריא געזאָגט.

וויא קומט דאָס איר זאָלט אים ניט קענען? — האָט קלאַרא פערוואונדערט געפרעגט איר זייט דאָך דוכט זיך בייא אים גיוועזן?

ניין איך בין גאך ביא איהם קיין מאהל ניט געוועזען — האט מאריא געענטפערט.

אין דער מינוט האט דער בעדינטער געמעלדעט אז דער הער ווייספעלד וויל שפרעכען מיט דער מאדאם מעקערוואלד.

ער איז דא? האט קלארא אנגעשריען געטאן.

גוט איך וועל האבען דיא געלעגענהייט איהם צו זעהען — האט מאריא געזאגט.

בעט אים אריין אהער! — האט קלארא דעם בעדינטען בעפאהלען.

איסר ווייספעלד איז אריין געקומען אונ האט זיך פריינדליך בעגריסט מיט דיא אנוועזענדע, „איהר זייט אויך דא הער נוסט״? האט ער געזאגט דריקענד הערמאנען דיא האנד גוט וואס איך האב אייך דא געטראפען.

איך האב דיא עהרע אייך פארצושטעלען מיין פרויא. — האט הערמאן געזאגט צייגענד אויף מאריאן.

מיך פרייט זייער איהנען קאנען מאדאם — האט ווייספעלד געזאגט רייכענד מאריאן דיא האנד.

אלע האבען באמערקט וויא ווייספעלד איז ערשראקען אונ בלאס געווארען אלס ער האט באטראכט מאריאן, נאר זייא האבען ניט פארשטאנען דיא אורזאכע דאפאן.

אייער באקאנטשאפט איז מיר אויך זייער אנגענעהם, האט מאריא געענטפערט.

זייא האבען זיך אלע געזעצט ארום דעם טיש, ווייספעלד איז דיא ערשטע מינוטען געזעסין וויא אדערשלאגענער אונ האט וויא עס האט אויס געזעהען מורא געהאט אקוק טאן אין דעם זייט וואו מאריא איז געזעסין, נאר ביסלאך ווייס האט ער צוריק זיין מוטה בעקומען, אונ איז געווארין מונטער וויא פריהער.

איך קאן אייך בענאכריכטען הער גוסט — האט ער געזאגט זיך ווענדענד צו הערמאנען — אז אייער שטראהלען האב איך שוין פארזארגט.

וואס הייסט איהר האט איהם פארזארגט — האט הערמאן געפרעגט נייאגיעריג.

גלויבט מיר אויף נאמנות — האט ווייספעלד לאכענד געענטפערט — ער איז שוין פארזארגט, דאס הייסט ער וועט שוין זיצין רוהיג אין אזא ארט וואו ניט נור אייער טאכטער אפילו דער טייפעל אליין וועט צו אים ניט צוקומען, אייער טאכטער איז שוין פרייא.

איז דאס מעגליך? — האט הערמאן העכסט ערפרייט געפרעגט.

דאס איז אזוי זיכער וויא איצונד איז טאג — האט ווייספעלד געענטפערט — ער וואלט אן מיר אויך געהאט אשווארצין סוף, אין ניט איצונד איז שפעטער דען איך האב ערפאהרען אז ער איז אסאציאליסט.

אַסאָצִיַאלִיסְט ? הָאבִּין אַלֶע עָרְשְׁרָאקִין אַגֶעשְׁרִייא גֶעטָאן.

יַא עָר איז אַסאָצִיַאלִיסְט — הָאט ווייספעלד קַאלְט גִיעָנְטפֶערְט.

נוּא אוּנ איר הָאט אִים גֶעמַסרְט — הָאט קלארא עָרְשְׁרָאקִין גֶעפְרֶעגְט.

זָאל גָאט הִיטֶען! אִיךְ וֶועל אִים מַסְרֶן ? וָואס בִּין אִיךְ אַדַאנָאסְצִיק ? נָאר עָס הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אַנוּטֶער בְּרוּדֶער וָואס הָאט דָאס עָנְדֶעקְט,

רֶעכְט אוֹיף אִים! — הָאט הערמאן גֶעזָאגְט — זָאל עָר גיט זַיין אַזַא שָׁאלְטַאק רוֹיבֶּען אַטָאכְטֶער פוּן אִיהְרֶע עָלְטֶערִין.

אִין דֶעם הֵייסִין גֶעשְׁפְּרֶעךְ הָאט קֵיינֶער נִיט בַּאמֶערְקְט וִויא מאריא איז בְּלַאס גֶעוָוארִין וויא אַלַייבֶע, זִיא הָאט עָרְקֶענְט אִין ווייספעלד'ן אַשְׁרֶעקְלִיכֶע פֶּערְזָאן....

## כא.

### מַאדַאם פוּטְצְמַאן אוּנ הֶער קָארְטְמַאן.

וֵוייסְט איר גֶעוִויס מַאדַאם פוּטצמאן אַז זוזאנא איז פֶערְלִיבְּט אִין שטראהלען — הָאט גֶעפְרֶעגְט אַיוּנְגֶער מַאן הֶעכְסְט פְרַאנְטִישׁ גֶעקְלֵיידֶעט דֶער מַאדַאם פוּטצמאן זוזאנאס מוּמֶע טַאקֶע בַּייא איר אִין שְׁטוּב.

אַיוּנְגֶער מַאן בְּלַייבְּט אַיוּנְגֶער מַאן — הָאט סאפיא גִיעָנְטְפֶערְט מִיט אַחֲנוּנְדִיג שְׁמֵייכִיל, נָאךְ וֵוייסְט איר נִיט אַז מִיר אַלְטֶע בָּאבֶעס זַיינֶען פְּרַאקְטִישֶׁער אִין אַזֶעלְכֶע זַאכִין אַלְס אַלֶע אַיינֶערְע יוּנְגֶע מְשׁוּצְקֶעס, אַז אִיךְ זָאג אַייךְ אַז זִיא אִיז פֶערְלִיבְּט אִין שטראהלען מָאגְט איר מִיר גְלוֹיבִּין.

אָבֶער זַייט אַזוֹיא פִּיל גוּט אוּנ עָרְצֵיילְט מִיר פוּן וַואנֶעגְט וֵוייסְט איר דָאס זִיא הָאט אַייךְ אַלֵיין דִיא גֶעהֵיימְנִים פֶּערְטְרוֹיט ?

חַא חַא חַא! — הָאט סאפיא גֶעלַאכְט אוּנ אִיהְרֶע הֶערְאַיינְגֶעשְׁטֶעלְטֶע צֵיין הָאבִּין זִיךְ גֶעלָאזְט זֶעהֶען פַאר דֶער וַוייסֶער וֶועלְט — אוּנְז פְּרַאקְטִישֶׁע פְּרוֹיֶען בַּאדַארְף מֶען פֶּערְטְרוֹיֶען אַזֶעלְכֶע גֶעהֵיימְנִיסֶע ? וָואס אִיז ? מִיר זַיינֶען קְרַאנְק אוֹיפִין שֵׂכֶל ? מִיר פַארְשְׁטֵייֶען אַלֵיין נִיט קֵיין גֶעשֶׁעפְט ?

זָאגְט זֶע וויא אַזוֹי הָאט איר דָאס פַארְשְׁטַאנֶען ?

הֶערְט אוֹיף קארטמאן אִיךְ בֶּעט אַייךְ מִיךְ צוּא פְרֶעגִין אַזֶעלְכֶע פְרַאגֶען, זָאג אִיךְ אַייךְ אַז זִיא אִיז פֶערְלִיבְּט אִין שטראהלען, גְלוֹיבְּט.

אַלְזָא קָאן אִיךְ שׁוֹין נִיט הָאפֶען זוזאנא זָאל זַיין מַיינֶע אַזוֹיא וַוייזְט מִיר אוֹיס.

פַאר וָואס זָשֶע הָאט בַּייא מִיר מארק גֶענוּמֶען גֶעלְד, אוּנ הָאט מִיר צוּא גֶעזָאגְט אַז עָר וֶועט מַאכִין זוזאנא זָאל נָאר זַיין מַיינֶע ? הָאט קארטמאן בִּיטֶער גֶעשְׁרִיעֶן.

איר וַוייסְט נִיט דָאס רוּסִישֶׁע גְלַייךְ וָוארְט "Дуракъ даетъ а умный беретъ„

האָט סאפיא לאָבענד גיענטפֿערט — וועַר האָט אייך געהייסען זיין אַזאַ נאַר אונ געבּין ? איר האָט ניט פֿאַרשטאַנגען אַז מארק האָט אַזאַ דעה בּייא זיין מאַטין, צוא בּייא זוזאנע'ן פּונקט וויא איך האָבּ אַדעה אין לאַנדאָנער פֿאַרלאַמענט, פֿאַר וואָס האָט איר זיך בּעסער צוא מיר בּאַלד ניט גיווענדעט, וואָלט איך דאָך אייך דעם שידוך אוים געפֿיהרט אין צוויא וואָכען, וואָרום איך בּין דאָך עפּעס בּייא ווייספעלדין דיא רעכטע האַנד, ער טוט דאָך אָן מיין עצה קיין פֿינגער אין קאַלטע וואַסער ניט אַריין, אונ זוזאנא רעכינט מיר פֿאַר אַמוטער, ווען איך זאָל איר גיוועזען נאָר צוויא וואָכען זאָגין, האָבּ התונה מיט קארטמאנען! וואָלט זיא קיין צוויא וואָכען ניט איבּער גירעט, אונ וואָלט מיט אייך התונה געהאַט.

נוא אונ איצונד איז שוין פֿאַרפֿאַלין ?

ניין איצונד איז נאָך אויך ניט פֿאַרפֿאַלין, ווען דער שטיין זאָל מיר אין וועג ניט ליגין איך מיין טאַקע שטראהלען, כּל זמן ער שטייט איר אין די אויגין וועט זיא שפּייען אויף אַלע התּנים.

נוא נוא זייט זיכער אַז איך וועל שוין דעם שטיין פֿון וועג אַפּרומען, — האָט קארטמאן געזאָגט.

אַזוי איר קאָנט אים יא אַפּרומען ? וויא אַזויא?

דאָס איז שוין מיר צוויסען.

וואָס האָט איר אַזויא מורא מיר דאָס צוא זאָגין, איהר רעכינט מיר בּעהיטע נאַט פֿאַר אַזאַ מענטשין וואָס איך קאָן אין זיך קיין געהיימנים האַלטין? איהר מאָגט זיכער זיין אַז איך בּין וויא אַפֿאַרשלאָסענער קאַסטען פֿאַר אַגעהיימנים, זאָגט מיר איך בּעט אייך וויא אַזוי קלערט איר פֿון שטראהלין פּטור צוא ווערין.

איך טאָר דאָס קיינעם ניט ענדעקין.

קיינעם טאַקע ניט, אָבּער מיר בּאַדאַרפֿט איר גאָר קיין מורא ניט האָבּען אַלסדינג צוא זאָגין, דאָס איז עהרענוואָרט גלייך וויא איר אַליין זאָלט דאָס ווייסען, איך בּין דאָך עפּעס ניט פֿון דיא זידאָוועקעס וואָס פּלאַפּלען אַסך איך אַז איך הער אַזאַך גייט מיר אין איין אויער אַריין אונ פֿון דעם צווייטען אַרוים.

וועט איר בּעשטימט קיינעם ניט ערציילין ?

עהע זייט איר דאָך אויך אַזאַ יוד וויא אַלע יודען — האָט טאפיא גיענטפֿערט מיט אַפֿערדריסליכען טאָן — פֿע איך האָבּ דאָס פֿון אייך ניט ערוואַרטעט איר זאָלט מיר ניט גלויבּין, פֿאַר מיר מורא האָבּין, ווייא איז מיר ווען איך זאָל ענדעקין אַלע געהיימניסע וואָס איך ווייס וואָלט איך בּאַדאַרפֿט בּעשטענדיג האַלטין אָפֿען דאָס מויל אונ ריידין, איך ווייס עפּעס וויכטיגערע זאַכין פֿון דיא אונ ערצייל קיינעם ניט.

נוא איך טוה אייך צוליבּ אונ וועל דאָס אייך ענדעקין — האָט קארטמאן

גְעזָאגְט נָאךְ אַקוּרְצֶעס נַאכְדֶענְקְן — װֶעט אִיר שׁוֹין אַלֵיין פַאַרְשְׁטֵיין אַז שטראהל אִיז שׁוֹין װִיא אוֹיף דֶער װֶעלְט נִיטָא.

דֶער צֵיילְט זְשֶׁע שׁוֹין לָאמִיךְ הֶערִין — הָאט סאפיא הֶעכְסְט נַייגֶעהִיג אִים גִיבֶּעטִין.

דָא אִיז אַזַא גֶעשִׁיכְטֶע — הָאט קארטמאן עֶרְצֵיילְט — דאנילא הָאט עֶפֶּעס פוּן יֶעמַאנְדֶען אַבֶּעפֶעהל עֶר זָאל שטראהלען אוֹיף שְׁפִּיֶען אַחֲתוּנָה, אִיר קָאנְט דָאךְ דאנילאן עֶר אִיז דָאךְ דֶער גְרוֹיסֶער בֶּרְיָה אִין דִיא זַאכִין, אוּנ עֶר װֵייס װָאס בַּייא יֶעדִין מֶענְטְשִׁין אִין הַארְצֶען טוּט זִיךְ, דאנילא הָאט אַקָאמֶערַאד סימאן קלאפשטיין, אַגִיוֶועזֶענֶער סְטוּדֶענְט װֶעלְכֶען מִיא הָאט פוּן דֶעם אוּנִיוֶוערְזִיטֶעט אַרוֹיס גֶעטְרִיבִּין פַאר זַיין שְׁלֶעכְטֶער אוֹיפְפִיהְרוּנְג דֶער סימאן קלאפשטיין זִיצְט שׁוֹין פוּן צְוֵייא װָאכִין אִין אַסְטְרָאג וַוייל מִיא הָאט אוֹיף אִים אַחְשַׁד אַז עֶר אִיז אַסָאצְיַאלִיסְט, הָאט דאנילא פוּן אִים גֶעקְרִיגִין אַבְּרִיף װָאס עֶר שְׁרַייבְּט צוּא שטראהלען פוּן אַסְטְרָאג, אִין דֶעם בְּרִיף זֶעהְט מֶען דַייטְלִיךְ אַז אַסָאצְיַאלִיסְט אִיז נָאר שטראהל אוּנ סימאן קלאפשטיין אִיז נֶעבַאךְ אוּנְשׁוּלְדִיג, װָארוּם עֶר שְׁרַייבְּט דָארְט — אִיךְ הָאבּ דֶעם בְּרִיף אַלֵיין גִילֶעזִין — אַז שטראהל טוּט אַגְרוֹיסִין פֶעהְלֶער װָאס עֶר הָאט זִיךְ אַרַייְנְגֶעלָאזִין צְווִישִׁין דִיא סָאצְיַאלִיסְטִין, אוּנ עֶר גִיט אִים אַנְ׳עֵצָה עֶר זָאל זִיךְ בֶּעצַייטֶענְס פוּן דֶער קָאמְפַאנְיֶע אָפְּטְרֶעסֶען, װָארוּם עֶר אִיז נִיט זִיכֶער מִיט זַיין לֶעבִּין אַבַּאנַוייז בְּרֵיינְגְט עֶר פוּן זִיךְ װָאס עֶר אִיז אֵייגֶענְטְלִיךְ גָאר נִיט שׁוּלְדִיג עֶר הָאט זִיךְ נָאר קָאמְפַּאנִירְט מִיט אֵיינִיגֶע סָאצְיַאלִיסְטֶען אִיז עֶר אַרַיינְגֶעפַאלִין אִין אַזַא אוּנְגְלִיק, וַוייטֶער שְׁרַייבְּט עֶר אִים דָארְטִין װֶעגִין אַזַאךְ װָאס עֶר הָאט גִיהֶערְט אַז שטראהל װִיל טָאן, אוּנ עֶר בַּאטְהֶעט אִים עֶר זָאל דָאס נִיט טָאן, נוּא װִיא פַארְשְׁטֵייט אִיר מַאדַאם פוטצמאן װֶען אַזַא בְּרִיף װֶעט אַרַיינְפַאלִין צוּא דֶעם זָאנְדַארְמִיסְקֶען פָאלְקָאוְנִיק אִין דִיא הֶענְד אַרַיין, װֶעט עֶפֶּעס שטראהל הָאבִּין אַגוּטִין סוֹף.

יַא עֶר קָאן טַאקֶע הָאבִּין אַשְׁוַוארְצִין סוֹף הָאט סאפיא גִיעֶנְטְפֶערְט — נָאר װֶער װֶעט דָאס דֶעם בְּרִיף צוּשְׁטֶעלִין צוּם זָאנְדַארְמִיסְקֶען פָאלְקָאוְנִיק?

דאנילא אַלֵיין הָאט דָאס נִיט גֶעוָואלְט טָאהן, אִיךְ וַוייס נִיט פַאר װָאס, הָאט עֶר מִיךְ גִיבֶּעטִין אִיךְ זָאל דֶעם בְּרִיף צוּא שְׁטֶעלֶען וואו מִיא בַּאדַארְף. נוּר אִיךְ הָאבּ מִיךְ דֶער פוּן עֶנְזַאגְט דֶען דֶעם שטראהלען קָאן אִיךְ גָאר נִיט, נָאר אִיצוּנְד װֶעל אִיךְ שׁוֹין זַיין דֶער גוּטֶער שָׁלִיחַ, אוּנ װֶעל דֶעם שְׁטֵיין פוּן װֶעג אָפְּרוֹימֶען.

אִיצוּנְד פַארְשְׁטֵייא אִיךְ שׁוֹין הָאט סאפיא גֶעזָאגְט.

נוּר װָאס זָאגְט אִיר אִיךְ בֶּעט אַייךְ צוּ מארקען? — הָאט קארטמאן וַוייטֶער גֶעזָאגְט דֶער שָׁאלְטַאק הָאט בַּייא מִיר אוֹיס גֶענַארְט אִיבֶּער פִינְף הוּנְדֶערְט רוּבִּיל עֶר הָאט מִיר צוּא גֶעזָאגְט אַז עֶר מוּז מִיר דֶעם שִׁידוּךְ אוֹיס פִיהְרֶען מִיט זַיין שְׁוֶועסְטֶער, אוּנ אֵיין מָאל הָאט עֶר מִיר שׁוֹין גֶעוָואלְט אַרַיינְפִיהְרֶען צוּא

איהר, נור זיא האט איהם ניט געוואלט ארויינלאזין, ניט מיר אנגעצה מאדאם פוטצמאן, וויא אזויא איך זאל פון איהם דאס געלד אפ נעמען, אמצוה וועל איך האבין אז איך וועל איהם שיינקען פינף הונדערט רובעל? אמת טאקע דאס געלד איז זיין איינענע ער האט זייא ביא מיר פערשפילט אין קארטען, אונ איך האב זייא איהם צוריק נעגעבין, אבער וויא באלד איך האב זייא געוואונען גיהערט דאך דאס צו מיר, פאר וואס זשע זאל איך זייא איהם צוריק אבגעבען? מעהר מצוה וועט זיין ווען איך וועל דיא פינף הונדערט רובעל בעסער אייך אפ געבין, וואס זאגט איהר מאדאם פוטצמאן? איהר זענט דאך אקלוגע פרויא גיט עפעס אנעצה וואס איך זאל טאהן.

איך ווייס וואס פאר אנ׳עצה איך זאל אייך געבין? איהר האט אויף איהם נאר קיין וועקסעל ניט? — האט סאפיא געפרעגט.

ניין איך האב אויף איהם קיין וועקסעל ניט.

נוא וועל איך אייך אנעצה געבין וואס איהר זאלט טאהן — האט סאפיא געזאגט — מארק באדארף דאך מסתמא נאך געלד, מאכט זיך אזויא וויא עס פערדריסט אייך נאר ניט אויף דעם וואס ער האט אייך גענארט, אונ ליינט איהם פאר אפראיעקט, אז איהר וועט איהם ליהען נאך אפאר הונדערט קערבליך מיט דעם בעדינג ער זאל אייך ארויס געבען אוועקסעל אויף דיא פריערינע פינף הונדערט רובעל צו זאמען מיט דאס געלד וואס ער וועט ביא אייך אויף דאס נייע נעמען, אונ אז איהר וועט האבין פון איהם אוועקסעל וועט איהר אייער גאנץ געלד אפ נעמען.

איך ווייס ניט אויב זיין וועקסעל האט עפעס דיא ווערטה.

רעט דאס ניט, זיינס אוועקסעל איז אסיגנאטשע, זיין פאטער וועט זיך ניט וועלין קראמפּארעטירען, אונ וועט זיין וועקסעל אוים לייזין.

אונ וויא וועט זיין אז ער וועט מיר ניט וועלין געבין קיין וועקסעל?

ער וועט אייך געבען, ווייל ער באדארף דאך שפילען אין קארטען, אונ וויפיל געלד ער קריגט איז איהם אלס ווענינ, דאביא וועל איך אייך אויך אין דעם אטובה טאהן, דען גראדע היינט איז מארק ביא מיר גיוועזען בעטין ליהען פופציג רובעל, איך האב איהם אפגעליינט אויף ביא נאכט, אז ער וועט ביא נאכט קומען נאך דעם פופציגער וועל איך איהם אליין אנעצה געבין ער זאל ביא אייך ליהען געלד, אונ זאל אייך געבין אוועקסעל, אונ איהר וועט זעהן אז ער וועט מיך פאלגען.

איך וועל אייך זייער דאנקבאר זיין דער פאר — האט קארטמאן געזאגט. — אונ איך זאג אייך פאראויס אז איך פערלאנג דאס ניט אומזאנסט....

איך ווייס אז איהר זענט אנ׳עדעלמאן — האט סאפיא געזאגט מיט אשמייכעל.

יא וואס האב איך אייך געוואלט פרעגין — האט קארטמאן געזאגט נאך אקורצער פויזע — וואס הערט זיך פון מאקס שפיטצעל, איהר מוזט דאך

זויסען מאדאם פוטצמאן .. ער האט זיך שוין אויפגיהערט צו שדכענען צו זוזאנאן ? מיא זאגט אז ער איז אויך אין איהר שטערבליך פערבליבט .

צו איהר מאג זיך שדכענען אפילו אפרינץ , אויב איך וועל ניט וועלין , וועלין זייא גאר גישט אוים פיהרען , קוים וועט נאר שטראהל אייך ניט שטיין אין וועג איז זוזאנא שוין גלייך וויא אייערע .

נוא אונ שטראהל איז שוין גלייך וויא אויף דער וועלט ניטא — האט קארטמאן גיענטפערט לאכענד — איך גייא טאקע שוין אונ וועל אנהויבין צו ארבייטען וועגין איהם .



# כג.

## דיא נעטץ איז פערשפרייט .

נוא דאנילא וואס הערט זיך עפעס ? — האט ווייספעלד געפרעגט דאנילאן וועלכער איז צו איהם אריינגעקומען מיט אשמייכעל אויף דיא ליפען .

עס געהט אלעס וויא געשמירט , האט דאנילא גיענטפערט לאכענד . דערציילט מיר וואס האסטו געטאהן .

איך האב דא אויפגעטאהן אזא שפיטצעל וואס איהר וועט אליין זאגען אז איך בין אמאלאדיעץ .

אז דוא ביזט אמאלאדיעץ ווייס איך שוין פון לאנג , נאר דערצייל מיר וואס האסטו דא אויפגעטאהן פאר אשפיטצעל .

איך וועל אייך ערצעהלען , מיט צווייא טעג פריהער אז איהר האט מיר געהייסין איך זאל זוכען אמיטעל וויא אזויא צו באגראבין דעם סטודענט שטראהל האב איך באלד אנגעהויבין נאך צו זוכען פילייכט וועל איך עפעס געפינען אויף איהם אחטא , נאר איך האב קיין זינד אין איהם ניט געפונען , ער פיהרט זיך זייער ארדענטליך אויף , אונ איז בעליבט בייא אלע פראפעסארין פון דעם אוניווערזיטעט , אונ בייא אלע זיינע קאמעראדין .

דאס ווייס איך — האט ווייספעלד גיענטפערט — דען דאס זעלבע האט מיר געזאגט דער רעקטאר פון דעם אוניווערזיטעט .

איך האב אנגעהויבין צו זוכען מיטעלען וויא אזויא איך זאל איהם טרעפין , אונ בין ענדליך געפאלין אויף אגוטען פלאן , מיינער אגוטער ברודער אגיוועזע-נער סטודענט סימאן קלאפשטיין זיצט אין אסטראג דער פאר וואס מיא האט בעמערקט אז ער קאמפאנירט זיך מיט דיא סאציאליסטען , אונ מיא האט בייא איהם געפונען אפערבאטענעם בלאט ציימונג , איז מיר איינגעפאלין אז דורך דעם קלאפשטיין קאן דא קומען דיא ישועה , ריכטיגער געזאגט שטראהלים מפלה .

וויא אזויא ?

איך האב מיך דערשלאגין צו איהם אין אסטראג, אונ האב איהם צו־געזאגט אשיינע מטבע ווען ער וועט אנשרייבען צו שטראהלען אזא בריף וועלכער זאל דייטליך צייגען אז שטראהל איז איינער פון דיא ערגסטע אונ געפעהרליכסטע סאציאליסטען, אונ דער קלאפפשטיין האט מיר אין דיא הענד דעם בריף געגעבען.

וואס שטעהט אין דעם בריף?

זייט זיכער אז דארט שטעהען אזעלכע ווערטער וועלכע וועלין שטראהלען אזויא באגראבין, אז ער וועט שוין צו תחית המתים ניט אויפשטעהן, איהר ווייסט דאך אז איך בין אספעציאליסט אין אזעלכע זאכען.

נוא וואס זשע האסטו געטאהן מיט דעם בריף.

זעהט איהר איך האב זיך אויך קיין ראמה ניט געקענט געבין וואס צו טאהן מיט דעם בריף, איך זאל איהם אליין צו שטעלען וואוהין מיא באדארף האב איך ניט געוואלט, ווארום עס וועט זיך דאך געווים אנהויבין אסליעדסט־ווא, וועל איך דאך דא באדארפין זיין אנ׳עדות, אונ דאס טויג מיר ניט, אריינשיקען איהם אנאנים (אהן אנאמען) האב איך מורא געהאט אז מיא וועט אנ׳אנימנעם בריף ניט אנ׳נעמען, דארום האב איך געזוכט אזא מענטשען וועלכער וועט וועלין איבער נעמען דיא ארבייט אויף זיך, אונ האב געפונען אזא סוחר.

ווער איז ער?

איך ווייס ניט אויב איהר קענט איהם ער הייסט וואלף קארטמאן, איונגער מאן ער האט אפילו שיינע עלטערין, נאר ער אליין איז אשארלאטאן, ער פערברייננט גאנצע טעג אונ נעכט אין קארטען, אונ ער האט דווקא מזיל דער צו, דען ער געווינט ביא דיא גרעסטע שפילער, דער סוחר האט זיך אריינגענומען אין קאפף אנארעשקייט אז ער מוז זיין אייער איידים, דען ער איז פערליבט אין אייער טאכטער, אונ ער האט געהערט נאך אגרעסערע נארעשקייט אז אייער טאכטער איז פערליבט אין שטראהלען, איך האב זיך מיט דער געלעגענהייט בענוטצט, אונ האב איהם געוויזען ארעכענונג אז זוזאנא קאן זיין פרויא ניט זיין ווייל זיא האט ליב שטראהלען גאר ווען שטראהל וועט ניט שטיין אין מיטען, קאן ער לייכט קומען צוא זיין ציעל, נוא וואס פער־שטעהט איהר דא ניט? האט ער זיך בעשלאסען צו שטעלען דעם בריף צום זאנדארמיסקען פאלקאווניק.

אונ וויא וועט זיין אז דער זאנדארמיסקער פאלקאווניק וועט איהם פרעגין: וואו ער האט דעם בריף גענומען? וואס וועט ער איהם ענטפערין?

ער האט שוין אתירוץ אין קעשענע, אז ער איז אריינגעגאנגען צוא שטראהלען נעמען אנ׳אוראק האט ער ביא איהם דעם בריף געפונען.

בראווא! זעהער גוט! — האט ווייספעלד געזאגט פריילין. — נוא ווען קלערט ער דעם בריף צו שטעלען?

עֶר הָאט אִיהם שׁוֹין הַיינְט צוּגֶעשְׁטֶעלְט , אוּנ אִיךְ גְלוֹיבּ אַז שטראהל אִיז שׁוֹין אַיינְגֶעזאַלְצֶען צְווִישֶׁען אַלֶע קָאזַיאַלִיסְטִישֶׁע פִּישֶׁעלַאךְ .

זֶעהֶער גוּט ! זֶעהֶער גוּט ! הָאט ווייספעלד גֶעזָאגְט .

יַא אִיךְ הָאבּ מִיךְ דֶערְמָאהנְט — הָאט דאנילא פְּלוּצִים גֶעזָאגְט — אִיךְ ווִיל אַייךְ עֶרְצֶעהלֶען אַווִיכְטִיגֶע נַייעס , ווָאס אִיהר בַּאדַארְפְט נֵייטִיג ווִיסֶען .

ווָאס אִיז דָאס פַּאר אַזַאךְ ?

אַייעֶר מארק אִיז שְׁטֶערְבְּלִיךְ פֶערְלִיבְּט אִין אַמֶעדְכֶען , אוּנ אִיךְ הָאבּ מוֹרָא אַז עֶר ווָעט גֶעווִיס שְׁטַארְבִּין ווֶען דָאס מֵיידִיל ווָעט נִיט זַיין זַיין פְּרוֹיא .

מַיין מארק אִיז פֶערְלִיבְּט ? אִין ווֶעמֶען .

זָעהט אִיהר חָאטְשׁ עֶר אִיז נָאךְ יוּנְג פוּן דֶעסְטְווֶעגֶען הָאט עֶר שֵׂכֶל אִין ווֶעמֶען זִיךְ צוּ לִיבֶּען , דֶען עֶר הָאט זֶעהֶער אַגוּטֶען גֶעשְׁמַאק .

אָבֶּער ·זָאג מִיר שׁוֹין אִין ווֶעמֶען אִיז עֶר פֶערְלִיבְּט ?

טַאקֶע אִין הערמאן גוסט'ס טָאכְטֶער שטראהל'ס גֶעלִיבְּטֶע .

ווֶער הָאט דָאס דִיר גֶעזָאגְט ? — הָאט ווייספעלד אוּנְרוּהִיג גֶעפְרֶעגְט .

טַאקֶע עֶר אַליין הָאט דָאס מִיר פֶערְטְרוֹיט , אִיהר בֶּעמֶערְקְט דֶען נִיט אַז עֶר אִיז אַהַאלְבֶּער מֶענְטְשׁ גֶעוָוארִין פוּן אַקְלֵיין שְׁטִיקֶעל צייט , אוּנ דָאס אִיז גָאר פוּן דֶעם ווָאס עֶר אִיז פֶערְלִיבְּט , אַלְזָא אִיז מַיין רַאטְה , אַז אִיהר אַלְס גוּטֶער פָאטֶער זָאלְט אַייעֶר זָאהן בֶּעהִילְפִיג זַיין אִין דֶער זַאךְ , אִיךְ גְלוֹיבּ אַז דָאס אִיז נִיט קֵיין שְׁווֶערֶע זַאךְ בֶּעזָאנְדֶערְס אַצוּנְד אַז שטראהלען הָאבֶּען מִיר שׁוֹין פֶערְזָארְגְט , הערמאן גוסט ווֶעט נוּר אוֹיס דַאנְקְבַּארְקֵייט צוּ אַייךְ דֶער פַאר ווָאס אִיהר הָאט רַאבֶּע גֶענוּמֶען פוּן שטראהלען , זִיךְ מִיט פֶערְגֶענִיגֶען בֶּעשְׁלִיסֶען אָבְּגֶעבִּין זַיין טָאכְטֶער פַאר אַייעֶר זָאהן .

מִיר ווֶעלִין זֶעהן — הָאט ווייספעלד גִיעֶנְטְפֶערְט נָאךְ אַקוּרְצֶעס בַּאכְדֶענְקֶען .

אוּנ אוֹיבּ אִיהר ווִילְט ווֶעל אִיךְ אַייךְ זָאגֶען וואו הערמאנ'ס טָאכְטֶער גֶעפִינְט זִיךְ . — הָאט דאנילא שְׁמֵייכְלֶענְד גֶעזָאגְט .

דוּא ווֵייסְט וואו זִיא גֶעפִינְט זִיךְ ? — הָאט ווייספעלד פֶערְוואוּנְדֶערְט אוּנ נַייגִיעֶריג גֶעפְרֶעגְט .

יַא אִיךְ ווֵייס .

נוּא זָאג לָאמִיךְ הֶערֶען .

פְרִיהֶער אִיז זִיא גִיוֶוען בַּייא אַייךְ אִין שְׁטוּבּ .

בַּייא מִיר אִין שְׁטוּבּ ? ווָאס רֶעדְסְטוּ ?

אִיךְ ווֵייס ווָאס אִיךְ רֵייד , זוזאנא הָאט זִיא גֶעבְּרַאכְט אַהֶער , זִיא זָאל זִיךְ דָא בֶּעהַאלְטֶען פַּאר אִיהרֶע עֶלְטֶערִין , נאכְהֶער הָאט זִיא זוזאנא אַוֶועק-גֶעפִיהְרְט צוּ דֶער בְּלוּמֶענְמַאכֶערִין פעריל פריעדקראנץ דָארְט זִיצְט זִיא אִין אַבֶּעזָאנְדֶער צִימֶער .

דוּא ווֵייסְט דָאס גֶעווִיס ?

אַז אִיךְ זָאג מָאגְט אִיהר מִיר גְלוֹיבֶּען .

 איך

איך דאַנק דיר זייער פאַר דער נאַכריכט — האָט איהם ווייספעלד גענאַנט דריקענד דיא האַנד — איך וועל דיר דער פאַר אָרדענטליך בעלאָהנען.

אין דער מינוט האָט מען געגעבען אַקלאַפּ אין טיהר.

נוא גייא דאנילא וועער געוואָהר וואָס עס טוהט זיך מיט שטראהלען, אונ בריינג מיר אַריכטיגע נאַכריכט — האָט ווייספעלד גענאַנט.

דאנילא איז אַרויס געגאַנגען, אונ דער שדכן פעפעל איז אַריינגעקומען.

וויא איך זעה איז מיר פּאָרט באַשערט איך זאָל בייא אייך פערדינען שדכנות — האָט פעפעל לאַכענד גענאַנט אַריינקאָממענד. — דער שידוך מיט דער פריילין עוועניע איז שוין כמעט אויס געפירט.

אַזויא? — האָט ווייספעלד גענאַנט מיט שטראַהלענדע אויגען — איהר לאַכט ניט?

ניט איך לאַך נאָר איך קוועל — האָט פעפעל גיענטפערט — איך זאָג אייך דיא וואַרהייט אַז מיר האָט זיך דאָס ניט געגלויבט, דער שידוך זאָל אַמאָל אויסגעפיהרט ווערין, נאָר אַצונד זעה איך אַז קיין אונטערגליכעס איז נאָר ניטאָ.

איהר זענט דאָרט גיוועזן?

יאַ איך גייא ערשט פון דאָרטין, דיא מאדאם מעקערוואלד וויא אויך דיא כלה אַליין זיינען שוין בעשלאָסען צוא דעם שידוך, דיא מאדאם האָט ערשט אַוועק געשיקט אַטעלעגראַממע צו איהר מאַן ער זאָל קומען צו פאָרין.

זעהט איהר חאַטש פעפעל אַז חאָטש איהר האָט מיך געמאַכט פאַר אַנ'אַלטען מאַן פון דעסט וועגין גיפעהל איך נאָך שיינע מיידלאַך. — האָט ווייספעלד געלאַכט.

ווען איהר וועט אויף מיר קיין פערראיבול ניט האָבין, וועל איך אייך זאָגען אַז ניט איהר גיפעלט עוועניען נאָר דער לוקסוס.

וואָס הייסט דער לוקסוס?

איך האָב שוין דער פריילין עוועניע גוט ערקענט, זיא איז פון דיא פרויען וואָס ווילען איבער ראַשין דער וועלט מיט זייער קאָמפּאַרט, וואָס ווילען אַרויס פאָרין אין דער גאַס וויא דיא פירשטינען, אַלע זאָלין זייא בעוואונדערין אונ מקנא זיין, נוא אונ זיא ווייס אַז בייא אייך וועט זיא דאָס אַלעס אויס פיהרען.

ווייס איך וואָס איהר רעט — האָט ווייספעלד פערדריסליך גענאַנט — "זיא איז אַקלוג קינד, אונ זיא פערשטעהט חתונה האָבין מיט אַנ'אַלטערין מענטשין איז אַסך בעסער וויא מיט דיא יונגע שאַלטאַקעס.

זאָל זיין אַזויא — האָט פעפעל גיענטפערט — מיר מאַכט דאָך ניט אויס צו אַזויא צו אַנדערש, נאָר איך זאָג אייך אַז איהר זייט דער גליקליכסטער אין דער וועלט עפּעס אַקליינינקייט האָבין אין דיא יאָהרען אַזאַ ווייב, אַלע

יאָנגע לייט וועלין דאך זיך אַמיתה אָנְטָאהן קוקענדיג אויף אייער גְלִיק ׳

# כד.

## דער עֶרְשְׁרָאקֶענֶער סְטוּדֶענְט.

הער שטראהל דא איז גיוועזן אַפְּרִיסְטַאוו מיט סאלדאטען, מיא האט גֶעמאכט אַנ׳אָבִּיסְק בייא אייך אין צימער, אַלֶע אייערע פּאפּירען האט מען צוגענומען, אונ אייך אַליין וויא איך האב פֶערשְׁטאַנֶען האט מען אויך געוואלט צו נעמען נאר איהר זענט ניט גיוועזן.

דיא ווערטער האט געזאגט שטראהל'ס ווירטהין צו שטראהל'ן וועלכער איז געקומען פון דער גאס.

שטראהל איז געוואָרין בְּלאַס וויא אַלייבע אַלְס ער האט דיא ווערטער ער הערט.

וואס האט איהר זיך אזויא עֶרְשְׁרָאקען? — האט דיא ווירטהין צו איהם געזאגט — איהר פיהלט זיך דען שולדיג?

ניין איך פיהל מיך גאר ניט שולדיג — האט שטראהל גיענטפערט — נאר דאס אַליין וואס מיא בעשולדיגט מיך אונשולדיגער ווייזע קריינקט מיך זייער, עס האט גֶעמוזט זיין אַפאלשער דאנאס אויף מיר.

נוא וואס זשע האט איהר מורא, וועט איהר אויפווייזען אַז מיא האט אויף אייך אַפאלשען דאנאס געגעבען.

אבער ביז איך וועל אויפווייזען קאן איך דער ווייל אָפּ זיטצען אַפּאָר חדשים אין אַסְטְראג, אונ אין דיא פּאר חדשים וועט ווערין פון מיר אַתֵּל אונ פון נאך איין פערזאן.

ווען מיינט איהר געוויס פריעדפישען? האט קיין זארג ניט, ער איז שוין פאלקאמען געזונד, ער האט מיר ערשט היינט געזאגט, אַז ער קלערט שוין פאהרין אַהיים.

דאס ווייס איך, נאר איך מיין דא גאר אַנ׳אַנדערע פערזאן. — האט שטראהל מיט אַביטערער שטימע געזאגט, אונ טרערין האבין זיך איהם געוויזען אין דיא אויגען.

אֶפְשַׁר איז אַפְּלַאן איהר זאלט גאר אָפּפאהרען פון שטאט.

זאל נאט היטען, דאס טאהר איך געוויס ניט דען מיא וועט דאס אָנעמען פאר אַבאווייז אַז איך בין ווירקליך שולדיג, מיא האט איך דא גאר נישט געזאגט אין וואס מיא בעשולדיגט מיך?

ניין דער פּריסטאוו האט אַוואָרט ניט גירעט, ער האט פריהער נעפרעגט אויף אייך: וואו איהר זייט? אונ אַז איך האב איהם גיענטפערט, אַז איהר זייט ניטא האט ער גיפרעגט: וואו איז אייער צימער? איך האב איהם אָנ-

גְעוִויזָען אַייעֶר צִימֶער עֶר אִיז אַהִין אַרַיינְגְעגַאנְגֶען אוּנ הָאט אִיבֶּער גְעזוּכְט אַלֶע ווִינְקֶלֶען , אוּנ אִיז נָאכְהֶער אַוֶועק גְעגַאנְגֶען , אַלֶע אַייעֶרֶע פַּאפִּירֶען הָאט עֶר צוּגֶענוּמֶען .

אֵיינִיגֶע מִינוּטֶען אִיז שטראהל גְעשְׁטַאנֶען פֶערְווִירְט אוּנ נִידֶער גְעשְׁלָאגֶען פֶערְטִיפְט אִין פִינְסְטֶערֶע גְעדַאנְקֶען , עֶנְדְלִיךְ הָאט עֶר זִיךְ גִיוָוענְדֶעט צוּ דֶער ווִירְטְהִין אוּנ הָאט גְעזָאגְט : בנימין פריעדפיש זָאגְט אִיהר אִיז דָא גִיוֶוען הַיינְט ?

יַא עֶר אִיז דָא גִיוֶוען מִיט אַפָּאר שְׁטוּנְדֶען פְרִיהֶער .

עֶר ווֵייס פוּן דֶעם אָבִּיסְק וָואס בַּייא מִיר אִיז גִיוֶוען ?

נַיין עֶר ווֵייס נִיט , עֶר אִיז דָא גִיוֶוען פַאר דֶעם אָבִיסְק , אוּנ הָאט מִיר גְעזָאגְט אַז אוֹיבּ אִיהר וֶועט אִיהם בַּאדַארְפִין הָאבִּין וֶועט אִיהר אִיהם טְרֶעפִין אִין דֶער הַיים .

הֶערְט זְשֶׁע פעלטע — הָאט שטראהל נָעזָאגְט — אִיךְ גֶעה צוּ פריעדפיש'ן , פִילַייכְט וֶועט מֶען מִיךְ נָאךְ אַמָאהל דָא פְרָעגִין , זָאלְט אִיהר זָאגֶען אַז אִיךְ וֶועל בַּאלְד קוּמֶען , יַא ! אִיךְ ווָעל אָנְשְׁרַייבֶּען אַבְּרִיף אוּנ אִיהר זָאלְט אַזוֹיא פְרַיינְדְלִיךְ זַיין אַוֶועק טְרָאגִין אִיהם צוּ דֶער בְּלוּמֶענְמַאכֶערִין פעריל פריעדקראנץ , דָארְט גְעפִינֶען זִיךְ אַפְּרַיילִין סאראה בלאהוויים , זָאלְט אִיהר דֶעם בְּרִיף אִיהר אִין הַאנְד אָבְּגֶעבִּין , זָאגְט אִיהר דָאס מִיר צוּ ?

פַאר וָואס נִיט ? אִיךְ ווָעל דָאס אַייךְ גְעווִיס טָאהן — הָאט דִיא ווִירְטְהִין גִיעֶנְטְפֶערְט .

שטראהל הָאט זִיךְ גְעזֶעמְצְט אוּנ הָאט דֶעם בְּרִיף אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען .

טְהַייעֶרֶע לִיעבֶּע דֶעבָּארַא !

דוּא זָאלְסְט זִיךְ מַיין לֶעבֶּען נִיט עֶרְשְׁרֶעקֶען , אִיךְ ווָעל דִיר אַבִּיטֶערֶע נַאכְרִיכְט אָנְזָאגִין : וֶועהְרֶענְד אִיךְ בִּין בַּייא דִיר גְעוֶועסֶען , הָאט אַפְּרִיקַטַאוו גְעמַאכְט אַנְ'אָבִּיסְק בַּייא מִיר אִין צִימֶער , אוּנ הָאט מִיךְ אוֹיךְ גְעוָואלְט אַרֶעסְטִירֶען , דָא מוּז זַיין אוֹיף מִיר אַפַאלְשֶׁער דַאנָאס , אוּנ אִיךְ גְלוֹיבֶּע אַז דָאס הָאבּ אִיךְ דַיינֶע עֶלְטֶערִין צוּא פֶערְדַאנְקֶען . . . . אִיךְ ווֵייס נִיט וָואס דָא קָאן וֶוערִין , אִין אַזַא קְרִיטִישֶׁער צַייט אִיז דֶער קְלֶענְסְטֶער חְשַׁד גִיפֶעהְרְלִיךְ , אִיךְ גְלוֹיבּ אַז דִיא קוּמֶענְדֶע נַאכְט וֶועל אִיךְ גְעבֶּעטִינְגֶען אִין אַסְטְרָאג , אַלְזָא מַיין לֶעבֶּען בִּיטֶע אִיךְ דִיךְ , אַז קוֹים וֶועסְטוּ עֶרְהֶערִין אַז אִיךְ בִּין אַרֶעסְטִירְט , זָאלְסְטוּ גְלַייךְ צוּ דַיינֶע עֶלְטֶערִין גֶעהֶען , דֶען דוּא וֶועסְט בְּלַייבֶּען עֶלֶענְד אִין דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטָאט אָבְּוָואהל דָאס וֶועט דִיר זֶעהֶער אוּנְאַנְגֶענֶעהם זַיין , נָאר דוּא מוּזְט דָאס גֶעדוּלְדִיג עֶרְטְרָאגֶען ווַייל גָאט ווֵייס וָואס פוּן מִיר וֶועט דָא ווֶערִין , אִיךְ פִיהל זִיךְ אִין קֵיין פַאךְ נִיט שוּלְדִיג דָאס ווֵייס אָבֶּער נָאר גָאט אַלֵיין , אוּנ ווָער ווֵייס ווִיפִיל עֶס וֶועט נָאךְ גְעדוֹיעֶרִין בִּיז מַיין אוּנְשׁוּלְדִיגְקֵייט וֶועט עֶרְקְלֶערְט ווֶערִין , אַדְיֶע מַיין עֶנְגֶעל !

דַיין בִּיז צוּם גְרַאבּ דִיךְ לִיעבֶּענְדֶער — אלעקסאנדער שטראהל .

עֶר הָאט דֶעם בְּרִיף פֶערְזִיגֶעלְט אוּנ הָאט אִיהם אִיבֶּער גֶעגֶעבִּין דֶער

ווירטהין אונ ער אליין איז גלייך אוועק געלאפען צוא בנימין פריעדפיש.

בנימין פריעדפיש איז ווירקליך אין דער קורצער צייט פאללקאממען געזונד געווארין דען שטראהל מיט זיינע קאמעראדען האבען אלע קרעפטין אנגעווענדעט, איהם צו רעטען פון דעם טויט וועלכער האט איהם שוין פעסט אין דיא הענד געהאלטען, אונ זייא האבען געזיגט, זייא האבען איהם צוריק צום לעבען אין דיא הענד איבער געגעבען.

ער איז גיזעסין אונ האט געשריבען אלס שטראהל איז צו איהם אין צימער אריינגעקומען, אונ אלס ער האט איהם דער זעהען האט ער אוועק געלייגט דאס פאפיר אן אזייט אונ האט איהם דיא האנד רייכענד, פריינדליך געזאגט: איך האב נאר וואס אבער מאלס געוואלט געהען צו אייך ליבער שטראהל גיזעגענען זיך מיט אייך.

נוא האב איך אייך פערשפארט אגאנג — האט שטראהל מיט אביטער גילעכטער גיענטפערט — דען איך בין געקומען גיזעגענען זיך מיט אייך.

איהר ווייסט דען אז איך פאהר היינט אוועק?

ערשטינס ווייס איך מיין ווירטהין האט דאס מיר ערצעהלט, צווייטענס פאהר איך פון אייך גיכער אוועק איידער איהר פון מיר.

איהר פארט אוועק ליבער שטראהל? וואוהין?

דוכט זיך אז אין אסטראג — האט שטראהל מיט אזיפטץ גיענטפערט.

אין אסטראג? — האט בנימין העכסט ערשראקען אגעשרייא געטאן — איר לאכט אדער איהר שפאסט?

ניין מיט אזעלכע זאכין שפאסט מען ניט.

אייך וועט מען אין אסטראג אריינזעטצען? ניין איך גלויב דאס ניט, פאר וואס גלויבט איהר דאס ניט?

ניין ניט פאר אזא מענטשין וויא איהר זענט איז דער אסטראג געמאכט געווארין. — האט בנימין ערינסט געזאגט — צווישען דיא ארדענטליכע לייט אין דער פרייער וועלט זיינען אויך דא וועניג אזעלכע וויא איהר זענט.

נוא זעהט איהר דאך אז איהר האט אטעות אין מיר, ווען איך זאל זיין אנארדענטליכער מאן וואלט מען מיך ניט געוואלט זעטצען אין אסטראג איך בעט אייך הער שטראהל, ערצעהלט מיר וואס מיינט איהר מיט דיא ווערטער? איך פערשטעה אייך גאר ניט.

שטראהל האט איהם ערצעהלט וואס ער ווייס, אונ וואס ער קלערט. וועגין דעם אביסק וואס בייא איהם איז גיוועזען, אונ האט אויסגעלאזט מיט דיא ווערטער: איך רעכין אז דאס האט מיר הערמאן גוסט צוגעדינט.

בנימין האט מיט אבלאסעם געזיכט אויס גיהערט שטראהלס ווערטער, אונ האט געזאגט: ניין דאס וואקסט ניט פון הערמאן גוסט, אין דער קורצער צייט וואס איך האב איהם קענען גילערנט, האב איך איהם ערקענט אז ער איז צו אזעלכע ניעדערטראכטיגע זאכין ניט פעהיג.

פון וואַנען דען נעמט זיך דאָס ? האָט שטראהל געפרעגט.

אויב איך האָב קיין טעות ניט פערשטייא איך פון וואַנען דאָס נעמט זיך. האָט בנימין גיענטפערט.

זאָגט, איך בין זייער נייגיעריג צו הערין אייער מיינונג.

איך האָב גיהערט אַז הערמאַן קומט אַריין צו אַגעוויסען איסר וויספעלד.

יאָ ריכטיג.

דער איסר וויספעלד איז וויא איך האָב גיהערט אַמענטש מיט זייער אַנידעריגען כאַראַקטער. מען האָט מיר פון איהם אַקלאָרע שילדערונג געגעבין אַז ער איז איין העכסט פערדאָרבענער מאַן. נוא וויא באַלד אַז הערמאַן קומט אַריין צו איהם. האָט ער דאָך איהם געמוזט בעטין ער זאָל איהם בעהילפיג זיין אין זיין אונגליק. גלויב איך אַז דער וויספעלד האָט דא אויסגעשפרייט פאַר אייך אַנעטץ.

ניין איך האַלט ניט מיט אייך — האָט שטראהל גיענטפערט — אָבוואָהל איך קאָן וויספעלדן ניט. נור איך קאָן זיינע אַטאַכטער. און אויב דאָס איז ריכטיג וואָס מען זאָגט אַז דאָס עפּעלע פאַלט ניט ווייט פון דעם ביימעלע. מוז איך גלויבין אַז דער פאָטער עם הייסט וויספעלד איז איינער פון דיא בעסטע מענטשין אין דער וועלט. דען זיא איז אַקינד וואָס מאָג מיט איהר גוטען כאַראַקטער אונ מיט איהר אָרדענטליכקייט אַלס מוסטער דינען פאַר אַלע פרויען.

דאָס איז גאָר קיין באַווייז ניט — האָט בנימין גיענטפערט — מיר זעהען זייער אָפט וויא גוטע אָרדענטליכע עלטערין האָבין פערדאָרבענע קינדער. אין דעם געגענטהייל וויא שלעכטע פערדאָרבענע עלטערין האָבין גוטע קינדער. איך זאָג אייך נאָך אַמאָהל ליבער שטראהל. אַז וויא איך האָב גיהערט ערציילין פון וויספעלדן. וואַקסט דיא גאַנצע געשיכטע פון איהם. וואָס ער האָט דא געטאָהן קאָן מען ניט וויסען. נאָר זאָגט מיר וואָס קלערט איהר אַצונד צו טאָהן?

וואָס זאָל איך קלערין, אָדער וואָס זאָל איך טאָהן, איך מוז ערפאַהרען אין וואָס מען האָט מיר בעשולדיגט. אונ מוז אויסווייזין אַז איך בין ניט שולדיג. קיין אַנדער פלאַן האָב איך ניט. נאָר איך וויים בעשטימט אַז איידער מיין אונשולדיגקייט וועט באַוויזען ווערין וועל איך דערווייל זיטצען אין אַסטראָג.

מיין גאָט! — האָט בנימין ערשראָקען אַנגעשרייא געטאָהן — איהר וועט זיטצען אין אַסטראָג? אונ איהר רעדט אַזוי קאַלט פון דעם?

וואָס זאָל איך מיך דא היטצען? קיין געפאַהר שטייהט דא ניט ווייל איך וויים אַז איך וועל אויסווייזען מיין שולדיגקייט. אונ ווען איך זאָל ניט זאָרגען וועגען דעבאָרען וואָלט מיר דיא גאַנצע געשיכטע ניט געאַרט.

וואָס קאָן דא אין אמתן ווערין פון דעבאָרען אָהן אייך?

איך האָב איהר שוין געשריבען אַבריף. אַז קוים וועט זיא ערפאַהרען אַז איך בין אַרעסטירט, זאָל זיא באַלד צו איהרע עלטערין איבער גיין. דען וואָס צו זאָל זיא בלייבען עלענד אין דער פרעמדער שטאָט.

זײַער גְלַײך הָאט אִיהר גֶעטָאהְן . אִיהר הָאט דָא גֶעהאַנְדֶעלְט וִויא אַײך פַּאסְט . נוּא ? אוּנ אַײך אִינְטֶערֶעסִירְט גָאר נִיט וָואס עֶס קָאן זַײעֶר מֶעגְלִיך זַײן אַז אִיהְרֶע עֶלְטֶערְן זָאלִין זִיא צְווִינְגְען זִיא זָאל דַערְוַײל הֵייראַטְהָען מִיט אַנְ׳אַנְדֶערִין .

אִיך גְלוֹיב נִיט אַז דעבארא זָאל זִיךְ לָאזִין צְווִינְגְען צוּ אַזַא זַאךְ . נוּא לִיבָּער פריעדפיש אַדְיֶע דֶערְוַײל ! אִיךְ גֵייא אַוֶועק אוֹיף מַיין קְוַוארְטִיר ,עֶרְוַוארְטֶען דֶעם פְּרִיסְטַאוו וֶועלְכֶער וֶועט גֶעוִויס קוּמֶען נָאךְ מִיר .

שְׁטֵייהְט אִיךְ וֶועל אוֹיךְ גֵיין מִיט אַייךְ — הָאט בנימין גֶעזָאגְט אוֹיפְשְׁטֵייהֶענְדִיג פוּן אָרְט .

גֵיין הֶערְר פריעדפיש אִיהר גֵייט נִיט מִיט מִיר . דֶען וֶוער וֵוייס אִין וָואס מֶען בֶּעשׁוּלְדִיגְט מִיר קָאנְט אִיהר אוֹיךְ צוּלִיבּ מִיר אִין אַנְ׳אוּנְגְלִיק אַרַיינְפַאלִין . אִיהר וֶועט שׁוֹין אוּנְטֶער קוּמֶען שְׁפֶּעטֶער . אוּנ אוֹיבּ אִיךְ וֶועל וִוירְקְלִיךְ אַרֶעסְטִירְט בְּלַייבִּין , זָאלְט אִיהר זִיךְ זֶעהֶען מִיט מַיינֶע גוּטֶע פְרַיינְד . אוּנ זַייא בֶּעטִין זַייא זָאלִין פוּן מַיינְט וֶועגִין עֶפֶּעס טָאהְן .

עֶר הָאט זִיךְ הֶערְצְלִיךְ גֶעקוּשְׁט מִיט בנימינן וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ פוּנַאיינַאנְדֶער גֶעוֵויינט וִויא אַקְלֵיין קִינְד אוּנ אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען . עֶר הָאט זִיךְ אָבֶּער בַּאלְד צוּרִיק אוּמְגִיקֶערְט אוּנ הָאט גֶעזָאגְט . הֶערְר פריעדפיש אִיךְ הָאבּ אַייךְ פֶּערְגֶעסִין בֶּעטִין וֶועגִין מַיין מוּטֶער . אוֹיבּ אִיהר וֶועט זִיא קָאנֶען מִיט עֶטְוָואס שְׁטִיטְצֶען טוּהְט דָאס דֶען אִיךְ קָאן אִיהר מִיט גָאר נִישְׁט הֶעלְפִין .

אִיךְ וֶועל מִיט אִיהר טֵיילִין יֶעדֶעס בִּיסֶען פוּן מוֹיל — הָאט בנימין גִיעֶנְטְפֶערְט נָאר שטראהל הָאט שׁוֹין זַיינֶע וֶוערְטֶער נִיט גִיהֶערְט . עֶר אִיז גֶעלָאפִין אַהֵיים . עֶר אִיז נִיט אִיבֶּערְרַאשְׁט גֶעוָוארִין . אַלְס עֶר הָאט דָארְט וִוירְקְלִיךְ דֶעם פְּרִיסְטַאוו גֶעטְרָאפִין . עֶר הָאט שׁוֹין אוֹיף אִיהם גֶעוַוארְט . אוּנ הָאט אִיהם גִיבֶּעטִין עֶר זָאל מִיט אִיהם גֵיין צוּם זָאנְדַארְמִיסְקֶען פָּאלְקָאוְונִיק .

וִויא אַנְ׳אוּנְשׁוּלְדִיגֶע שְׁעפֶּעלֶע גֵייט צוּ דֶער שְׁחִיטָה אִיז שטראהל מִיט אִיהם אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּם זָאנְדַארְמִיסְקֶען פָּאלְקָאוְונִיק .

---

# כה.

## דֶער פֶערְצְוֵויפֶעלְטֶער פָאטֶער :

זַייט מִיר וִוילְקָאמֶען הֶערְר גוסט ! — הָאט ווייספעלד מִיט אַפְרֵיידֶענְגֶעשְׁרַייא גֶעזָאגְט צוּ הערמאן גוסט וֶועלְכֶער אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען צוּ אִיהם אִין צִימֶער . אִיךְ הָאבּ אַייךְ וִויכְטִיגֶע נַייס צוּ עֶרְצֵיילִין .

אוּנ אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ וִויכְטִיגֶע נַייס גֶעבְּרַאכְט — הָאט הערמאן גִיעֶנְטְפֶערְט . לָאמִיךְ הֶערִין אִין וָואס בֶּעשְׁטֵייהֶן אַייעֶרֶע נַייס ?

אִיךְ הָאבּ אַייךְ אַטוֹבָה גֶעטָאהֶן בַּייא דֶער מַאדַאם מעקערוואלד אוּנ

בַּייא אִיהר טָאכְטֶער. דִיא שֵׁיינֶע עווּנעניע בְּלַייבְּט אַייעֶרֶע. אִיהר זֶעהְט חָאטְשׁ הֶערְר ווייספעלד וִויא גְרוֹיס מַיין צוּטְרוֹיֶען אִיז צוּ אַייךְ. אַז אֵיידֶער נָאךְ אִיךְ הָאבּ גֶעהַאט פוּן אַייךְ אַטוֹבָה הָאבּ אִיךְ אַייךְ שׁוֹין בֶּעלָאהְנְט מִיט דֶער פֶערְזִיכֶערוּנְג אַז אִיהר וֶועט דָאס פֶערְדִינֶען בַּייא מִיר.

אִיךְ בִּין אַייךְ זֵייעֶר דַאנְקְבַּאר הֶערְר גוסט — הָאט ווייספעלד גֶיעֶנְטְפֶערְט אִיהם דְרִיקֶענְד דִיא הַאנְד. נָאר אִיךְ קָאן אַייךְ עֶרְפְרֵייֶען מִיט דֶער גוּטֶער נַאכְרִיכְט אַז אִיךְ הָאבּ דָאס שׁוֹין בַּייא אַייךְ פֶערְדִינְט.

וָואס? אִיהר זֶענְט שׁוֹין גִיוֶוען בַּייא דֶעם רֶעקְטָאר פוּן דֶעם אוּנִיוֶוערְזִיטֶעט אוּנ הָאט שׁוֹין עֶפֶּעס אוֹסְגֶעווירְקְט?

דִיא הִילְף אִיז גֶעקוּמֶען פוּן אַנְ׳אַנְדֶער זַייט — הָאט ווייספעלד לַאכֶענְד גִיעֶנְטְפֶערְט — אִיךְ הָאבּ שׁוֹין פֶערְשְׁפָּארְט גֵיין צוּם רֶעקְטָאר. מִיר דוּכְט אַז שטראהל זִיטְצְט שׁוֹין אִין אַסְטְרָאג. אוּנ אוֹיבּ עֶר זִיטְצְט נִיט וֶועט עֶר גֶעווִיס בִּיז נַאכְט זִיטְצֶען.

וִויא אַזוֹי הָאט אִיהר דָאס גֶעמַאכְט. אוּנ פַאר וָואס זִיטְצְט עֶר?

אִיךְ הָאבּ אִיהם אָנְגֶעטָאהְן אַשֵׁיינֶע שְׁטְרֵיימֶעל, אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעמַאכְט פַאר אַסָאצְיַאלִיסְט.

וָואס הֵייסְט אִיהר הָאט אִיהם גֶעמַאכְט?

אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעוויזֶען אַז עֶר אִיז אַפַייעֶרִיגֶער סָאצְיַאלִיסְט. נוּא אוּנ אִיהר ווייסְט דָאךְ גֶעווִיס מִיט וָואס דִיא סָאצְיַאלִיסְטֶען שְׁמֶעקִין. דָא וֶועט זַיין אֵיינְס פוּן דִיא צְוֵוייא. אָדֶער עֶר וֶועט אָפְּזִיטְצֶען יָאהְרֶען לַאנְג אִין אַכְטְרָאג. בִּיז מֶען וֶועט עֶרְפַאהְרֶען אַז עֶר אִיז אוּנְשׁוּלְדִיג. אָדֶער מֶען וֶועט אִיהם פַאר שׁוּלְדִיג עֶרְקְלֶערִין אוּנ מֶען וֶועט אִיהם פֶערְמִשְׁפָּטִן אוֹיף ־קַאטָארְגֶע אָדֶער צוּם טוֹיט.

דָאס אִיז צוּפִיל הֶערְר ווייספעלד — הָאט הערמאן עֶרְשְׁרָאקֶען גֶעזָאגְט — נִיט דָאס הָאבּ אִיךְ גֶעמֵיינְט.

וָואס דֶען הָאט אִיהר גֶעמֵיינְט?

אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט אַז מֶען זָאל אִיהם אֵיינְפַאךְ צְווִינְגֶען עֶר זָאל מִיר מַיין טָאכְטֶער אָפְּגֶעבִּין.

נוּא עֶר זָאל בְּלַייבִּין פְרַאיי? עֶר זָאל קֶענֶען וַוייטֶער מַאכִין אַסְקַאנְדַאל? נֵיין הֶערְר גוסט אַזֶעלְכֶע נִידֶערְטְרֶעכְטִיגֶע מֶענְטְשִׁין אִיז אַיוֹשֶׁר מֶען זָאל פֶערְפָאלְגִין צוּם טוֹיט, אִיךְ הָאבּ דָאס נִיט גֶעטָאהְן אַזוֹי צוּלִיבּ אַייךְ וִויא צוּלִיבּ מִיר. דֶען דֶער בַּאנְדִיט הָאט זִיךְ שׁוֹין גֶענוּמֶען צוּ מַיין טָאכְטֶער אוֹיךְ. עֶר הָאט זִיא אוֹיךְ גֶעוָואלְט פוּן גְלַייכִין וֶועג אַרָאפְּפִיהְרֶען.

אָבֶּער דָאס אִיז דָאךְ זֵייעֶר אוּמֶענְטְשְׁלִיךְ מַאכִין אוֹיף אַיין אָרְדֶענְטְלִיכֶען מַאן אַזַא בִּלְבּוּל פַאר וֶועלְכִין עֶר קָאן מִיט דֶעם לֶעבִּין בֶּעצָאהְלִין.

וָואס זָאגְט אִיהר אַנְ׳אָרְדֶענְטְלִיכֶער מַאן? שטראהל אִיז שׁוֹין גֶעוָוארִין בַּייא אַייךְ אַנְ׳אָרְדֶענְטְלִיכֶער מַאן?

אִיךְ קָאן אוֹיף אִים ־קֵיין אַנְדֶער פֶעהְלֶער נִיט גֶעפִינֶען וִויא דָאס, וָואס

ער האט אן מיין ווילען מיין טאכטער פארפירט, ווייטער באדארפט איר וויסען אז ער איז אנ'ארדענטליכער מענטש, אונ ווען ער זאל ניט זיין אנגב'ס אזון, וואלט איך מיט פערגעניגען אים אנגענומען פאר אנ'איידים, דען ער איז אפאלקאמענער יונגער מאן מיט בילדונג אונ מיט אנארדענטליכען כאראקטער.

הערט איר הער גוסט וואס איך וועל אייך זאגין — האט וויססעפלד גיזאגט — אז קוים איז ער אנגב'ס אזון איז אונמעגליך ער זאל זיין אנ'ארדענטליכער מאן. נאר לאמיר אוועק ווארפין וועגין אים צוא ריידין, ער איז שוין וויא אויף דער וועלט ניטא, יעצט וועל איך אייך ערפרייען מיט נאך אוויכטיגע נאכריכט, אז איך וויים שוין ריכטיג וואו אייער טאכטער איז.

הא? וואס? איהר ווייסט וואו מיין טאכטער איז? — האט גוסט איבעראשט געפרעגט אונ האט נייאגיעריג געקוקט אויף וויססעפלדן.

יא איך וויים וואו זיא איז. אונ היינטיגען טאג קאנט איהר זיא האבין ביא זיך.

א טהייערער גוטער פריינד! — האט גוסט העכסט ערפרייהט געשריען ערגרייפענד וויססעפלדם האנד — רעדט געשווינד, זאגט וואו איז מיין טאכטער?

איך וועל אייך זאגין — האט וויססעפלד קאלט גיענטפערט — נאר פריהער מוזט איהר זיך סאגלאסען צו איין קאנדיציאן (תנאי)

וואס פאר אקאנדיציאן? — האט גוסט פערוואונדערט געפרעגט.

איך מוז אייך ערצעהלען אנייעס, אז מיין זאהן מארק איהר קאנט דאך איהם, האט דערזעהן אייער טאכטער, אונ ער האט זיך אין איהר שטערבליך פערליבט ער איז ביא מיר איינער, ער איז אקינד אבורליאנט, אונ איך גיב איהם אסך געלד אויך. וויל איך אייך בעטין איהר זאלט איהם בעגליקען מיט אייער טאכטערם האנד. לאמיר ווערין מחותנים.

איך קאן דאס אייך נאך ניט צו זאגין. איך האב דאך אפרויא זאל געזונד זיין וועלכע איך מוז פרעגין אמיינונג, היינט מוז איך דאך מיין טאכטער אויך פרעגין, צו זיא וועט זיך בעשליסען צו דעם שידוך.

אייער פרויא וועט געוויס וועלין דאס איז ביא מיר קיין צווייפעל ניט. אונ אייער טאכטער וועט דיא ערשטע צייט ניט וועלין, ווייל איהר וועט נאך ליגען שטראהל אין קאפ. נאר נאכהער וועט זיא געוויס מיט שטימען.

מיר וועלין שוין זעהען. האט הערמאן גיענטפערט.

ניין פריינד איך וויל פריהער פון אייך הערין אז איהר ווילט מיין קינד גליקליך מאכין, אונ איך האב דאס ביא אייך פערדינט, איך גיב אייך אייער קינד אוועק. איך האב זיא פון אונגליק גירעטעט.

נוא איך בין סאגלאסנע. אונ אויב זייא וועלין ביידע מיט שטימען וועך איך מיט פערגעניגען אייער מחותן.

האב איך אייער ווארט אז איהר זענט סאגלאסנע דערצו.

אִיהר הָאט מַיין הַאנְד מִיט מַיין וָארְט — הָאט הערמאַן גִיעָנְטְפֶערְט אִיהם רַייכֶענְד דִיא הַאנְד.

נוּא אִיצוּנְד וָועל אִיךְ אַייךְ זָאגֶען אַז אַייעֶר טָאכְטֶער גֶעפִינְט זִיךְ בַּייא דֶער בְּלוּמֶענְמַאכֶערִין פעריל פרידקראַנין אִין דֶער פָּאלְנִישֶׁער גַאס הויז № 6

אִיר וַוייסְט דָאס בְּעשְׁטִימְט?

אַז אִיךְ זָאג אַייךְ אִיז דָאס גֶעוִויס, — הָאט ווייספעלד גִיעָנְטְפֶרְט — נָאר אַיידֶער אִיר גֵייט מוּזְט אִיר זִיךְ גוּט בַּאקְלֶערִין, מִיט וָועלְכִין אוֹפֶן אִיר זָאלְט זִיא צוּא צִיהֶען צוּא אַייךְ מִיט גִיוַואלְד הָאבּ אִיךְ אַייךְ שׁוֹין לַאנְג גֶעזָאגְט טוֹיג נִיט דֶען פוּן נְווַאלְדְהַאטִין קוּמְט קֵיין גוּטְס נִיט אַרוֹיס, אִיר מוּזְט דָא פָּארְזִיכְטִיג צוּא טְרֶעטִין צוּא דֶער זַאךְ.

נוּא זָאגְט אַייעֶר מַיינוּנְג וָואס זָאל אִיךְ טָאן.

מַיין מַיינוּנְג אִיז וַוייטֶער אַז נָאר אַייעֶר פְּרוֹיא זָאל צוּא אִיר פְּרַייעֶר אַרַיין קוּמֶען זִיא זָאל מִיט אִיר צֶערְטְלִיךְ רֵיידִין וִויא אַצֶערְטְלִיכֶע מוּטֶער, זִיא זָאל זִיא בֶּעטִין מִיט טְרֶערִין אַז זִיא זָאל אוֹיף אִיר רַחֲמָנוּת הָאבִּין, אוּנ זָאל גֵיין צוּרִיק צוּא אַייךְ, אוּנ וֶועהְרֶענְד זִיא וָועט מִיט אִיר רֵיידִין זָאלְט אִיר אוֹיךְ אַרַיין גֵיין, אוּנ זָאלְט אוֹיךְ דָאס זֶעלְבֶּע טָאן נָאר מִיט גוּטֶען, אִיר זָאלְט אִיר גֶעבִּין צוּא עֶרְקְלֶערִין וִויא דוּם וִויא נַארֶעשׁ זִיא הָאט גֶעטָאן דַאמִיט וָואס זִיא הָאט זִיךְ אִיבֶּער גִיגֶעבִּין צוּא שטראהלען אִין דִיא הֶענְד, אִיר הָאט דוּכְט זִיךְ גִיזָאגְט אַז שטראהלס פָּאטֶער אִיז גִיוֶוען אַגַנָב, עֶרְצֵיילְט דָאס אִיר עֶס קָאן זַיין אַז זִיא וַויים דֶער פוּן נִיט, נָאר הָאט אִיר פַּאקְטָען דַאצוּ?

אַקְלֵיינִיגְקֵייט צוּא אִיךְ הָאבּ פַּאקְטָען — הָאט הערמאַן גִיעָנְטְפֶעְרְט — טָאקֶע דִיא מַאדַאם שטראהל וָועלְכֶע הָאט שטראהלען עֶרְצוֹיגִין הָאט עֶרְצֵיילְט אַז זַיין פָּאטֶער אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אִין דֶער שְׁטָאט ליצקארע פַּאר אַנ'אֵיידִים צוּא אַשִׁיינֶעם בַּעַל הַבַּיִת וָועלְכֶער הָאט גֶעהַאט אַקְרוּמֶע טָאכְטֶער, עֶר הָאט אִים גֶענוּמֶען פַּאר אַנְ'עלוּי, אוּנ הָאט אִים בַּאקְלֵייט בַּאנַייט אוֹיךְ נַדַן גִיגֶעבִּין, צוּם סוֹף אַז זַיין קְרוּמֶע וַוייבּ הָאט שׁוֹין גֶעהַאט דֶעם סענדערקען אִיז דֶער תַּכְשִׁיט פְּלוּצִים פֶערְשְׁווּאוּנְדִין גֶעוָוארִין אוּנ מִיא הָאט אַלַאנְגֶע צֵייט.... נָאר וָואס אִיז אַייךְ הֶער ווייספעלד? — הָאט פְּלוּצִים הערמאַן עֶרְשְׁרָאקִין גֶעפְּרֶעגְט — אַייךְ אִיז עֶפֶּעס גִים גוּט גֶעוָוארִין, אִיהר זַיינְט דָאךְ וָועהֶער בְּלַאס גֶעוָוארִין.

יַא מִיר אִיז עֶפֶּעס נִיט גוּט גֶעוָוארִין — הָאט ווייספעלד מִיט אַשְׁוַואכֶע שְׁטִימֶע גִיעָנְטְפֶערְט — פֶּערְצַייהֶעט מִיר הֶער גוסט וָוען אִיךְ וָועל אַרַיינְגֵיין צוּא מִיר אִין צִימֶער זִיךְ צוּא לֵייגִין.

נוּא גֵייט אַרַיין עֶס מַאכְט נִיט אוֹיס, — הָאט הערמאַן גִיעָנְטְפֶערְט — אִיךְ מוּז שׁוֹין אַלְם אֵיינְם אַוֶועק גֵיין אַהֵיים, אוּנ פוּן דָארְט וָועל אִיךְ גֵיין מִיט מַיין פְּרוֹיא צוּא דֶער בְּלוּמֶענְמַאכֶערִין נָאךְ מַיין טָאכְטֶער, אַדְיֶע מַיין פְּרַיינְד!

איך בין אייך זייער דאנקבאר, אונ וועל מיין ווארט נעווים האלטען, גייט לייגט זיך אביסעלע צו.

קוים איז הערמאן ארוים געגאנגען, האט זיך וויספעלד פאר דעם קאפף געהאפט, אונ האט מיט אביטערע שטיממע געשריען: אך דוא פערפלוכטער מענטש דיין אייגין קינד האסטוא מיט דיינע הענד אין פייער געווארפין....

# כו.

## דיא צווייא פערליבטע מעדכענס.

זייער אקריטישע צייט האט דעבארא איבער געטראגין פון דער צייט וואס איהרע עלטערין זיינען זיא געקומען זוכען נאך אגיר, פריהער האט זיא באדארפט מורא האבען צוא ווייזען זיך אין דער גאס, נאכהער האט זיא באדארפט פון איר חופה אנטלויפין פונקט וויא דער גרעסטער שונא זאל זיא גיוועזען איבער פאלין אונ אז זיא האט זיך באהאלטען בייא דער גוטער זוזאנאן, האט זיא אין דעם ערשטען טאג געהאט איין אונגערוהארטעטען שרעק פון מארק'ס ליבע ערקלערונג.

פון דעם מאמענט אן איז איהר וויספעלד'ס הויז שטארק נמאס געווארין, זיא האט שוין געוואלט אנטלויפין פון דעם שרעקליכען ארט וואו זיא האט בייא דעם ערשטין שלום עליכם אזעלכע שמערצין געהאט, זיא האט דאס געזאגט זוזאנאן, אונ זיא האט איר צוא געזאגט אז זיא וועט נאך היינט אוים זוכען פאר איר אקווארטיר.

זיא האט ווירקליך ווארט געהאלטען, דען נאך אין דעם זעלבין טאג האט זיא אוים געזוכט אקווארטיר ביי דער בלומענמאכרין פעריל פרידקראנץ, איינע יונגע העכסט ארדענטליכע פרויא, דעבארא האט דא געהאט אבעזונדער צימער, אונ זיא איז מיט איר קווארטיר העכסט צופרידין גיוועזען, זיא האט גלייך געמעלדעט שטראהלען וואו זיא געפינט זיך.

שטראהל פלעגט צוא איהר אלע טאגע אריינגעהן, אונ זייא האבין נידערכינט אז יעצט זיינען זייא שוין זיכער, אז יעצט וועלין זיא דיא עלטערין געוויס ניט געפינען.

דעבארא האט זיך אונטערדעסען מיט זוזאנאן זייער בעפריינדעט, אונ זייא האבען וויא צווייא שוועסטער זיך געליבט, צווייא מאל אין טאג פלעגט זיא זוזאנא בעזוכען, אונ זייער אפט פלעגט זיא צוזאמען מיט דעבאראן אונ מיט שטראהלען גאנצע שטונדען אפזיצען, איר ליבע צו שטראהלין איז גיווארין פייעריגער פון טאג צוא טאג, דאך האט זיא דאס מינדעסטע ניט באוויזען וואס בייא איר אין הערצען טוט זיך, מאנכעס מאל איז זיא אויף דעבאראן

הָעכְסט: אייפֶּערְזִיכְטִיג גְעוָוארִין, אִיר הָאט פֶערְדְרָאסֶען וָואס זִיא הָאט דָאס גְלִיק פוּן שטראהלען גֶעלִיבְּט צוּא וָוערִין אוּנ אַלְס שטראהל הָאט אִיר אִין דִיא אוֹיגֶען דעבאראן אַקוּש גֶעטָאן, הָאט זִיא גֶעפִיהְלט אַז דָאס בְּלוּט וָוערְט אִיר פַארְקִילְט אִין דִיא אָדֶערִין, דָאךְ הָאט זִיא זִיךְ בַּאלְד בַּארֶעכִינְט, אַז דעבארא אִיז דָא גָאר נִיט שוּלְדִיג גֶעגֶען אִיר, אוּנ זִיא הָאט נִיט דָאס רֶעכְט אוֹיף אִיר צָארְנִינג צוּא זַיין.

אִין דֶעם טָאג וָואס שטראהל אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּם זָאנְדַארְמִיסְקֶען פָּאלְקָאווְנִיק זַיינֶען דִיא בֵּיידֶע מֶעדְכֶענְס גִיזֶעסִין בַּייא דעבאראן אִין צִימֶער, אוּנ הָאבֶּען זִיךְ אוּנְטֶערְגֶעהַאלְטָען ווִיא גֶעווֹאוינְלִיךְ מִיט לִיבְּהָאפְטֶע פַארְשַׁיידֶענֶע גֶעשְׁפְּרֶעכִין, אַלְס פְּלוּצִים אִיז שטראהלס ווִירְטְהִין אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען אוּנ הָאט אִיבֶּער גִיגֶעבִּין דעבאראן אַבְּרִיף.

דעבארא הָאט גֶעשְׁווִינְד דֶעם בְּרִיף גִיעֶפִינְט אוּנ קוֹים הָאט זִיא אִים דוּרְךְ גִילֶעזִין הָאט זִיא גִיגֶעבִּין אַווִילְדֶען גֶעשְׁרַייא, אוּנ אִיז אָן קְרֶעפְטִין בְּלַאס ווִיא דֶער טוֹיט גֶעפַאלִין אוֹיף דֶער זָאפֶע וָואס זִיא אִיז גִיזֶעסִין, אוּנ דֶער בְּרִיף אִיז פוּן אִיר הַאנְד אַרוֹיס גֶעפַאלִין.

וָואס פַאר אַיין אוּנְגְלִיק אִיז גִישֶׁעהֶען? — הָאט זוזאנא עֶרְשְׁרָאקֶען גֶעפְרֶעגְט.

דעבארא הָאט נִיט גִיקָאנְט עֶנְטְפֶערִין, זִיא הָאט אִיר נָאר גֶעווִיזֶען מִיט דֶעם פִינְגֶער אוֹיף דֶעם בְּרִיף וָועלְכֶער אִיז אוֹיף דֶער עֶרְד גִילֶעגִין.

זוזאנא הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבִּין דֶעם בְּרִיף אוּנ הָענְד אוּנ פִיס הָאבִּין בַּייא אִיהר אָנְגֶעהוֹיבִּין צוּא צִיטֶערִין, זִיא הָאט גֶעהַאלְטֶען דַאבַּייא אִין אוּנְמַאכְט צוּא פַאלִין, נָאר זִיא הָאט אַלֶע אִירֶע קְרֶעפְטֶען אָנְגֶעשְׁטְרֵיינְגְט זִיא זָאל בְּלַייבִּין ווִיא וַוייט מֶעגְלִיךְ רוּהִיג.

— אָי מִיר אִיז נִיט גוּט! — הָאט דעבארא יָאמְמֶערֶענְד גֶעשְׁרִיעֶן — רֶעטֶעט מִיךְ.

דִיא אִיבֶּער בְּרֵיינְגֶערִין דֶעם בְּרִיפֶע מִיט זוזאנאן הָאבִּין גֶענוּמֶען שְׁפְּרִיצֶען דעבאראן מִיט קַאלְטֶע וַואסֶער.

אִיךְ בִּין אוּנְגְלִיקְלִיךְ! — הָאט דעבארא יָאמֶערֶענְד גֶעזָאגְט — אָ לִיבֶּע זוזאנא רֶעטֶעט מִיךְ! גִיט מִיר אַנְ'עֶצָה וָואס אִיךְ זָאל טָאן.

מִיר מוּזֶען הָאפִין אַז גָאט וֶועט נִיט לָאזִין דֶעם אָרְדֶענְטְלִיכֶען שטראהלען אִין אוּנְגְלִיק שְׁטִירְצֶען, — הָאט דִיא פֶערְצְווַייפֶעלְטֶע זוזאנא גִיעֶנְטְפֶערְט אוּנ פוּן אִירֶע אוֹיגִין הָאבִּין זִיךְ גִיגָאסִין הַייסֶע טְרֶערִין.

דעבארא אִיז פְּלוּצִים אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פוּן אִיר אָרְט הָאט גֶעחַאפְּט אוֹיף זִיךְ אִיר מַאנְטֶעל אוּנ הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ מוּז לוֹיפִין זֶעהֶען וָואס פַאר אַיין אוּנְגְלִיק מַיין שטראהלן הָאט גֶעטְרָאפִין.

וואוּהִין וֶועט אִיר לוֹיפִין? — הָאט זוזאנא גֶעזָאגְט אִיר אָפְּהַאלְטֶענְד.

לָאזְט מִיךְ! לָאזְט מִיךְ! אִיךְ מוּז עֶרְפַאהֶרֶען רִיכְטִיג וָואס מִיט אִים

איז גישעהען — אונ ביא דיא ווערטער איז זיא וויא אפייל פון באגען ארוים געפלויגין פון צימער, נאך איר איז אויך שטראהל׳ס ווירקהין ארוים געגאנגען.

אלס דעבארא איז ארוים געגאנגען, האט זוזאנא ערשט אראפ געוואָרפין דיא רוהיגע מאסקע פון איהר געזיכט, זיא האט זיך אנוארף געטאהן אויף דער זאפע אונ האט בעקלאגט דעם טהייערין שטראהלען, ביא אהאלבע שטונדע האט זיא געיאמערט, ענדליך איז זיא אויפגעשטאנען אונ האט געוואָלט ארוים גיין, אלס דיא טיר האט זיך גיעפינט אונ מאריא נוסט איז ארײן געקומען.

האב איך קיין טעות ניט — האט מאריא געזאגט זיך הערומקוקענד — ניט דא וואוינט אמעדכען דעבארא נוסט.

יא זיא וואוינט דא — האט דיא פערוויינטע זוזאנא גיענטפערט.

וואו איז זיא איצונד, איך באדארף מיט איהר וועגין אוויכטיגע זאך ריידין.

איר האט אנ׳אונגליק געטראפין — האט זוזאנא גיענטפערט.

וואס פאר אנ׳אונגליק? — האט מאריא העכסט ערשראקין געפרעגט איר ברוטינאם באדארף היינט גיין אין אסטראג.

אבער וואו איז זיא זעלבסט.

זיא איז געלאפין זעהען וואס עס טוט זיך מיט אים?

וואוהין איז זיא געלאפין?

דאס ווייס איך ניט.

שוין לאנג?

ניין ניט לאנג מיט אפירטעל שטונדע פריהער — האט זוזאנא גיענטפערט — זאגט מיר מאדאם ווער זייט איר?

איך בין איר מוטער.

אזויא איר זייט איר מוטער? איר קאנט גיין אהיים דען אייער טאכטער וועט היינט קומען צוא אייך.

פון וואנען ווייסט איר דאס? — האט מאריא ערפרייט געפרעגט.

איהר אונגליקליכער ברוטינאם האט איר אזויא בעפאהלען אין אבריף.

איר ווייסט דאס בעשטימט?

יא איך האב אליין גילעזין דעם בריף.

איך דאנק אייך זייער פריילין פאר דער נאכריכט — האט מאריא געזאגט מיט אפריינדליכען שמייכעל אונ איז ארוים געגאנגען.

וויא אבליטץ דורך דער פינסטערער נאכט האט אפונק האפנונג פלוצים בעשטראהלט זוזאנאס פינכטער הערץ״, ״דעבארא וועט דאך יעצט געוויס אנקומען צוריק צוא איהרע עלטערין״, האט זיא זיך געקלערט״ אונ דיא וועלין מיט איהר אוועק פאהרען אונ וועלין זיא געוויס צווינגען זיא

זָאל הַיירַאטְהָען מִיט אַיין אַנְדֶערִין , דַאן בְּלַייבְּט שטראהל פְּרַייא , אונ עֶר וָועט דָאךְ גָעווים אַלְס אוּנְשׁוּלְדִיג עֶרקְלֶערְט וָוערִין דַאן קָאן זִיא בְּעגְלִיקְט וָוערִין מִיט זַיין הַאנְד .

דִיא גֶעדַאנְקֶען הָאבְּן זִיא בֶּערוּהִיגְט , זִיא הָאט אָבְּגֶעווִישְׁט אִיהְרֶע טְרֶערִין אונ אִיז גֶעגַאנְגֶען אַהֵיים , אוּנ ווִיא עֶרְשְׁטוֹינְט אִיז זִיא גֶעוָוארִין אַלְס אַריין גֵייהֶענְד אִין שְׁטוּב הָאט זִיא גִיהֶערְט וִויא דֶער פָאטֶער שְׁרַייט צוּא דאנילאן , דוּא זָאלְסְט דִיא מִינוּט גֵיין אוּנ אוֹיס וַוייזֶען אַז שטראהל אִיז אוּנְשׁוּלְדִיג .

אָבֶּער עֶס אִיז דָאךְ שׁוֹין פַארְפַאלִין ! — הָאט דאנילא גִיעֶנְטְפֶערְט — בַּאנְרָאבִּין אַמֶענְטְשִׁין אִיז גְרִינְג , אָבֶּער אִים לֶעבֶּעדִיג מַאכִין אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ .

דָאס גֵייט מִיךְ גָאר נִיט אָן — הָאט ווייספעלד גֶעשְׁרִיעֶן — אִיךְ הֵייס דִיר דוּא זָאלְסְט אִים רֶעטֶען .

הָאט אִיר מִיר נִיט גֶעזָאלְט הַייסִין פְרִיהֶער אִיךְ זָאל אִים אַזַא חֲתוּנָה אוֹיף שְׁפִּילִין , וָואס בִּין אִיךְ דָא שׁוּלְדִיג ? אִיךְ הָאבּ דָאךְ אַייעֶר פֶערְלַאנְג גֶעטָאן — הָאט דאנילא גִיעֶנְטְפֶערְט .

רַייד נִיט קַיין סַךְ אוּנ טוּא וִויא אִיךְ הֵייס דִיר — הָאט ווייספעלד בֶּעפָאהְלֶען — דוּא קָאנְסְט נָאךְ פֶערְרִיכְטֶען עֶר זָאל גִירֶעטֶעט וָוערִין .

אוּם גָאטֶעס ווִילֶען ווִיא אַזוֹיא קָאן אִיךְ דָא פַארִיכְטֶען , מִיא הָאט אִים שׁוֹין אִין אַסְטְרָאג אַוֶועק גֶעפִירְט .

גֵייא זַייא זִיךְ מוֹדֶה אַז דֶער בְּרִיף וַואקְסְט פוּן דִיר .

דָאס הַייסְט אִיךְ זָאל גֵיין פַארְנֶעמֶען שטראהל׳ס אָרְט אִין אַסְטְרָאג הַייסְט אִיר מִיר ? — הָאט דאנילא קַאלְט גִיעֶנְטְפֶערְט — גֵיין אַזַא נַאר וֶועל אִיךְ נִיט זַיין .

דוּא וָועסְט עֶרְגֶער מַאכִין וֶוען אִיךְ וֶועל דָאס אוֹיס וַוייזֶען — הָאט ווייספעלד גֶעזָאגְט .

אוֹיף דֶעם אִיז דָא עֵצוֹת . . . . אִיךְ בִּין אוֹיךְ נִיט פוּן דִיא וָואס מֶען פַאר קוֹיפְט דְרַייא פַאר אַגְרָאשֶׁען , אִיךְ וֶועל זִיךְ נִיט לָאזֶען שְׁפַּייעֶן אִין פָּנִים .

אַוֶועק פוּן מַיינֶע אוֹיגֶען ! דוּ אוּנְמֶענְטְשׁ ! — הָאט ווייספעלד צָארְנִיג גֶעשְׁרִיעֶן . זֶעהְט אִיר דָאס קָאן אִיךְ אַייךְ טָאן , אַוֶועק גֵיין פוּן אַייעֶרֶע אוֹיגִין קָאן אִיךְ , אָבֶּער נִיט גֵיין אִין אַסְטְרָאג .

מִיט דִיא וֶוערְטֶער אִיז עֶר אַרוֹיס גִיגַאנְגֶען פוּן ווייספעלדס הוֹיז .

שטראהלס אוּנְגְלִיק וַואקְסְט פוּן מַיין פָאטֶער ? — הָאט זוזאנא צוּא זִיךְ אַלַיין גֶעזָאגְט אַרַיינְגֵייעֶנְד צוּא זִיךְ אִין צִימֶער — עֶר הָאט דָאס אִים דוּרְךְ אַבִּלְבּוּל אִין אַזַא לַאנְגֶע גֶעבְּרַאכְט , אִיךְ מוּז רִיכְטִיג עֶרְפַאהְרֶען , וָואס עֶר הָאט אִים גֶעטָאן אִין וָואס דֶער בִּלְבּוּל בַּאשְׁטֵייט . פִילַייכְט וֶועל אִיךְ דָא קֶענֶען שטראהלען רֶעטֶען .

# כז.

## אַשְׁרֶעקְלִיכֶעם צוּפַאל ;

עֶס אִיז גִיוֶועזֶען אַפִינְסְטֶערֶע נַאכְט, דֶער מָאנְד הָאט זִיךְ בַּאהַאלְטֶען אוּנְטֶער דִיא גְרוֹיסֶע וָואלְקֶען וֶועלְכֶע הָאבִּין דֶעם הִימֶעל פֶערְדֶעקְט, דִיא שְׁטְרַאסֶען פוּן אַגִיר זַיינֶען גִיוֶועזֶען פוּסְט פוּן מֶענְטְשִׁין, דֶען דִיא בֶּעווֹאוֹינֶער פוּן דֶער שְׁטָאט הָאבִּין זִיךְ שׁוֹין בַּאהַאלְטֶען אִין זַייעֶרֶע הַייזֶער פַאר דֶעם רֶעגֶען וֶועלְכֶער הָאט בַּאדַארְפְט בַּאלְד קוּמֶען.

אוֹיף דֶעם בּוּלְוַואר פַארְבַּייא אַדְרַייא שְׁטָאקִיגֶעם הוֹיז הָאט וִויא גֶעשְׁוֶועבְּט אַשְׁוַוארְצֶע פְרוֹיֶען פִיגוּר, זִיא אִיז גֶעגַאנְגֶען הִין אוּנ צוּרִיק, אֵיינִיגֶע מָאל אִיז זִיא צוּגֶעגַאנְגֶען צוּא דֶעם טוֹיֶער פוּן דֶעם הוֹיז וִויא זִיא זָאל וֶועלִין אַרַיינְגֵיין אִיךְ הוֹיף נָאר יֶעדֶעם מָאל הָאט זִיא זִיךְ צוּרִיק גֶעצוֹיגִין.

אַנְטְגֶעגִין אִיר פוּן דֶעם הוֹיף אִיז נָאךְ אַשְׁוַוארְצֶע פִיגוּר אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען, דִיא עֶרְשְׁטֶע אִיז צוּא דֶער צְוֵוייטֶער צוּגֶעלָאפִין אוּנ הָאט גֶעפְרֶעגְט: דָא וואוֹינְט דֶער זָאנְדַארְמִיסְקֶער פָּאלְקָאוְנִיק.

— יַא דָא! הָאט אַגֶעזוּנְדֶע מֶענֶער שְׁטִימֶע גִיעֶנְטְפֶערְט.

— אִיר גֵייט אֶפְּשֶׁר פוּן אִים?

— יַא אִיךְ גֵייא פוּן אִים.

— דָארְט אִיז יֶעצְט דָא יֶעמַאנְד? הָאט דִיא עֶרְשְׁטֶע שְׁטִימֶע מִיט צִיטֶערֶענְדֶע טֶענֶער גֶעפְרֶעגְט.

— נֵיין דָארְט אִיז אִיצוּנְד קֵיינֶער נִיטָא, אוֹיסֶער דֶער פָּאלְקָאוְנִיק אַלֵיין.

— אִיר זַייט לַאנְג גִיזֶעסִין בַּייא אִים?

— פוּן צְוֵוייא דֶעם זֵייגֶער אָן.

— וַוייסְט אִיר נִיט, דָארְט אִיז גִיוֶועזֶען אַיוּנְגֶער מַאן מִיט דֶעם נָאמֶען שטראהל.

— יַא עֶר אִיז גִיוֶועזֶען.

— וואוּ אִיז עֶר אִיצוּנְד?

— עֶר זִיצְט אִין אַגוּט אָרְט טַאקֶע אִין אַסְטְרָאג.

— אִין אַסְטְרָאג? — הָאט זוזאנא (דֶען דָאס וַואר זִיא) אַגֶעשְׁרַייא גֶעטָאן.

— יַא עֶר זִיצְט אִין אַסְטְרָאג, דֶען עֶר אִיז אַפָּאלִיטִישֶׁער פַארְבְּרֶעכֶער.

— אָ עֶר אִיז נִיט קֵיין פַארְבְּרֶעכֶער, עֶר אִיז אוּנְשׁוּלְדִיג — הָאט זוזאנא מִיט אַבִּיטֶערֶע שְׁטִימֶע גֶעזָאגְט.

— אִיךְ הָאבּ מוֹרָא אַז אִיר זַייט אוֹיךְ אַפֶערְבְּרֶעכֶערִין — הָאט דֶער מֶענְטְשׁ גֶעזָאגְט עֶרְגְרֵייפֶענְד זִיא בַּייא דִיא הֶענְד — דֶען דִיא וָואס קָאמְפַּאנִירְט זִיךְ מִיט פָּאלִיטִישֶׁע פֶערְבְּרֶעכֶער, דִיא אִיז אוֹיךְ פוּן זִינְד נִיט רֵיין, אַלְזָא זָאלְט אִיר אַזוֹיא פְרַיינְדְלִיךְ זַיין אוּנ אַרַיינְגֵיין מִיט מִיר צוּם פָּאלְקָאוְנִיק.

אוּם נָאטֶעס וִוילֶען לָאזְט מִיךְ אָפּ — הָאט זוזאנא זִיךְ גִיבֶּעטִין אוּנ אִירֶע

הֶענְד מִיט דִיא פִּיס הָאבִּין גֶעצִיטֶערְט וִויא פוּן פִיבֶּער , — אִיךְ שְׁוֶוער אֵייךְ בַּייא גָאט אַז אִיךְ בִּין נִיט קֵיין פֶערְבְּרֶעכֶערִין .

דָאס וֶועלִין מִיר שְׁפֶּעטֶער זֶעהֶען — דֶער וַוייל קוּמְט מִיט מִיר אַרוֹיף צוּא דֶעם פָּאלְקָאווְנִיק .

אָ טוּט מִיר אַזַא שַׁאנְדֶע נִיט אָן , אִיךְ בִּין אַנְבִירֶעשׁ קִינְד , — הָאט זִיךְ זוזאנא גִיבֶּעטִין , אִיךְ בִּין שטראהלס כַּלָּה אוּנ בִּין גֶעגַאנְגֶען עֶרְפַאהְרֶען וָואס מִיט אִים אִיז , אִיךְ שְׁוֶוער אֵייךְ אַז אִיךְ זָאג דִיא רֵיינֶע וַוארְהֵייט .

קֵיין שְׁבוּעָה וֶועט אֵייךְ נִיט הֶעלְפִין — הָאט דֶער מֶענְטְשׁ וֶועלְכֶער וַואר אַזָאנְדַאר גֶעזָאגְט עֶרְגְרֵייפֶענְד פֶּעסְטֶער זוזאנאס הַאנְד ' גֵייט אִיר מִיט נוּטֶען אִיז רֶעכְט וֶוען נִיט וֶועט אִיר גֵיין מִיט בֵּייזֶען .

זוזאנא הָאט זִיךְ גֶעפְּרוּפְט בֶּעטִין , אוּנ הָאט אוֹיךְ צוּגֶעזָאגְט דֶעם זָאנְדַאר גֶעלְד נָאר אַלְס זִיא הָאט גִיזֶעהֶען אַז אִיר וֶועט קֵיין זַאךְ נִיט הֶעלְפִין , אִיז זִיא אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען מִיט דֶעם זָאנְדַאר צוּם פָּאלְקָאווְנִיק .

אַקָאלְטֶער שְׁוֵויים הָאט בֶּעגָאסִין אִיר שְׁטֶערִין אַלְס זִיא אִיז אִין אַגְרוֹיסִין זַאל אַרֵיינְגֶעקוּמֶען וואו דֶער פָּאלְקָאווְנִיק אִיז גִיזֶעסִין נֶעבֶּען אַטִישׁ אוּנ הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען , אַלְס זִייא זַיינֶען אַרֵיינְגֶעקוּמֶען הָאט עֶר דֶעם קָאפּ אוֹיף גֶעהוֹיבִּין אוּנ הָאט זִיךְ שְׁטַארְק פַארְוואוּנְדֶערְט אַלְס עֶר הָאט דֶערְזֶעהֶען קוּזְמִין דֶעם זָאנְדַאר מִיט אַשֵׁיין מֶעדְכֶען .

דָאס מֵיידִיל הֶער פָּאלְקָאווְנִיק אִיז אַפָּאלִיטִישֶׁע פֶערְבְּרֶעכֶערִין — הָאט קוּזְמִין גֶעזָאגְט — זִיא אִיז גֶעקוּמֶען עֶרְפַאהְרֶען וָואס עֶס הֶערְט זִיךְ מִיט שטראהלען ,

נֵיין אִיךְ בִּין נִיט קֵיין פֶערְבְּרֶעכֶערִין — הָאט זוזאנא מִיט טְרֶערִין גֶעזָאגְט — זָא וַואר וִויא אִיךְ לֶעבּ אַז אִיךְ בִּין נִיט קֵיין פֶערְבְּרֶעכֶערִין .

וֶוער זַייט אִיר ? הָאט דֶער פָּאלְקָאווְנִיק גֶעפְרֶעגְט .

אִיךְ בִּין אַהִיגֶע .

וֶוער זַיינֶען אֵייעֶרֶע עֶלְטֶערִין ?

מַיין פָאטֶער הֵייסְט איסר ווייספעלד .

וִויא קוּמְט אִיר צוּא שטראהלען ?

שטראהל הָאט בַּאדַארְפְט זַיין מַיין חָתָן .

פוּן וַואנֶען הָאט אִיר גֶעוואוּסְט אִים דָא צוּא זוּכֶען .

אוֹיף זַיין קְוַוארְטִיר הָאט מֶען מִיר גֶעזָאגְט אַז עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּא אֵייךְ .

אִיר פְּלֶעגְט אָפְט גֵיין צוּ אִים אִין קְוַוארְטִיר ?

נֵיין נִיט זֵייעֶר אָפְט , דֶען עֶר פְּלֶעגְט קוּמֶען צוּא מִיר , נָאר הַיינְט אַז אִיךְ הָאבּ גִיזֶעהֶען אַז עֶר אִיז נִיט גֶעקוּמֶען וִויא גֶעוואוֹינְלִיךְ , בִּין אִיךְ אוּמְרוּהִיג גֶעוָוארִין , אוּנ בִּין גֶעגַאנְגֶען צוּא אִים אִין קְוַוארְטִיר פְרֶעגִין וואוּ עֶר אִיז , הָאבּ אִיךְ דָארְט עֶרְפַאהְרֶען אַז עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּא אֵייךְ .

אִיר הָאט גֶעוואוּסְט אַז עֶר אִיז אַפָּאלִיטִישֶׁער פֿאַרְבְּרֶעכֶער ? — הָאט דֶער פָּאלְקָאוְנִיק גֶעפְֿרֶעגְט נָאךְ אַקוּרְצֶעס נַאכְדֶענְקֶען .

נֵיין עֶר אִיז נִיט קֵיין פֶֿערְבְּרֶעכֶער .

וָואס זָאגְט אִיר עֶר אִיז נִיט קֵיין פֶֿערְבְּרֶעכֶער אַז מִיר הָאבִּין פַֿאקְטֶען אַז עֶר אִיז אַגִיפֶֿעהֶרְלִיכֶער סָאצְיַאלִיסְט .

אִיךְ קָאן שְׁוֶוערִין בַּייא אַלֶעם וָואס הֵיילִיג אִיז אַז עֶר אִיז דֶער אָרְדֶענְטְלִיכְסְטֶער מַאן אִין דֶער וָועלְט, אִיךְ וֵויים אַז זַיינֶע פַֿיינְדֶע הָאבֶּען פַֿאר אִים אַנֶעטְ׳ן אוֹיס גֶעשְׁפְּרֵייט , און דֶער אָרְדֶענְטְלִיכֶער מַאן אִיז אַרַיינְגֶעפַֿאלְ׳ן,

פֿוּן וַואנֶען וֵוייסְט אִיר דָאס ?

אִיךְ הָאבּ הַיינְט גִיהֶערְט צְוֵוייא מֶענְטְשִׁין הָאבִּין זִיךְ גֶעקְרִיגְט , און אֵיינֶער הָאט דֶעם צְוֵוייטֶען פָֿארְוִוירְפֶֿע גֶעמַאכְט וָואס עֶר הָאט שטראהלען אוּנְשׁוּלְדִיגֶער וַוייזֶע אִין אָבְּגְרוּנְד גֶעוָוארְפִֿין .

וֶוער זַיינֶען דִיא צְוֵוייא מֶענְטְשִׁין ?

אֵיינֶער הֵייסְט דאנילא פושאק , אִיךְ וֵויים אַז עֶר הָאט דָאס שטראהלען דִיא חֲתוּנָה אוֹיפְֿגֶעשְׁפִּילְט , נָאר וִויא אַזוֹיא וֵויים אִיךְ נִיט .

און וֶוער אִיז דֶער צְוֵוייטְער ? הָאט דֶער פָּאלְקָאוְנִיק גֶעפְֿרֶעגְט .

דֶעם צְוֵוייטֶען קָאן אִיךְ נִיט .

וואו וואוינְט דֶער דאנילא פושאק ?

אִין דֶער ליכט שְׁטראסע № 8

אִיז דָאס רִיכְטִיג וָואס אִיר זָאגְט ?

אִיךְ שְׁוֶוער בַּייא גָאט אַז דָאס אִיז רִיכְטִיג .

דֶער פָּאלְקָאוְנִיק הָאט פַֿאר שְׁרִיבִּין אִיהר נָאמֶען און דָאס הויז וואו זִיא וואוינְט, אוֹיךְ אַלֶע אִיהְרֶע רֵייד , און הָאט גֶעזָאגְט : אִיהר מָאגְט אַייךְ יֶעצְט גֵיין אַהֵיים , און אַז אִיךְ וֶועל אַייךְ בַּאדַארְפִֿין וֶועל אִיךְ אַייךְ שׁוֹין אוֹיפְֿזוּכֶען .

זוזאנא אִיז אוֹיסֶער זִיךְ פַֿאר פְֿרֵיידֶע גֶעוָוארִין זִיא הָאט גֶעחַאפְּט דֶעם פָּאלְקָאוְנִיקְס הַאנְד און הָאט אַקוּשׁ גֶעטָאן און הָאט זִיךְ דַאבַּייא צוּא וֵויינְט .

אִיךְ הָאבּ אַייךְ קֵיין טוֹבָה דָא נִיט גֶעטָאן — הָאט דֶער פָּאלְקָאוְנִיק גֶעזָאגְט — אִיךְ לָאז אַייךְ אִיצוּנְד אָפּ וַוייל אִיךְ הָאבּ קֵיין פַֿאקְטָען נִיט אַז אִיר זַייט אוֹיךְ אַפֶערְבְּרֶעכֶערִין , נָאר אִיר זַייט נִיט פְֿרַייא , מִיא וֶועט שׁוֹין אוֹיף אַייךְ אַכְטוּנְג גֶעבִּין , און אִיר וֶועט נָאךְ שְׁטֵיין אִין סוֹד .

זוזאנא הָאט מִיט הֶערְצְבְּרֶעכֶענְדֶע אוֹיגֶען דֶעם פָּאלְקָאוְנִיקְס הויז פַֿארְלָאזִין , לַאנְגְזַאם אִיז זִיא אַרָאפּ גֶעגַאנְגֶען פֿוּן דִיא טְרֶעפּ , און אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פֿוּן דֶעם טוֹיעֶר אוֹיף דֶעם בוּלְוַואר , דֶער הִימֶעל אִיז גֶעוָוארֶען רֵיינֶער דֶען דִיא וָואלְקֶען הָאבֶּען זִיךְ צוּא שְׁפְּרֵייט , און דֶער הֶעלֶער מָאנְד הָאט וִויא שְׁפַּאצִירְט פֿוּן אֵיין וָואלְקֶען צוּם צְוֵוייטֶען , נָאר גֵייעֶנְד הָאט עֶר

בְּעֲלַייכְטֶעט דֶעם בוּלְוַואר , אוּנ זוזאנא הָאט בַּאמֶערְקְט אַז נִיט וַוייט שְׁטֵייט אַמָענְטְש וָועלְכֶער הָאט זִיךְ גְעלָאזְט צוּא אִיהר נָיין אַלְס עֶר הָאט זִיא דֶער זֶעהֶען .

דָא וואוֹינְט דֶער זָאנְדַארְמִיסְקֶער פָּאלְקָאווְנִיק ? — הָאט דֶער מֶענְטְשׁ גֶעפְרֶעגְט צוּ גֵייעֶנְד נָאהֶענְט .

וֶוער אִיז דָאס דעבארא ? — הָאט זוזאנא פֶערְוואוּנְדֶערְט אַנְגֶעשְׂרַייא גֶעטָאן אַלְס זִיא הָאט עֶרְקֶענְט אִיר פְרַיינְדִינְס שְׁטִימֶע .

דוּא בִּיזְט דַאס זוזאנא ? — הָאט דעבארא אָין אִיר זַייט אַנְגֶעשְׂרַיי גִיטָאן — פוּן וַואנֶען גֵייסְטוּ ? וויא קוּמְסְטוּ אַהֶער .

קוּם גֶעשְׁווִינְד אַוֶועק פוּן דַאנֶען אִיךְ וֶועל דִיר שׁוֹין אַלְס עֶרְצֵיילֶען — הָאט זוזאנא גֶעזָאגְט עֶרְגְרַייפֶענְד דֶער פְרַיינְדִינְס הַאנְד אוּנ הָאט אִיר נָאךְ זִיךְ גָאךְ גֶעשְׁלֶעפְּט גֵייעֶנְד מִיט שְׁנֶעלֶע טְרִיט ·

אַלְס זֵייא זַיינֶען אָפְּגֶעגַאנְגֶען אֵייניגֶע גַאסֶען , הָאט דעבארא זִיךְ צוּא גֶעשְׁטֶעלְט אוּנ הָאט גֶעזָאגְט : דוּא בִּיזְט גִיוֶוען בַּייא דֶעם זָאנְדַארְמִיסְקֶען פָּאלְקָאווְנִיק זוזאנא ? אָ עֶרְצֵייל מִיר גֶעשְׁווִינְד וָואס הָאסְטוּ דָארְט גִיטָאן , אוּנ פִילַייכְט הָאסְטוּ דָארְט עֶפֶּעס גִיהֶערְט וֶועגִין שטראהל'ן .

זוזאנא אִיז גִיוֶוען זֵייעֶר נִיט אַנְגֶענֶעהְם דָאס וָואס דעבארא הָאט זִיא גֶעטְרָאפִין אַרוֹיס גֵייעֶנְד פוּן זָאנְדַארְמִיסְקֶען פָּאלְקָאווְנִיק , זִיא הָאט מוֹרָא גִיהַאט אַז דעבארא וָועט פַארְשְׁטֵיין וויא פֶערְלִיבְּט זִיא אִיז אִין שטראהלען , זָאגִין אַלֵיין אַז זִיא אִיז אַהֶער גִיגַאנְגֶען וֶועגִין אַנ'אַנְדֶער זַאךְ הָאט זִיא אוֹיךְ נִיט גִיקֶענְט דַארוּם הָאט זִיא גֶעזָאגְט נָאךְ אַקוּרְצֶעס נַאכְדֶענְקֶען אַז זִיא אִיז גִיגַאנְגֶען אִיר (דעבאראן) זוּכֶען , וַוייל זִיא הָאט זִיךְ זֵייעֶר לַאנְג גֶעזַאמְט , אוּנ אַז זִיא אִיז שׁוֹין גִיוֶוען בַּייא דֶעם פָּאלְקָאווְנִיק הָאט זִיא שׁוֹין אִין אֵיין נָאנְג גֶעפְרֶעגְט אוֹיף שטראהלען .

נוּא וָואס הֶערְט זִיךְ ? הָאט דעבארא רַאשׁ גֶעפְרֶעגְט .

עֶר זִיצְט דֶער וַוייל אַרֶעסְטִירְט .

וואוּ אִין אַסְטְרָאג ?

יָא אִין אַסְטְרָאג .

אָה אִיךְ הָאבּ בַּאלְד פַארְשְׁטַאנֶען אַז מַיין אוּנְגְלִיק אִיז שׁוֹין גִישֶׁעהְן — הָאט דעבארא גֶעיָאמֶערְט — אִיךְ הָאבּ פַארְשְׁפִּילְט מַיין טַייעֶרִין שטראהלין פַארְשְׁפִּילְט פִילַייכְט אוֹיף עֶוִויג , וָואס זָאל אִיךְ אִיצוּנְד טָאן ?

דוּא מוּזְט לִיבֶּע דעבארא טָאן וִויא שטראהל הָאט דִיר גֶעהֵייסִין , צוּרִיק גֵיין צוּא דַיינֶע עֶלְטֶערִין , דַיין מוּטֶער אִיז גִיוֶוען אוֹיף דַיין קְווַארְטִיר אוּנ הָאט דִיר גֶעווָאלְט נֶעמֶען אַהֵיים .

מַיין מוּטֶער אִיז גִיוֶוען אוֹיף מַיין קְוַוארְטִיר ? פוּן וַואנֶען הָאט זִיא גֶעוואוּסְט וואוּ מַיין קְווַארְטִיר אִיז .

גֶעווִיס הָאט זִיא עֶרְפַאהְרֶען פוּן יֶעמַאנְדֶען .

יַא אִיךְ מוּז גֵיין צוּרִיק צוּא מַיינֶע עֶלְטֶערְן -- הָאט דעבארא גֶעזָאגְט עַנְטְשְׁלָאסֶען — אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אַלְס אֵיינְס נִיט וָואס אָנְצוּוֶוערִין .

וואוּ בִּיזְטוּ גִיוֶועז בִּיז אַהֶער דעבארא ? — הָאט זִיא זוזאנא גֶעפְרֶעגְט .

אִיךְ וֵויים אַלֵיין נִיט וואוּ אִיךְ בִּין גִיוֶוען , אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעוְואוּסְט וואוּ אִיךְ זָאל שטראהלען זוּכֶען , אִיךְ בִּין גֶעוֶוען נֶעבֶּען אַסְטְרָאג , אִיךְ בִּין גֶעוֶוען בַּייא דֶעם פָּאלִיצְמַייסְטֶער אוּנ בַּייא אַלֶע פְּרִיסְטַאוֶועס , בִּיז אִיךְ הָאבּ עֶנְדְלִיךְ עֶרְפַאהְרֶען אַז עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּא דֶעם זָאנְדַארְמִיסְקֶען פָּאלְקָאוְונִיק בִּין אִיךְ גֶעלָאפִין צוּא אִיהם , קוּם לִיבֶּע זוזאנא פִיהר מִיךְ אָפּ צוּא מַיינֶע עֶלְטֶערְן , מִיט דִיר וֶועט מִיר נִיט זַיין אַזוֹיא שְׁרֶעקְלִיךְ דָאס צוּרִיק גֵיין צוּא זֵייא .

קוּם אִיךְ גֵייא מִיט דִיר — הָאט זוזאנא גִיעֶנְטְפֶערְט .



# כח.

## דָאס גֶעהֵיימְנִים .

דֶער שַׁדְכָן פעפעל הָאט זֵייעֶר רִיכְטִיג גֶעשִׁילְדֶערְט עווגעניעס כַּארַאקְטֶער , דַאמִיט וָואס עֶר הָאט גֶעזָאגְט אַז זִיא הָאט לִיבּ דֶעם לוּקְסוּס , אוּנ אִיר גַאנְצֶעס שְׁטְרֶעבֶּען אִיז צוּא לֶעבִּין וִויא אַגְרֶעפִין אַלֶע זָאלִין זִיא מְקַנֵא זַיין , זִיא אִיז גִיוֶוען פוּן דִיא פְרוֹיֶען וָואס הָאבֶּען קֵיין גֶעפִיהְל נִיט צוּא מַאטְרִיעֶלִישֶׁע גְרִינְגֶדֶע , אוּנ זַיינֶען נוּר אִיבֶּער גִיגֶעבִּין צוּא אִידֶעאַלִישֶׁע פַאנְטַאזִיֶען , עווגעניע הָאט גִיזֶעהֶען אִיר גְלִיק אִין דֶעם אוֹיסֶענְוֶוענְדִיגְסְטֶען גְלַאנְץ , זִיא הָאט גֶעוָואלְט שְׁטֵיין הֶעכֶער פוּן אַלֶע פְרוֹיֶען מִיט אִיר פּוּטְץ אוּנ מִיט אִיר גְלַאנְץ , זִיא פְלֶעגְט בֶּעשְׁטֶענְדִיג לַאכֶען פוּן דִיא מֶעדְכֶענְס וֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶעלִיבְּט אִין אָרְמֶע מֶענְטְשִׁין , וֶועלְכֶע הָאבִּין גֶעקוּקְט אוֹיף בִּילְדוּנְג אוּנ אוֹיף שֵׁיינְקַייט , אִיהר וֶוערְטִיל וַואר אִימֶער ,וֶוען גֶעלְד אִיז דָא אִיז אַלֶעס דָא אוּנ וואוּ קֵיין גֶעלְד אִיז נִיטָא אִיז קֵיין זַאךְ נִיטָא' אוּנ דַארוּם אִיז קֵיין וואוּנְדֶער נִיט וָואס זִיא וַואר גֶענֵייגְט צוּא הֵייַראטְהֶען מִיט איסר ווייספעלד וֶועלְכֶער וַואר דְרַייא מָאל אַזוֹיא אַלְט וִויא זִיא , זִיא הָאט אִין דֶעם שִׁידוּךְ גִיזֶעהֶען דֶעם צִיל פוּן אַלֶע אִיהְרֶע הָאפְנוּנְגֶען .

קלארא מעקערוואלד וַואר אַפְרוֹיא וֶועלְכֶע הָאט אוֹיף אִיר שֵׂכֶל קֵיין מָאל נִיט גֶעשְׁטֶעלְט , זִיא פְלֶעגְט זִיךְ בֶּעשְׁטֶענְדִיג פַארְלָאזִין אוֹיף דֶעם רַאטְה פוּן גוּטֶע פְרַיינְד , הערמאן גוסט הָאט זִיא גֶעהַאלְטֶען פַאר אַנוֹאהְרֶען פְרַיינְד אוּנ פַאר אַקְלוּגֶען פְּרַאקְטִישֶׁען מֶענְטְשִׁין , אוּנ אַז עֶר הָאט אִיר עֶרְקְלֶערְט אַז דֶער שִׁידוּךְ מִיט ווייספעלד'ן אִיז פַאר אִיר טָאכְטֶער אַגְלִיק , הָאט זִיא אִים גֶעגְלוֹיבְּט דָאךְ הָאט זִיא זִיךְ נִיט גֶעוָואלְט בֶּעשְׁלִיסֶען צוּא טָאן דֶעם שִׁידוּךְ אָן אִיר מַאן , זִיא הָאט אִים דֶעפֶּעשִׁירְט עֶר זָאל קוּמֶען , אוּנ עֶר אִיז בַּאלְד גֶעקוּמֶען .

מִיר זָעהָען זִיא יָעצְט מִיט אִיהר מַאן זִיטְצֶענְד אִין אַצִימֶער, אוּנ רֵיידִין וָועגִין דָעם שִׁידוּךְ, זֵייעֶר נֶעשְׁפֶּרֶעךְ מוּזֶען מִיר הֶערֶען דֶען עֶר אִיז אוּנְז זָעהעֶר וִויכְטִיג׃

נוּא אברואם וָואס זָאגְסְטוּ, אִיז דָאס אַפְּלַאן צוּא נִיט? הָאט קְלארא גֶעפְרָעגְט אִיהר מַאן וָועלְכֶער אִיז גֶעוֶועסִין פֶערְטִיפְט אִין גֶעדַאנְקֶען.

אִיךְ וֵוייס אַז דִיר גִיפֶעלְט דֶער שִׁידוּךְ, אוּנ עֶווגֶענִיע אִיז צוּפְרִידֶען וָואס זָאל דָא מִיר נִיט גִיפֶעלִין? אַז צְוֵוייא זָאגֶען שִׁיכּוֹר דַארְף זִיךְ דֶער דְרִיטֶער לֵייגֶען שְׁלָאפֶען.

יָא אָבֶער וִויא נַייְזְט דִיר אוֹיס וֶועט עֶווגֶענִיע גְלִיקְלִיךְ זַיין מִיט ווייספעלדן? דִיא פְרַאגֶע בַּאדַארְף מֶען פְרֶעגִין נָאט, דֶען נָאר עֶר וֵוייס אַזֶעלְכֶע זַאכִין, דֶער גְלַייכֶער פֶערְשְׁטַאנְד וַוייְזְט אַז דָאס אִיז נִיט אַזַא גְלֶענְצֶענְדֶער שִׁידוּךְ, אַחָתָן פוּן הָעכֶער פוּפְצִיג יָאהר, אוּנ הָאט נָאךְ צְוֵוייא קִינְדֶער אוֹיךְ, דָא קָאן מֶען קֵיין גְרוֹיס גְלִיק נִיט עֶרְוַוארְטֶען, דֶען אָבְוָואהל מִיר זָעהֶען אַז יוּנְגֶע שְׁטַארְבֶּען מַאנְכְּעס מָאהל פְרִיהֶער פוּן דִיא אַלְטֶע, נוּר אוֹיף דֶעם אִיז שׁוֹין דָא אַוֶוערְטִיל׃ „אַיוּנְגֶער קָאן שְׁטַארְבִין אוּנ אַנְאַלְטֶער מוּז שְׁטַארְבִין" אוּנ וָוען ווייספעלד וֶועט חָלִילָה אִין אַקוּרְצֶער צַייט נָאךְ דֶער חֲתוּנָה שְׁטַארְבִין קָאן מֶען פֶערְשְׁטֶעהן וָואס פַאר אַסוֹף עֶווגֶענִיע קָאן הָאבִּין.

נוּא אוֹיב אַזוֹיא פַאר וָואס זֶשֶע בִּיזְטוּ מַסְכִּים צוּ דֶעם שִׁידוּךְ?

אִיךְ וֶועל דִיר זָאגֶען דִיא וָוארְהַייט קְלארא אַז מִיךְ אַרְט שׁוֹין נִיט וֶועגֶען עֶווגֶענִיען קוֹים הָאט זִיא גֶעקֶענְט עֶנְטְזַאגֶען דֶעם פַיינֶעם אָרְדֶענְטְלִיכֶען הערצמאן דֶער פַאר וָואס עֶר אִיז נִיט אַזוֹיא רַייךְ, אוּנ יָעצְט אִיז בַּייא אִיהר רֶעכְט צוּ הֵיירַאטְהֶען מִיט אַנְאַלְטֶען מַאן דֶער פַאר וָואס עֶר הָאט גֶעלְד, ווִיל אִיךְ מִיךְ שׁוֹין וֶועגֶען אִיהר נִיט אִינְטֶערֶעסִירֶען, זָאל זִיא טָאהן וִויא זִיא וִויל, אִין מִיטֶען בִּין אִיךְ מִיךְ מְיַשֵּׁב וָואצוּ זָאל אִיךְ אִין אֱמֶתָן אַזוֹיא לֵייגֶען דִיא כּוֹחוֹת פַאר אִיהר, מֶעהר מִצְוָה וֶועט זַיין וָוען דָאס גֶעלְד וָואס אִיךְ וֶועל אִיהר דַארְפִין גֶעבֶּען נַדן וֶוען זִיא וֶועט חֲתוּנָה הָאבִּין מִיט אַנְאַנְדֶערִין, וֶועל אִיךְ בֶּעסֶער גֶעבֶּען מַיינֶע אֵיינֶענֶע קִינְדֶער.

עֶס אִיז דָאךְ אָבֶער אוֹיף עֶווגֶענִיען אַרַחֲמָנוֹת.

וָואס פַאר אַרַחֲמָנוֹת, זִיא ווִיל דָאךְ דֶעם שִׁידוּךְ אוּנ אִיךְ וֶועל נָאךְ זָעהֶען פֶערְזָארְגֶען אַז ווייספעלד זָאל אִיהר גֶעבִּין אַכְּתוּבָּה חָאטְשׁ אוֹיף דְרַייסִיג טוֹיזֶענְד רוּבֶּעל, טָאמֶער חָלִילָה שְׁטַארְבְּט עֶר בְּלַייבְּט זִיא בַּייא אַזַא קַאפִּיטַאל, בַּארֶעכִין נָאר קְלארא וִויפִיל גֶעזוּנְד אוּנ כּוֹחוֹת עֶווגֶענִיע הָאט אוּנְז גֶעקָאסְטְ, דָאס אֵיינֶע שְׁרֶעק וָואס מִיר הָאבִּין פוּן אִיהר גֶעהַאט אַלְס מִיר הָאבִּין זִיא גֶעפוּנֶען בַּייא אוּנְז לֶעבֶּען טִיהר דוּא גֶעדֵיינְקְסְט דָאךְ גֶעווִיס יֶענֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע נַאכְט אִין ווארשויא, הַיינְט דָאס גֶעלְד וָואס זִיא הָאט אוּנְז אָפּ גֶעקָאסְט, מִיר הָאבִּין גֶעטָאהן מִיט אִיהר אַזוֹיא פִיל גוּטְס וָואס עֶלְטֶערִין קָאנֶען דוּכְט זִיךְ זַייעֶרֶע אֵייגֶענֶע קִינְדֶער אַזוֹיא פִיל נִיט טָאהן, נוּא וִויפִיל אִיז דֶער שִׁיעוּר, דוּכְט זִיךְ

דאס איינע וואס מיר האבּין איהר אַלס טאכטער ערקלערט, אונ האבּין איהר אונזער נאמען געגעבּין איז שוין גענוג, ווער וואלט דאס דען געטאהן אַזא זאך, מאכין אַנגעפונענע קינד וועלכע איז פילייכט אַ ממזר פאר אַנאייגין קינד ווערענד מיא האט גאט צו דאנקען איינגע קינדער.

ניין זיא איז ניט קיין ממזר, דוא געדיינקסט דען ניט וואס אין דעם בּריף וועלכען מיר האבּין בּייא איהר דאמאלס געפונען איז געשטאנען, דאס האט איהר אַנ׳אונגליקליכע ארעמע מוטער געבּאך געמוזט אויס נייט אַוועק ווארפין.

אונ דוא ווייסט געוויס אַז דאס האט ווירקליך אַנ׳ארעמע מוטער געשריבּען? — האט אברהם לאַכענד געזאגט — עס קאן זיין אַז דאס איז נור אַנ׳עפּערע.

נאר איך ווייס ניט וואצו האסטו זיך דער מאהנט דיא אַלטע געשיכטע, בּיז אַהער האבּען מיר דער פון ניט גירעט, לאמיר ווייטער אויך דער פון ניט ריידין, מיר האבּין זיא בּיז אַהער אַלס אונזער קינד בּעטראַכט, דאס זעלבּע וועלין מיר ווייטער אויך טאהן.

ווער טוהט דען אַנדערש — האט אברהם גיענטפערט — דוא זעהסט דאך אַז איך בּין נור צוליב איהר געקומען צופאהרען, אונ בּין פערטיג וויא אַצערט־ליכער פאטער זיא פערזארגען.

דאס הייסט ניט פערזארגט וויא אַצערטליכער פאטער ווען דוא זעהסט ארויס אַז דער שידוך איז ניט קיין גוטער אונ דוא טוהסט איהם.

דאס וואלט געהייסין שלעכט געהאנדעלט ווען איך זאל זיא צווינגען געגען איהר ווילען זיא זאל הייראטהען מיט וויספעלדן, נור קוים בעט זיא מיך איך זאל מיט איהר דעם שידוך טאהן, הייסט דאס פאטערליך געהאנדעלט, אַלזא בּלייבּט דאס אַזויא אַז מיר טוהען דעם שידוך?.

יא אַזויא בּלייבּט דאס, מיר קאנען נאך שרייבּען היינט בּייא נאכט תּנאים, אונ טאקע אין עטליכע טעג ארום שטעלען דיא חופּה, וויספעלד וועט דא זיין היינט?

איך ווייס ניט, מיא קאן איהם שיקען בּעטען אַהער.

שיק טאקע איהם בּעטען אַהער, אונ בּיז ער וועט קומען וועלין מיר נאך אַמאהל איבּער ריידין מיט עווגעניען.

דוא פערשפּארסט שוין מיט איהר צו ריידין, זיא האט מיר היינט אויך גאר אָפען געזאגט אַז וויספעלד גיפעלט איהר, אונ זיא וויל נאר מיט איהם הייראטהען.

נוא שיק איהם רופען אַהער.

קלארא האט בּעפאהלען דעם בּעדינטען ער זאל געהען צוא וויספעלדן אונ זאל איהם בּעטען אַהער.

מיר דוכט אַז ער איז יעצט בּייא הערמאן נוסט — האט דער בּעדינטער גיענטפערט

גִיעֶנְטְפֶערְט — דָען אִיךְ הָאבּ אִיהם נִיט לַאנְג גִיזֶעהֶען גֶעהֶענְד מִיט נוסטן וָועהֶער נוט — הָאט קלארא גֶעזָאגְט . — דוּא זָאלְסְט בֶּעטִין אַהֶער אוֹיךְ הערמאנען מִיט דֶער פְּרוֹיא .

דֶער בֶּעדִינְטֶער אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען , אוּנ אבראם הָאט אַרַיינְגֶערוּפֶען עוונעניען זִיא אִיז גִיוֶוען פֶערְפּוּצְט וִויא צוּ אַבַּאל .

דוּא הָאסְט גֶעוָואלְט עֶרְגֶעץ גֶעהְן עוונעניע ? הָאט זִיא אבראם גִיפְרֶעגְט .

יַא פַּאפַּא ווייספעלד הָאט מִיךְ הַייטֶע אַיינְגֶעלַאדִין אִין טְהֶעאַטֶער .

עֶר וָועט דֶען קוּמֶען הַייטֶע אַהֶער ?

עֶר הָאט פֶערְשְׁפְּרָאכִין צוּ קוּמֶען .

אַזוֹיא ? אַבִּי אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעשִׁיקְט רוּפֶען .

צוּלִיעֶב וָואס הָאסְטוּ אִיהם גֶעשִׁיקְט רוּפֶען — הָאט עוונעניע נַייא-גִיעֶרִיג גֶעפְרֶעגְט .

אִיךְ הָאבּ זִיךְ בֶּערַאטְהֶען מִיט דַיין מוּטֶער וֶועגֶען דֶעם שִׁידוּךְ , אוּנ בַּייא אוּנְז אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַז קוֹים בִּיזְטוּ בֶּעשְׁלָאסֶען צוּ זַיין ווייספעלד'ס פְּרוֹיא , זָאלִין מִיר דִיךְ נִיט שְׁטֶערִין , אוּנ הָאבִּין דַארוּם גֶעשִׁיקְט בֶּעטִין אִיהם אַהֶער דִיא זַאךְ זָאל אַנ'עֶנְדֶע גֶעמֶען נָאךְ הַייטֶע .

אִיךְ דַאנְק דִיר זֶעהֶער פַּאפַּא וָואס דוּא שְׁטֶערְסְט מִיךְ נִיט צוּגֶעהֶען צוּ מַיין גְלִיק , אִיךְ רֶעכִין דָאס ווירְקְלִיךְ פַאר אַגְלִיק זַיין ווייספעלד'ס פְּרוֹיא , עֶר אִיז אַבְּרַאפֶער אָרְדֶענְטְלִיכֶער מַאן דַאבַּייא קְלוּג גֶעבִּילְדֶעט אוּנ רַייךְ , דוּא וֶועסְט זֶעהֶען פַּאפַּא וִויא גְלִיקְלִיךְ אִיךְ וָועל זַיין , דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט וָועט מִיךְ בֶּעקַיידֶען (מְקַנֵא זַיין) .

הַלְוַאי זָאל דִיר זַיין וִויא אִיךְ וִוינְטְשׁ דִיר . — הָאט אבראם גֶעזָאגְט — אִיךְ רֶעכִין אַז דוּא וֶועסט פֶערְשְׁפָּארִין הַיינְט אִין טְהֶעאַטֶער צוּ גֵיין , וַוייל מִיר וִוילֶען נָאךְ הַיינְט שְׁרַייבֶּען תְּנָאִים , אִיךְ הָאבּ גִיבֶּעטִין הערמאנען מִיט מאריאן אוֹיךְ אַהֶער .

הערמאן מִיט מאריאן וֶועלִין הַיינְט גֶעוִויס נִיט קוּמֶען , דֶען זַייעֶר דעבארא אִיז קְרַאנְק זִיא לִיגְט צוּ בֶּעט .

דעבארא ? — הָאט אבראם פֶערְוואוּנְדֶערְט גֶעפְרֶעגְט — אִיז דֶען דעבארא שׁוֹין בַּייא זַייא ?

יַא גֶעסְטֶערִין אַבֶענְדְס אִיז זִיא צוּ זַייא גֶעקוּמֶען .

פוּן וַואנֶען וַוייסְטוּ דָאס ?

אִיךְ בִּין הַייטֶע דָארְט גִיוֶוען , אִיהר גֶעלִיבְּטֶער זִיצְט אִין אַסְטְרָאג , דֶער פַאר וָואס מִיא הָאט עֶרְפַאהְרֶען אַז עֶר אִיז אַסָאצִיַאלִיסְט , דַארוּם אִיז זִיא גֶעסְטֶערִין אַלַיין גֶעקוּמֶען צוּ דִיא עֶלְטֶערִין , זַייעֶר דִינְסְט דבשה הָאט מִיר עֶרְצֶעהְלְט , אַז עֶס הַאר דַאמָאלְס אַזַא רִיהְרֶענְדֶע סְצֶענֶע אַז אַיינְפַאךְ דִיא וֶוענְד הָאבִּין גֶעוַויינְט , דִיא עֶלְטֶערִין הָאבִּין זִיא עֶמְפְּפַאנְגֶען מִיט דֶער צֶערְטְלִיכְסְטֶער

לִיבֶּע, זִיא אִיז אָבֶּער בַּאלְד קְרַאנְק גֶעוָוארִין אוּנ הָאט זִיךְ אִין בֶּעט אַרַיין גֶעלֵייגְט .

דָאס אִיז וִויכְטִיגֶע נַייֶעס — הָאט אבראם גֶעזָאגְט — מִיךְ פְרֵייט זֶעהֶער וָואס הערמאן הָאט פָארְט עֶרְרַייכְט זַיין צִיל, שַׁאדֶע וָואס עֶר וֶועט נִיט קֶענֶען זַיין אוֹיף דַיינֶע תְּנָאִים .

אִין דֶער מִינוּט הָאט זִיךְ דִיא טִיהר גֶיעֶפִינְט, אוּנ ווייספעלד אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען, עֶר הָאט אוֹיס גֶעזֶעהֶען זֶעהֶער בְּלַאס, אוּנ שְׁטַארְק צוּרוּדֶערְט, עֶר הָאט מִיט אַנֶעצְוואוּנְגֶענֶער פְרַיינְדְלִיכֶער מִינֶע גֶעזָאגְט : גוּט נַאבֶּענְד !

גוּט נַאבֶּענְד הֶער ווייספעלד ! — הָאט אבראם פְרַיינְדְלִיךְ גִיעֶנְטְפֶערְט — מִיר עֶרְוַוארְטֶען אַייךְ מִיט דֶער גְרֶעסְטֶער אוּנְגֶעדוּלְד, מַיין דִינֶער הָאט אַייךְ טַאקֶע גֶעטְרָאפֶען בַּייא הערמאן גוסט ?

נַיין אִיךְ בִּין בַּייא הערמאנען נִיט גִיוֶועזֶען, אִיךְ גֵייא פוּן דֶער הַיים, דֶען אִיךְ הָאבּ הַייטֶע פֶערְשְׁפְּרָאכִין דֶער פְרַיילִין עֶוֶוגעניע גֶעהֶען מִיט אִיהר אִין טְהֶעאַטֶער, דַארוּם בִּין אִיךְ גֶעקוּמֶען, אִיהר הָאט מִיךְ דֶען גֶעשִׁיקְט רוּפֶען ?

יַא וַוייל אִיךְ בַּאדַארְף דִיא וָואךְ אַוֶועק פָאהרֶען, הָאבּ אִיךְ גֶעוָואלְט מַאכִין אַנְ׳עֶנְדֶע הֶעגֶען אוּנְזֶער גֶישֶׁעפְט .....

פוּן מַיינֶער זַייטֶע אִיז שׁוֹין גִיעֶנְדִיגְט — הָאט ווייספעלד שְׁמַייכְלֶענְד גִיעֶנְטְפֶערְט .

נוּא אוּנ פוּן אוּנְזֶער זַייטֶע אִיז אוֹיךְ גִיעֶנְדִיגְט — הָאט אבראם גֶעזָאגְט .

הָאבִּין מִיר שׁוֹין גָאר נִיט פוּן וָואס צוּ רֵיידִין ? הָאט ווייספעלד גֶעפְרֶעגְט .

נָאךְ אַקְלֵיינִיגְקַייט, אִיךְ וִויל אַלְס נוּטֶער פָאטֶער מַיין טָאכְטֶער פֶערְזָארְגֶען מִיט אַיין פוּנְקְט .

וָואס פַאר אַפוּנְקְט ?

אִיךְ וִויל אִיהר זָאלְט אִיהר גֶעבֶּען אַכְּתוּבָּה אוֹיף דְרַייסִיג טוֹיזֶענְד רוּבֶּעל וַוייל אִיהר פֶערְשְׁטֶעהט דָאךְ אַלַיין, אַז אִיהר הָאט קִינְדֶער זָאלִין אַייךְ גֶעזוּנְד זַיין, אוּנ וֶוער וַוייס וִויא אַזַאךְ מַאכְט זִיךְ זָאל זִיא נִיט בְּלַייבֶּען מִיטְטֶעלָאז....

דָאס אִיז פוּן דִיא קְלֵיינֶע זַאכִין — הָאט ווייספעלד גִיעֶנְטְפֶערְט .

נוּא אוֹיבּ דֶער פוּן אִיז קַיין מְנִיעָה נִיט, קָאנֶען מִיר שׁוֹין שְׁרַייבֶּען תְּנָאִים — הָאט אבראם גֶעזָאגְט .

זֶעהֶער שׁוֹין ! הָאט ווייספעלד צוּפְרִידֶען גִיעֶנְטְפֶערְט .

נוּא אוּנ דוּא עוגעניע בִּיזְט צוּפְרִידֶען ? — הָאט זִיא אבראם גֶעפְרֶעגְט .

יַא אִיךְ וִוינְטְשׁ זִיךְ בֶּעסֶערס נִיט, הָאט עוגעניע פֶערְשֶׁעמְט גִיעֶנְטְפֶערְט .

* *
*

אִין דֶער זֶעלְבֶּער נַאכְט אִיז ווייספעלד גֶעוָוארִין עוגעניע מעקערוואלדס חָתָן, נָאר אַלֶע הָאבִּין בֶּעוואוּנְדֶערְט וָואס דֶער חָתָן אִיז עֶפֶּעס דֶעם אָבֶּענְד גִיוֶועזֶען אוּמֶעדִיג.

אפונק

# כט.

## אַפּונק האָפנונג.

שטראהלס אונגליק האט פילע הערצער פערוואונדעט, אַלע זיינע קאמע־ ראַדען פון אוניווערזיטעט וויא אויך דיא פראפעסארין האבין איהם בעדויערט. דען ער וואר ביי אלע זיינע בעקאנטע שטארק בעליבט. אונ אלע האבין געוואוסט אז ער איז אונשולדיגער ווייזע אין אונגליק אריינגעפאלין, ווייל זייא האבין געקאנט זיין כאראקטער, אונ האבין געוואוסט אז ניט ער וועט בעגעהען אזינד ניט נור געגען דער רעגירונג. אפילו ניט געגען אַן איינפאכען מענטשין.

נור מיר ווייסין דאך שוין וואס הייסט דאס רחמנות פון גוטע פריינד. מען גיט אזיפצין אונ מען זאגט געבאך. אונ קיינער ריהרט זיך פון ארט ניט דעם אונגליקליכען צו רעטין. פון דיא פילע גוטע ברידער וואס דער מענטש האט אין דער צייט וואס ער באדארף זייער טובה בלייבין נור איינער צו צווייא אין זיין אונגליק וועלכע ווילין איהם העלפין. פון אלע גוטע פריינד וואס שטראהל האט געהאט אונ וואס האבין איהם בעדויערט זיינען געבליבען נור דרייא וועלכע זיינען פערטיג גיוועזין זייער לעבין צו אפפערין אום זיין רעטונג ווילען. דיא דרייא פערזאנען זיינען אונזערע בעקאנטע בנימין פריעדפיש, זיין מוטער ציפה, אונ זוזאנא ווייספעלד, (וועגין דעבאראן איזט יעצט דיא רעדע ניט ווייל זיא ליגט קראנק).

זוזאנא האט פון דער צייט וואס מען האט שטראהלן ארעסטירט קיין פרייע מינוט ניט געהאט. זיא פלעגט ניט עסין ניט טרינקען ניט שלאפין. אונ אבוואהל זיא האט געהאט דורך איהר אונפארזיכטיגקייט גרויסע שרעק אונ שמערצין דאמאלס ביי דעם פאלקאווניק. דאך האט דאס איר ניט אפגעשראקין צו זוכען מיטלען וויא איהם צו רעטין. דיא געשיכטע וואס איהר האט יענע נאכט געטראפין, האט זיא קיינעם ניט ערצייהלט. זיא האט גאר מורא געהאט יעמאנדען דאס צו פערטרויען. אונ זיא האט נאך מער מורא געהאט פיליייכט רופט מען זיא נאך אמאל צום פאלקאווניק. אונ ווער ווייס וואס פאר ארעזוולטאט דא קאן זיין. מאנכעס מאהל וואר זיא צופרידען ביי דעם געדאנק אז פיליייכט וועט זיא אויך זיטצען אין אסטראג, דען דאמאלס וועט זיא דאך קענען זעהען שטראהלן. אונ איהם ווייזען אז צוליב איהם איז זיא אויך אין אַן אונגליק אריינגעפאלין. אונ דער פאל וועט פיליייכט פיהרען דאצוא שטראהל זאל זיא אויך ליבען.

זיא האט — וויא מיר ווייסין — געוואלט ערפאהרין וואס פאר אשפיטצעל איהר פאטער האט דורך דאנילאן שטראהלן אפגעטאן — זיא האט געפרעגט מארקען אונ האט נעפארשט ביי דאנילאן זיא האט אבער פון זייא גאר ניט געקענט ערפאהרען. ביי איהר איז קיין צווייפעל ניט גיוועזן, אז איהר פאטער קאן רעטין שטראהלין ווען ער זאל נור וועלין. אונ דער געדאנק האט זיא ניט

גֶעלָאזְט רוּהֶען. זִיא הָאט פִיל מָאהְל גֶעוָואלְט פַאלִין דֶעם פָאטֶער צוּ דִיא פִיס, אוּנ אִיהם בֶּעטִין עֶר זָאל אוֹיף דֶעם אוּנְגְלִיקְלִיכֶען שטראהלן רַחֲמָנוּת הָאבִּין. אוּנ זָאל אִיהם פוּן גֶעפֶענְגֶענִיס בֶּעפְרַייֶען. אָבֶּער זִיא הָאט דָאס נִיט גֶעקָאנְט בַּייא זִיךְ אַלֵיין פּוֹעֶלְן. עֶנְדְלִיךְ אִיז זִיא גֶעפַאלִין אוֹיף אַנְ׳אַנְדֶער פְּלַאן. זִיא זָאל זָאגִין שטראהלס מוּטֶער אַז זִיא זָאל גֵיין בֶּעטִין אִיהר פָאטֶער מִיט טְרֶערִין זָאל אוֹיף אִיהר קִינְד רַחֲמָנוּת הָאבִּין, אוּנ זָאל אִיהם טָאן אַטוֹבָה.

אֵיין זַאךְ הָאט אִיהר גֶעוואוּנְדֶערְט. זִיא הָאט זִיךְ דֶערְמָאהְנְט אָן דִיא וֶוערְטֶער וָואס אִיהר פָאטֶער הָאט גִירֶעדְט מִיט דאנילאן וִויא עֶר הָאט אִיהם גֶעהֵייסִין עֶר זָאל שטראהלן בֶּעפְרַייֶען. דָאס אִיז דָאךְ אַצֵייכִין אַז דֶער פָאטֶער אַלֵיין וִויל אִיהם אוֹיךְ טָאן אַטוֹבָה. נָאר זִיא הָאט דָאס אַלֵיין פֶערֶענְטְפֶערְט. וִויא זִיא הָאט גֶעקָאנְט דֶעם פָאטֶערְס כַּארַאקְטֶער, הָאט זִיא גֶעווּאוּסְט, אַז עֶר וִויל בֶּעשְׁטֶענְדִיג בְּלַייבִּין גִירֶעכְט. זִיא הָאט גִירֶעכִינְט אַז עֶר וִויל פַאר דאנילאן אַלֵיין וַוייזֶען אַז עֶר אִיז דָא נִיט שוּלְדִיג כְּדֵי דאנילא זָאל אוֹיף אִיהם קֵיין בַּייטְשׁ נִיט הָאבִּין. נָאר דָאס הָאט זִיא נִיט גֶעקָאנְט פֶערְשְׁטֵייהְן וָואס פוּן יֶענֶעם טָאג אִיז אִיהר פָאטֶער בֶּעשְׁטֶענְדִיג אוּנְמוּטְהִיג אוּנ אוּנְרוּהִיג. זָא דָאס עֶר הָאט זַיין גַאנְצִין מוּטְה פֶערְלָארִין.

דֶער פְּלַאן זִיא זָאל שִׁיקִין שטראהלס מוּטֶער צוּא אִיהר פָאטֶער בֶּעטִין רַחֲמָנוּת אוֹיף שטראהלען. הָאט אִיהר שׁוֹין נִיט גֶעלָאזְט רוּהֶען. אוּנ זִיא אִיז אִין אַשֵׁיינֶעם פְרִיה מָארְגִין אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּא ציפהן אִין קְוַארְטִיר פָארְלֵייגִין אִיהר דֶעם פְּלַאן.

דִיא אַרְמֶע אוּנְגְלִיקְלִיכֶע הִינְקֶעדִינֶע ציפה אִיז גִיזֶעסִין זַייט שטראהל אִיז אַרֶעסְטִירְט גֶעוָוארִין אִין אֵיין קְוַארְטִיר מִיט בנימין פריעדפיש. דֶער עֶדְלֶער מֶענְטְשׁ הָאט זַיין פֶערְשְׁפְּרֶעכוּנְג גֶעהַאלְטְען, עֶר הָאט גֶעטְהֵיילְט מִיט ציפהן דָאס בִּיסֶען פוּן מויל. צוּלִיב אִיהר אִיז עֶר גֶעבְּלִיבֶען אִין אגיר. אוּנ הָאט דָא אוֹיסְגֶעזוּכְט אַנְ׳אַלְטֶען בֶּעקַאנְטִין סוֹחֵר וָועלְכֶער הָאט אִיהם רֶעקָאמֶענְדִירְט אִין אַקַאנְטָאר וואו עֶר פְלֶעגְט פֶערְדִינֶען עֶטְלִיכֶע רוּבִּיל אַוָואךְ. אוּנ הָאט זַייא גֶעטְהֵיילְט מִיט דֶער אָרְמֶער ציפהן.

מִיר זֶעהֶען זַייא אִין יֶענֶעם פְרִיהמָארְגֶען בַּייא טְהֵייא פֶערְטִיפְט אִין דֶעם גֶעשְׁפְּרֶעךְ.

הָאט קֵיין זָארְג נִיט ציפה, אִיךְ זָאג אַייךְ אַז אַייֶער אלעקסאנדער וֶועט בֶּעפְרַייט וֶוערִין. קֵיין אוּנְשׁוּלְדִיגֶע וֶוערִין נִימַאלְס פֶערְלָארִין.

אָבֶּער דֶער וַוייל וַוייא אִיז מִיר — הָאט ציפה זִיפְצֶענְד גֶעזָאגְט — דֶערְוַוייל זִיטְצְט עֶר גֶעבַּאךְ אִין אַסְטְרָאג צְוִוישֶׁען אַלֶע גַנָבִים אוּנ גַזְלָנִים.

מֵיילֶע וָואס קָאן מֶען הֶעלְפִין. אִין לֶעבִּין טְרֶעפִין זִיךְ אַלֶערְלֵייא צוּפֵאלֶע עֶס טְרֶעפְט זִיךְ אַמָאהְל אַז דִיא גַאנְצֶע וָועלְט וַוייזְט אִין אוּנְזֶערֶע אוֹיגִין אִיִּים וִויא אַנְ׳אַסְטְרָאג. אִיךְ בַּאדַארְף דָאךְ אַייךְ נִיט דֶערְצֵיילִין קֵיין מַעֲשִׂיוֹת. אִיהר וַוייסְט דָאךְ שׁוֹין וָואס צָרוֹת בַּאטַייטִין.

צוּ אִיךְ וַויים ? פִינְקְטֶער אִיז מַיין לֶעבִּין ! אִיךְ הָאבּ דֶען אַיין רוּהִיגֶע מִינוּט גֶעהַאט אִין מַיין לֶעבִּין ? פוּן דֶער צַייט וָואס מַיינֶע עֶלְטֶערִין הָאבִּין מִיר פֶערְשְׁלַייֶערְט פַאר מַיין מַאן דֶעם עוֹכֵר יִשְׂרָאֵל. הָאבּ אִיךְ דִיא וָועלְט נִיט גִיזֶעהֶען. עֶפֶּעס אַקְלַיינִיגְקֵייט זִיטְצֶען עֶטְלִיכֶע אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהְר אַנ׳עֲגוּנָה · אִיהר שְׁפִּילְט זִיךְ עֶפֶּעס דֶערְמִיט ?

אִיךְ פֶערְשְׁטֵייא וָואס פַאר אַצָרוֹת אִיהר הָאט גֶעהַאט. נוּא זֶעהְט אִיהר דָאךְ אַז חָאטְשׁ אִיהר זֶענְט אִין אַסְטְרָאג נִיט גֶעזֶעסִין. פוּן דֶעסְט וֶועגִין הָאט אִיהר אַייֶער גַאנְץ לֶעבִּין פֶערְבְּרַאכְט וִויא אִין אַסְטְרָאג.

יָא בִּיטֶער אִיז מִיר ! — הָאט צִיפּה גֶעזָאגְט אוּיס וִוישֶׁענְד דִיא אוּיגֶען. אִין אַסְטְרָאג צוּ זִיטְצֶען אִיז פִיל בֶּעסֶער וִויא צוּ לֶעבִּין אַזָא פִינְסְטֶער לֶעבִּין וִויא אִיךְ הָאבּ גִילֶעבְּט. דֶען אִין אַסְטְרָאג הָאט מֶען אַם וֶועניגְסְטֶען וָואס צוּ עֶסִין. אוּנ מֶען שְׁלָאפְט אוּנְטֶער אַדַאךְ. אוּנ מִיר אִיז פִיל מָאהל אוּיסְגֶעקוּמֶען אַז אִיךְ הָאבּ וָואכִין לַאנְג קֵיין שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט נִיט גֶעהַאט, אוּנ הָאבּ זִיךְ גֶעוַואלְגֶערְט אוּנְטֶער דֶעם פְרַייֶען הִימֶעל. אָ אַזָא לֶעבִּין זָאל חָאטְשׁ זַיינֶע לֶעצְטֶע יָאהר פֶערְבְּרֵיינְגֶען דֶער מַחְשְׁטוֹנִיק פלטיאלקע אוֹיבּ עֶר לֶעבְּט נָאךְ.

וֶוער אִיז דֶער פלטיאלקע ? — הָאט בנימין גֶעפְרֶעגְט.

וָואס הֵייסְט דָאס אִיז דָאךְ מַיין יַאן (מַאן) מַיין תכשיט וָואס מַיין טַאטֶע הָאט פַאר מִיר אוּיסְגֶעזוּכְט.

עֶר הָאט גֶעהֵייסִין פלטיאל ? אוּנ וִויא אִיז גִיוֶועז זַיין פַאמִילְיֶע ?

זַיין פַאמִילְיֶע אִיז גִיוֶועזן אקס.

אקס ? — הָאט בנימין אוּיסֶער זִיךְ אִיבֶּערְרַאשְׁט אַגֶעשְׁרַייא גֶעטָאהן — פלטיאל אקס ?

יָא פלטיאל אקס גֶעקוּילֶעט זָאל עֶר וֶוערִין וִויא אַנ׳אָקְס טַאטֶע זִיסֶער ! נָאר וָואס ווּאוּנְדֶערְט אִיהר זִיךְ אַזוֹי רבי בנימין.

וָואס הֵייסְט וָואס אִיךְ ווּאוּנְדֶער מִיךְ. פלטיאל אקס אִיז דָאךְ דֶער רוֹצֵחַ וָועלְכֶער הָאט מִיר אוּנְגְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט, אוּנ צוּ אַזָא לַאגֶע גֶעבְּרַאכְט.

גוּטֶע מַלְאָכִים זַיינֶען מִיט מִיר ! — הָאט צִיפּה הָעכְסְט עֶרְשְׁטוֹינְט גֶעזָאגְט — וִויא קוּמְט עֶר דֶען צוּ אַייךְ.

עֶר אִיז גִיוֶוען אַקַאסִיר בַּייא אוּנְז אִין נִישֶׁעפְּט, אוּנ אִיז נַאכְהֶער מִיט אוּנְזֶער גַאנְץ קַאפִּיטַאל אַנְטְלָאפִין גִיוָוארִין.

דֶער קַאלְבַּאסְנִיק אִיז גִיוֶוען בַּייא אַייךְ אַקַאסִיר ? וִויא קוּמְט עֶר צוּ אַייךְ ? הָאט צִיפּה גֶעפְרֶעגְט אוּנ הָאט אוּיסְגֶעגְלָאצְט אִיהרֶע אוֹיגֶען אוֹיף בנימינן.

עֶר הָאט בַּייא אוּנְז אִין שְׁטָאדְט חֲתוּנָה גֶעהַאט. אוּנ וַוייל עֶר הָאט גֶעהַאט אַשֵׁיינֶעם נָאמֶען פַאר אַוַוייל לֶערְנֶער הָאט אִיהם מַיין פָאטֶער צוּ גֶענוּמֶען פַאר מִיר פַאר אַמְלַמֵד, נַאכְהֶער אִיז עֶר גֶעוָוארִין בַּייא אוּנְז קַאסִיר.

נוּא אוּנ וואוּ אִיז יֶענֶע וַוייבּ ?

יֶענֶע זִיצְט גֶעבַּאךְ אוֹיךְ אַגֶעגוּנָה אַזוֹי וִויא אִיהר. שוֹין 20 יָאהר אַז עֶר

איז אַנְטְלָאפִין גְעוָוארִין, אונ מָען וֵויים נִיט וואוּ עֶר אִיז אַהִינְגֶעקוּמֶען.

זֶעהְט נָאר וָואס מָען זָאגְט אָפְּט מָאהל, זַייט וֶוען מִיר זַיינֶען בֶּעקַאנְט אונ מִיר הָאבֶּען נִיט גֶעווּאוּסְט, אַז מִיר הָאבִּין בֵּיידֶע גֶעהַאט אֵיין מַלְאַךְ הַמָּוֶת. נוּא אונ אִיהר הָאט אִיהם נָאר נִיט גֶעזוּכְט?

אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעזוּכְט אָבֶּער אַזוֹי וִויא דִיא עֶרְד הָאט אִיהם צוּגֶענוּמֶען. בַּייא מִיר לִיגְט נָאךְ דָאס פַּאפִּיר וָואס אוּנְזֶער סְפְּרַאוְונִיק מִיט דֶעם פַּאלִיצְמֵייסְטֶער הָאבִּין מִיר גֶעגֶעבִּין, אַז אוֹיבּ אִיךְ וֶועל אִיהם גֶעפִינֶען זָאל אִיךְ אִיהם פֶּערְהַאלְטִין, אונ מֶען זָאל מִיר הֶעלְפִין אִיהם צוּ אַרֶעסְטִירֶען. נָאר פֶּערְפַאלִין אִיךְ הָאבּ שׁוֹין גָאר פֶּערְלָארִין דִיא הָאפְנוּנְג אִיהם אַמָאהל צוּ גֶעפִינֶען. עֶר מוּז זַיין עֶרְגֶעץ אִין אמעריקא.

דִיא טִיהר הָאט זִיךְ אוֹיפְגִיעֶפִינְט אונ זוזאנא אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען. בֵּיידֶע בנימין מִיט ציפהן זַיינֶען פוּן זַייעֶרֶע עֶרְטֶער אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אַלְס זַייא הָאבִּין זִיא דֶערְזֶעהֶן. בנימין הָאט זִיא נִיט גֶעקֶענְט נָאר ציפה הָאט אִיהר שׁוֹין גוּט גֶעקֶענְט.

גוּט מָארְגֶען אֵייךְ ציפה! — הָאט זוזאנא גֶעזָאגְט אַרַיינְקָאמֶענְד. אִיךְ הָאבּ קוֹים אֵייעֶר קְוַוארְטִיר גֶעפוּנֶען.

אַנַאסְט זִיטְצְט! — הָאט ציפה גֶעזָאגְט — עֶס מוּז עֶפֶּעס זַיין וָואס אִיהר הָאט מִיר אַזוֹי גֶעזוּכְט.

אִיךְ בִּין אֵייךְ גֶעקוּמֶען גֶעבִּין אַנֶעצָה וִויא אַזוֹי אִיהר זָאלְט אֵייעֶר זָאהְן רֶעטְטֶען — הָאט זוזאנא גֶעזָאגְט.

אַנֶעצָה וִויא אַזוֹי אִיךְ זָאל מַיין זָאהְן רֶעטִין? — הָאט ציפה הֶעכְסְט עֶרְפְרֵייעֶט אַנֶעשְׁרַייא גֶעטָאהֶן — אָ לַאנְג לֶעבִּין זָאלְט אִיהר וָואס אֵייךְ אִינְטֶערֶעסִירְט מַיין אוּמְגְלִיק. זָאגְט לִיבֶּע פְּרַיילִין וָואס פַאר אַנֶעצָה ווִילְט אִיהר גֶעבִּין. גָאט זָאל אֵייךְ גֶעבִּין לַאנְגֶע יָאהְר מִיט אַגוּטֶען מַזָל.

מַיין פָאטֶער קָאן אֵייךְ דָא בֶּעהִילְפִיג זַיין — הָאט זוזאנא גִיעֶנְטְפֶערְט.

אֵייעֶר פָאטֶער? — הָאט ציפה פֶערְוִוינְדֶערְט גִיפְרֶעגְט.

יַא מַיין פָאטֶער קָאן דָא אֵייעֶר זָאהְן בֶּעהִילְפִיג זַיין, אונ מַיין עֵצָה אִיז אִיר זָאלְט צוּא אִיהם אַרַיין גֵיין, אִים בֶּעטִין מִיט טְרֶערִין, עֶר זָאל אֵייךְ טָאן אַטוֹבָה, אִיךְ רֶעכִין אַז עֶר וֶועט אוֹיף אֵייךְ רַחֲמָנוּת הָאבִּין, אונ וָועט אֵייעֶר שְׁטְרַאהְלִין רֶעטְעֶן.

אַךְ אִיז מִיר! אִיךְ לוֹיף שׁוֹין! — הָאט ציפה הֶעכְסְט עֶרְפְרֵייעֶט גִיזָאגְט. נַיין אֵיילְט זִיךְ נִיט, לוֹיפְט נִיט אַזוֹ גִיךְ, אִיר זָאלְט גֵיין וֶוען אִיךְ וֶועל אֵייךְ הֵייסִין, דֶען מַיין פָאטֶער אִיז אַקַאפְּרִיזְנֶער מֶענְטְשׁ, מִיא דַארְף אָפְּהִיטֶען דִיא מִינוּט וֶוען מִיא זָאל קֶענֶען מִיט אִים רֵיידִין. נָאר וֵוייסְט אִיר וָואס? — הָאט זוזאנא גִיזָאגְט נַאכְדֶענְקֶענְד — מִיר אִיז אַיינְגֶעפַאלֶען גָאר אַנַייעֶר פְּלַאן, יַא דָאס וֶועט זַיין גְלַייכֶער פָאן אַלֶעס, מַיין פָאטֶער הַייַאטְהֶעט אִין עֶטְלִיכֶע טֶעג אַרוּם דֶער פְרַיילִין עוונעניע מעקערוואלד, אַלְזָא אִיז מַיין רַאטְה, אִיר זָאלְט

זיך װֶענְדִין צוּא דֶער פְּרֵײלִין אוּנ זיא בֶּעטִין זיא זָאל מִיט מַײן פָּאטֶער רֵײדִין װֶעגִין שטראהלען , אִיר װֶעט עֶר גֶעװִיס נִיט אַנְטזַאגִין .

יַא דָאס אִיז זֵייעֶר אַגוּטֶער פְּלַאן — הָאט בנימין גִיזָאגְט .

זָאל אִיךְ גֵיין צוּא דֶער פְּרֵײלִין ? — הָאט ציפה גִיפְרֶעגְט — אִיךְ װֵײס אִיךְ הָאבּ עֶפְּעס קֵיין חֵשֶׁק נִיט צוּא אִיר צוּא גֵיין .

װָארוּם ? הָאט זוזאנא גִיפְרֶעגְט .

װַײל מיר אַלְטֶע װַײבֶּער פוּן דֶער אַלְטֶער װֶעלְט װֵײסִין נִיט װִיא אַזוֹא צוּא רֵײדִין מִיט דִיא הַײנְטִיגֶע הַײנְטְמָאדִישֶׁע מֵײדְלַאךְ , אִיךְ װֵײס אַז אִיךְ װֶעל אָן הוֹיבִּין מִיט אִיר צוּא רֵײדִין װֶעט זִיא מִיךְ נָאךְ אוֹיס לַאכִין .

וָואס הֵייסְט זִיא וֶועט אַייךְ אוֹיס לַאכִין ? — הָאט זוזאנא גִיזָאגְט — קָאן מֶען לַאכִין פוּן אַיין אוּנְגְלִיכֶע מוּטֶער וֶועלְכֶע פֶּערְגִיסְט בְּלוּטִיגֶע טְרֶערִין אוֹיף אִיר זָאהְנְס אוּנְגְלִיק , נֵיין אַיין אוֹיס וואוּרְף דֶער נַאטוּר וֶועט זִיא זַיין אוֹיבּ זִיא וָועט זִיךְ עֶרְלוֹיבִּין נָאר אַיין שְׁמֵייכֶעל צוּ טָאן אִין אַייעֶר גֶעגֶענְוַוארְט .

וַויסְט אִיר וָואס ציפה — הָאט בנימין גִיזָאגְט — אִיךְ וָועל אַייךְ דִיא אַרְבַּייט פֶערְשְׁפָּארִין , אִיךְ וֶועל אַלֵיין אַרַיין גֵיין צוּא דֶער פְּרֵיילִין , אוּנ וֶועל זִיא בֶּעטִין זִיא זָאל דָא טָאן אַטוֹבָה , אוֹיבּ זִיא הָאט נָאר אִין זִיךְ אַהַארְץ פוּן אַמֶענְטְשִׁין , וָועט זִיא מִיר גֶעוִויס נִיט עֶנְטְזַאגִין , אוּנ אוֹיבּ מִיר וָועט זִיא נִיט עֶנְטְפֶערִין וֶועט אִיר שָׁאן הָאבִּין דִיא בְּרֵירָה אַלֵיין צוּא גֵיין צוּ אִיר .

יַא אַזוֹ זָאלְט אִיר טָאן — הָאט זוזאנא גִיזָאגְט — גֵייט פְּרִיעֶר אַרַיין צוּא אִיר , אוּנ אַז אִיר וֶועט בַּייא אִיר נָאר נִישְׁט מַאכִין וֶועט אִיר זִיךְ וָוענְדִין צוּ מַיין פָּאטֶער אַלֵיין , אוּנ אִיךְ וֶועל אַייךְ אִין דֶעם בֶּעהִילְפִיג זַיין , אִיךְ הָאף אַז דוּרְךְ מַיין פָּאטֶער וָועט אַייעֶר זָאהְן גִירֶעטֶעט וֶוערִין .



## ל.

## אַבֶּעלֵיידִיגוּנְג פָאן אַמָאכְטֶער .

בַּייא אבראס מעקערוואלד הָאט מֶען זִיךְ גִיגְרֵייט צוּא עווגעניעס חֲתוּנָה , גַאנְצֶע טֶעג אִיז קלארא מִיט עווגעניען אוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין אַלֶע מַאגַאזִינֶען , אוּנ הָאט פַאר אִיר גִיקוֹיפְט קְלֵיידֶער אוּנ פֶערְשִׁיעֶדֶענֶע שְׁטָאף צַייג , עווגעניעס גֶעזִיכְט הָאט גִישְׁטְרַאהְלְט פַאר גְרוֹיס פְרֵיידֶע , זִיא הָאט זִיךְ דַאמָאלְס גִירֶעכִינְט פַאר דֶער גְלִיקְלִיכְסְטֶער אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט , זִיא הָאט פַאר זִיךְ גִיזֶעהֶען אַשְׁמַאלְץ גְרוּבּ פָאן וֶועלְכֶער זִיא הָאט נִימַאלְס גֶעטְרוֹימְט , זִיא הָאט שׁוֹין גִיזֶעהֶן וִויא זִיא אִיז דִיא גְרֶעסְטֶע גְבִירָה אִין אַגִיר אוּנ טוֹיזֶענְדֶער מֶענְטְשִׁין שְׁטַייעֶן בַּייא אִיר אִין מִיר אָהְן הִיטְלֶען , אוּנ וַואגִין זִיךְ נִיט נֶעהֶענְטֶער צוּא גֵיין .

אַלְס זִיא אִיז אַיין מָאהְל גִיקוּמֶען פָאן דֶער גַאס מִיד , אוּנ אַפְּרִיקַאשְׁצִיק

הָאט אִיהְר נַאכְגֶעטְרָאגֶען אַפֶּעקִיל, הָאט אִיר דֶער דִינֶער גִיזָאגְט, אַז אַיוּד הָאט זִיא דָא עֶטְלִיכֶע מָאל גִיפְרֶעגְט.

וָוער אִיז דֶער יוּד? — הָאט עווגעניע פֶערְוואוּנְדֶערְט גִיפְרֶעגְט.

אִיךְ קָאן אִיהְם נִיט, — הָאט דֶער בֶּעדִינְטֶער גִיעֶנְטְפֶערְט — עֶר אִיז דָא גִיוָועז אֵיינִיגֶע מָאהְל, אוּנ הָאט גִיזָאגְט אַז עֶר בַּאדַארְף אַייךְ זַייעֶר נֵייטִיג הָאבִּין, הַיינְט אִיז דָא גִיוָועזְן גוסטוס בֶּעדִינְטֶער אוּנ הָאט אַייךְ גִיבֶּעטִין אִין דְעבאראס נָאמֶען אִיר זָאלְט צוּא אִיר אַרַיינְגֶעהֶען.

אַגְרוֹיסֶע פְּרִיצָה! הָאט עווגעניע גִיזָאגְט שְׁטָאלְץ — אִיךְ זָאל צוּא אִיר אַרַיין גֵיין, טָאמֶער וַוייסְט אִיר נִיט וָוער זִיא אִיז, אַ נָארִימֶען סְטוּדֶענְטְס גֶעלִיעֶבְּטֶע, זָאל אִיךְ צוּא אִיר אַרַיין גֵיין, גֵיין צוּא אַזֶעלְכֶע מַאדְמַאזֶעלִין גֵייא אִיךְ נִיט, אוּנ אִיךְ וִויל זֵייא גָאר נִיט קֶענֶען.

דֶער בֶּעדִינְטֶער הָאט דָאךְ עֶרְצֵיילְט אַז אִיר זֵייט אִיהְרֶע אַחֲבָרְתֶּה גִיוָועזְן — הָאט דֶער דִינֶער גִיזָאגְט.

אַחֲבֶרְתֶּה בִּין אִיךְ אִירֶע גִיוָועזְן? קֵיין מָאל נִיט. עֶר הָאט זִיךְ אַמָאל גִימַאכְט מִיר זַיינֶען גִיזֶעסִין צוּזַאמֶען אוֹיף אַדַאצֶיֶע, נוּא הָאבּ אִיךְ דָאךְ גִימוּזְט מִיט אִיר רֵיידִין, אִיךְ הָאבּ דַאמָאלְס גִירֶעט מִיט דִיא פְּרָאסְטֶע פוּיעֶרִינֶען פוּן דָארְף אוֹיךְ נוּא זַיינֶען זֵייא מַיינֶע חַבֶרְתֶּעס?

פָאן מַיינְט וֶועגִין אִיז אַלֶעס רֶעכְט הָאט דֶער בֶּעדִינְטֶער גִיעֶנְטְפֶערְט אוּנ אִיז אַרוֹיס גִיגַאנְגֶען. עֶר אִיז אָבֶער בַּאלְד צוּרִיק גִיקוּמֶען אוּנ הָאט גִיזָאגְט אַז דֶער יוּד וֶועלְכֶער הָאט זִיא גִיפְרֶעגְט אִיז וַוייטֶער דָא.

זָאל עֶר אַרַיין גֵיין לָאמִיךְ זֶעהֶען וָואס אִיז דָאס פַאר אַסָארְט בַּאשֶׁעפֶענִיש — הָאט עווגעניע בֶּעפָאהְלֶען.

עֶס הָאט לַאנְג נִיט גִידוֹיעֶרְט אוּנ בנימין אִיז אַרַיין גִיקוּמֶען, עֶר וואר נָאךְ בְּלַאס פוּן דֶער שְׁוָוערֶער קְרֵיינְק וָואס עֶר הָאט אִיבֶּער גִיטְרָאגִין, אוּנ עֶר וַואר אָרֶעם גֶעקְלֵיידֶעט.

עווגעניע הָאט אַשְׁטָאלְצִין בְּלִיק אוֹיף אִים אַוָוארְף גִיטָאן, אוּנ הָאט שְׁטָאלְץ גִיפְרֶעגְט וָואס פֶערְלַאנְגְט אִיר.?

עֶדֶעלֶע פְרַיילִין אִיךְ בִּין גִיקוּמֶען צוּא אַייךְ בֶּעטִין אַטוֹבָה דוּרְךְ וֶועלְכֶע אִיר וֶועט עֶטְלִיכֶע מֶענְטְשִׁין פוּן טוֹיט לֶעבֶּעדִיג מַאכִין, הָאט בנימין גִיזָאגְט מִיט קוּרַאזְשׁ נָאר מִיט אַפְלֶעהֶנְדֶער מִינֶע.

זָאגְט וָואס פַאר אַטוֹבָה פֶערְלַאנְגְט אִיר? — הָאט עווגעניע גִיפְרֶעגְט נִיט קוּקֶענְדִיג גְלַייךְ אִים אִין גֶעזִיכְט.

מַיינֶער אַבֶּעקַאנְטֶער, רִיכְטִיגֶער גִיזָאגְט מַיינֶער אַוָואהֶלְטֶהֶעטֶער וֶועלְכֶער הָאט מִיךְ פָאן אַשְׁרֶעקְלִיכֶען טֵייט גִירֶעטֶעט, אִיז אוּנְשׁוּלְדִיגֶער וַוייזֶע אִין אַסְטְרָאג אַרַיין גִיפַאלִין, עֶר הָאט אַיין אָרֶעמֶע קְרוּמֶע מוּטֶער וֶועלְכֶע אִיז גִיקוּמֶען חָאטְשׁ גֵייעֶן. אִין דִיא הַייזֶער מִיר הָאבִּין שׁוֹין אַלֶע קְרֶעפְטִין אָנְגֶעוֶוענְדֶעט אִים צוּא רֶעטֶען, נוּר אוּנְזֶער מִיהֶע וַואר אוּמְזִיסְט, דַארוּם וֶוענְדֶע אִיךְ

מיך צוא אייך , דען איר קאנט אונז דא בעהילפיג זיין מיא זאל דעם אונגליקליכען בעפרייען .

וויא אזוא קאן איך דא בעהילפיג זיין ?

איר דארפט נור אייער עדלען ברוטיגאם דעם הערין וויספעלד בעטין וועגין דעם , דען ער איז אין שטאנד אונז דא צוא העלפין .

וויא אזו קאן ער אייך דא העלפין .

וויא אזו וייס איך ניט , איך וויים נאר דאס אז ער קאן דא העלפין ווען ער זאל וועלין , אלזא בעט איך אייך עדלע פריילין איהר זאלט אונז דיא טובה טאן , מיר וועלין בעשטענדיג פאר אייך גאט בעטין דער פאר .

וויא הייסט דער גיפאנגענער ? — האט וועניע ניפרעגט אונ האט אלס ניט גיוואלט בעהערין בנימין מיט אבליק .

ער הייסט אלעקסאנדער שטראהל , ער איז אסטודענט .

ווערמען מיינט איר שטראהלען ? דער באנדיט וואס האט פערפיהרט הערמאן נוסטום טאכטער ?

ער האט זיא ניט פערפיהרט , זיא איז אליין מיט איהר גוטען ווילין נאך אים נאך געפאהרען .

ניין פאר אזעלכע מענטשין אינטערעסיר איך מיך ניט , אונ וויל זייא קייז טובה ניט טאן — האט וועניע שטריינג גיענטפערט .

איך וויים ניט וואס פאר אבעהלער איר האט אין אים גיפונען , דוכט זיך איר אלס פריילין פון היינטיגער וועלט באדארפט אזא פאל אנדערש באראכטען אונ אביין גיין אין זייער לאגע .

איך האב אייך איינמאל גיזאגט , אונ זאג אייך נאך אמאל אז פאר אזעלכע שאלטאקעס אינטערעסיר איך מיך ניט , אונ איך בעט אייך הערט מיר אויף צוא דולין דעם קאפף וועגין אזעלכע נארעשקייט .

נארעשקייט הייסט דאס בייא אייך ? — האט בנימין ערינגמט גיזאגט — רעטען איין אונשולדיגין פון געפענגעניס , רעטען איין ארעמע מוטער פון ארמוטה אונ פון נייט הייסט בייא אייך נארעשקייט ?

גייט אייך גיזונדערהייט , איך וויל מער אייערע ווערטער ניט הערין האט וועניע האלב צארניג גיזאגט .

איך בעט אייך עדלע פריילין ערבארעמט אייך אונ טוט דיא קליינע טובה האט זיך בנימין גיבעטין .

איך פאר שטייא ניט ווארום אינטערסירט איר זיך אזוא פאר אים — האט וועניע גיזאגט — ווער זייט איר ?

איר העט מיך ניט קענען , איך הייס בנימין פריעדפיש , אמאל האב איך אויך געשפילט אגבירעשע ראליע , נאר היינט האט מיך גאט גישטראפט אונ בין דורך אבאנדיט בדלות גיווארין , דער שטראהל האט מיך אונבעקאנטער

וַוייזֶע פוּן טוֹיט אוּנ פוּן נֵייט גִירֶעטֶעט , אִיז מַיין שׁוּלְדִיגְקֵייט , אִיךְ זָאל אִים בֶּעהִילְפִיג זַיין וִויא וַוייט אִיךְ וֶועל קֶענֶען .

נוּא זַייט אִיר דָאךְ נִיט שׁוּלְדִיג וָואס אִיר קֶענְט נִיט , גֵייט אַייךְ גִיזוּנְטֶער הֵייט , דֶען אִיךְ הָאבּ קֵיין צַייט מִיט אַייךְ צוּא רֵיידִין .

אִיךְ בֶּעט אַייךְ נָאךְ אַמָאל טוּט דִיא טוֹבָה רֶעטֶעט דְרַייא מֶענְטְשִׁין .

דָאס אִיז אַזִידָאוְוסְקָע נַאטוּר ! — הָאט עווגעניע צָארְנִיג גִיזָאגְט — אִיךְ הָאבּ אַייךְ שׁוֹין צֶעהֶן מָאל גִיזָאגְט אַז אִיךְ וִויל אַייךְ דָא נִיט הֶעלְפִין , גֵייט אַייךְ גִיזוּנְדֶערְהַייט .

בַּארֶעכִינְט זִיךְ נָאךְ אַמָאל פְרַיילִין — הָאט בנימין גִיזָאגְט מִיט טְרֶערִין .

מַארְשׁ פֶערְפְלוּכְטֶער יוּד ! דָאס אַבִּיסִיל אַהָאזֶע דוּלֶען אַזוֹ לַאנְג דֶעם קָאפְּף , מַארְשׁ פוּן דַאנֶען — הָאט עווגעניע הֶעכְסְט צָארְנִיג גִישְׁרִיעֶן .

בנימין אִיז מִיט אַזִיפְּטְץ אַרוֹיס גִינַאנְגֶען , זַיין פִינְסְטֶערֶע לַאגֶע הָאט אִים אַזוֹא גִיבַּיינְט אוּנ עֶנְטְמוּטְהִיגְט , אַז עֶר הָאט אוֹיף דִיא פְרֶעגֶע וֶוערְטֶער נָאר נִיט גִיוואוּסְט וָואס צוּא טָאן .

עווגעניע אִיז נָאךְ בנימינס אַרוֹיס גַאנְג אַרוּם גִיגַאנְגֶען הִין אוּנ צוּרִיק אִיבֶּער דֶעם צִימֶער צָארִינְג , צוּא זִיא אִיז גִיוֶועזען אִין כַּעַס אוֹיף זִיךְ אַלֵיין וָואס זִיא הָאט אוּמְזָאנְסְט בַּאלֵיידִיגְט דֶעם אָרִימֶען יוּדִין , אָדֶער זִיא וַואר צָארְנִיג אוֹיף דֶעם פֶערְשְׁמוּצְטִין יוּדִין וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ גֶעוַואגְט זוֹא אַזוֹ צוּדְרֶנְגְלִיךְ צוּא בֶּעטִין אַטוֹבָה פוּן וֶועלְכֶע זִיא הָאט זִיךְ בַּאלְד עֶנְטְזַאגְט , דָאס וֵוייסִין מִיר נִיט .

דֶער הֶער ווייספעלד וִויל צוּא אַייךְ אַרַיין גֵיין — הָאט אִיר דֶער בֶּעדִינְטֶער אִין אֵיינִיגֶע מִינוּטִין אַרוּם גִימֶעלְדֶעט .

בֶּעט אִים גִישְׁווִינְד אַרַיין אַהֶער — הָאט עווגעניע גִיזָאגְט אוּנ אִיז צוּגִילָאפִין צוּא דֶעם שְׁפִּיגִיל זֶעהֶען וִויא זִיא וַוייזְט אוֹיס .

ווייספעלד אִיז אַרַיין גִיקוּמֶען מִיט דֶער מֶעלַאנְכָאלִישֶׁער מִינֶע וֶועלְכֶע אִיז אוֹיף זַיין גֶעזִיכְט גִילֶעגִין זַייט אֵיינִיגֶע טֶעג .

אִיךְ הָאבּ עֶרְשְׁט הֶער ווייספעלד צוּא לִיבּ אַייךְ גִיהַאט שְׁמֶערְצִין — הָאט עווגעניע לַאכֶענְדִיג גִיזָאגְט רַייכֶענְד אִים דִיא הַאנְד .

וָואס פַאר שְׁמֶערְצִין הָאט אִיר גִיקָאנְט צוּא לִיבּ מִיר הָאבִּין ? — הָאט ווייספעלד פֶערְוואוּנְדֶערְט גִיפְרֶעגְט .

דָא אִיז עֶרְשְׁט גִיוֶועזען בַּייא מִיר אַיוּד אוּנ אִיז צוּא מִיר צוּא גִישְׁטַאנֶען פִילַייכְט אַגַאנְצֶע שְׁטוּנְדֶע אִיךְ זָאל אַייךְ בֶּעטִין אַזוֹ וִויא אִיר קֶענְט רֶעטֶען דֶעם פֶערְפְלוּכְטִין סְטוּדֶענְט שטראהל פוּן זַיין גֶעפֶענְגֶענִיס , זָאל אִיךְ אַייךְ בֶּעטִין . אִיר זָאלְט דִיא מִצְוָה פֶערְדִינֶען , אִיךְ הָאבּ אִים בַּאלְד גִיעֶנְטְפֶערְט אַז פַאר אַזֶעלְכֶע מֶענְטְשִׁין וִויא דֶער כַּארַאקְטֶרְלָאזֶער שטראהל אִיז וִויל אִיךְ קֵיין גוּט וָוארְט נִיט אוֹיס רֵיידִין . נָאר עֶר הָאט זִיךְ אָן מִיר אָנְגֶעטְשָׁעפְּט וִויא אַפִּיַאוְקֶע , בִּיז אִיךְ הָאבּ אִים אַרוֹיס גִיטְרִיבִּין פוּן צִימֶער .

ווייספעלד הָאט זִיא פֶערְוואוּנְדֶערְט אוּנ נֵייאַגִיעֶרִיג אָנְגֶעקוּקְט , אַיוּד הָאט

אייך גיבעטין איר זאלט מיט מיר ריידין וועגין שטראהלס רעטונג , ? „האט ער גיזאגט״ וואס פאר אמחותן איז דער יוד מיט שטראהלען ? איר ווייסט ניט ווער ער איז אונ וויא ער הייסט ?

ער ווייזט אוים עפעס אשלעפער צוא זיין ער האט מיר אפילו גיזאגט זיין נאמען נאר איך האב מיך פערגעסין , נאר וואַרט וואַרט איך וועל מיך באלד דער מאנען , יא איך גידיינק שאן ער הייסט דוכט זיך בנימין פריעדפיש .

וויא ? בנימין פריעדפיש ? האט וויספעלד ניט מיט זיין שטימע אגישרייא גיטאן אונ איז בלאס גיווארין וויא דיא ווייסע וואנד .

וואס איז דאס מיט אייך הער וויספעלד ? וואס האט איר זיך אזוא ערשראקין ? — האט עוונעניע פערוואונדערט גיפרעגט .

ווער זאגט דאס אייך אז איך האב מיך ערשראקין ? — האט זיך וויספעלד פאר ענטפערט אונ האט זיך בעמיהט אויף זיין בלאסעם געזיכט מיט אשמייכיל צוא מאהלען .

איך ווייס ? איר זייט פלוצים שטארק בלאס אונ ערשראקין גיווארין .

ניין דאס ווייזט אייך פילייכט אזו אוים , נאר זאגט מיר ליבע עוונעניע וואס נאך האט ער מיט אייך גירעט .

מער נאר ניטשט , ער האט מיר ערציילט אז שטראהל האט אים פון טויט גירעטעט , אונ אז שטראהל האט דא אמוטער וועלכע וועט מוזין ניין אן אים אין דיא הייזער זיא איז איין ארעמע אונ אקרומע .

וויספעלד איז צוא גילאפין צום פענסטער , אום דאס עוונעניע זאל ניט זעהען דיא טאדליכע בלאסקייט וועלכע האט נאר אויף דאס נייע זיין געזיכט בעגאסען , ער איז איינגיגע מינוטין שטום גישטאנען , אונ האט זיך נאכהער גיווענדעט צוא עוונעניען מיט דיא ווערטער : רעכט האט איר גיטאן וואס איר האט דעם שלעפער ארויס גיטריבין , פילייכט וועט ער נאך אמאל קומען צוא אייך אדער שטראהלס מוטער וועט קומען זאלט איר מיט זייא נאר נישט ריידין , אונ זאלט זייא גלייך הייסין ארויס פיהרען , וואָרום אזעלכע ניעדעריגע מענטשין אז מיא לאזט נאר צוא צוא זיך , קאן מען זיך שוין פון זייא עוויג ניט אבטשעפען .

זעהט איר דאך אז איך האב אויף דעם שכל גיהאט נאך איידער איר האט דאס מיר גיזאגט — האט עוונעניע לאבענדיג גיענטפערט .

בייא אייך איז שוין אלעס צוא געגרייט צוא דער חתונה — האט וויספעלד נאך אקורצעם נאכדענקען גיפרעגט .

כמעט אלעס איך באדארף זיך נאך נעמען איין מאנטעל מיט אפעלץ .

איר פערשפארט דאס צוא נעמען , איך וועל אייך דיא זאבין פארטיגע ברענגען , מיר מוזין היינטיגע וואך שטעלין דיא חופה , יא איר ווייסט וואס איך וואלט אייך גיזאגט , מיר זאלין אונזער האכצייט פייערין ניט דא אין שטאט נור אין מיין דאציע קליין אגירקא דאס איז פון אגיר צווייא מייל ווייט , דארט גלויבע

איך װעלין מיר פיל מער פערגעניגען האבין אלס אין דער רוישענדער שטאט, גיפעלט איך מיין פלאן . ?

יא דאס איז זייער גלייך .

איך האב נאך אגוטין פלאן — האט ווייספעלד גיזאגט — מיר זאלין באלד נאך אונזער האכצייט זיך דורך פארין נאך אויסלאנד, איך האב שוין לאנג חשק גיהאט זיך דורך שפאצירין אין וויען, נאר אליין האט זיך מיר ניט גיוואלט פארין אבער מיט איך צוא זאמען, װעט מיר זייער אנגענעהם זיין צו מאכין דיא רייזע .

אך מיט דעם גרעסטין פערגעניגין — האט עווגעניע גיענטפערט העכסט ערפרייט — איך װעל מיך ערקוויקין װען איך װעל מיך דורך פאהרען אין וויען מיא זאגט אז דאס איז אשיינע פרעכטיג שיינע שטאט .

בלייבט דאס אזוי . ?

יא אזוי בלייבט דאס — האט עווגעניע גיענטפערט .



# לא.

## דיא פלאפלערין האט אויס גיזאגט .

פאלג מיך זוזאנא — האט סאפיא פוטצמאן גיזאגט צוא איר פלעמיאניצע ביא דער צווייטער אין צימער — דוא ווייסט דאך אז איך בין אניטרייע מוטע, וואס איך ווינטש דיר מאג מיר חאטש האלב אן גיין, איך זעה דא פאר דיר דאס גרעסטע גליק, בערעכין זיך נאר, איונגער מאן אבילדשיינער יונג ער איז ניט אזוי געבילדעט זאלסטו מער קיין צער ניט האבין, דוא ווייסט דען ניט אז דאס גליק אנטלויפט פון דיא געבילדעטע, ער איז אבער אהבם עס איז אפערגעניגען מיט אים צוא ריידין, אונ איז פון אשיינער פאמיליע, דער הער פראנק קארטמאן איז איינער פון דיא אנגעזעהענסטע מענטשין דא אין שטאט, נוא וואס באדארפסטו נאך ? געלד האט ער אויך אסך, ביא מיין עהרענווארט! שווער איך דיר אז דער שידוך איז פאר דיר אגליק .

ניין איך װעל אזא חתן ניט נעמען — האט זוזאנא גיענטפערט .

דוא מיינסט איך פערשטייא ניט פאר וואס ער גיפעלט דיר ניט — האט סאפיא לאבענדיג גיזאגט — האב קיין מורא ניט, איך פערשטייא מיט נאטס הילף אלעס. הערסטו וואס אונזערע עלטערע דאמען האבין פאר געסין, דאס וועלין זיך אייערע אלע מאמזעלין אין טויזענד יאר ניט אויס לערנען, איך בין פראקטיש אין דיא זאכין, אונ איך פערשטייא אלעס .

זאגט וואס פערשטייט איר . ?

הערסטו מיר באדארף מען קיין פינגער אין מויל ניט אריין לייגין, איך

פֶערְשְׁטֵייא אִין וָועמָען דוּא בִּיסְט פֶערְלִיבְּט , נָאר גְלוֹיבּ מִיר אַז יֶענֶער אִיז נִיט וָוערְט קארטמאנס נָאגוּל .

וָואס פְּלוֹידָערְם אִיר ? הָאט זוזאנא צָארְנִיג גִיזָאגְט .

אִיךְ פְּלוֹידֶער נִיט , דוּא אַלֵיין פֶערְשְׁטֵייסְט אַז אִיךְ פֶערְשְׁטֵייא אַלֶעס .

אָבֶּער זָאגְט מִיר וָואס פֶערְשְׁטֵייט אִיר ?

אִיךְ וֶועל דִיר אֲפִילוּ זָאגִין אַסִימָן וָועסְטוּ שׁוֹין וִויסִין אַז אִיךְ פֶערְשְׁטֵייא , דֶער וָואס דוּא הָאסְט לִיבּ זִיטְצְט אִין אַסְטְרָאג . . . אַיָא אִיךְ בִּין נִיט קֵיין נַאר ?

זוזאנא אִיז בְּלַאס אוּנ בַּאלְד רֵייט גִיוָוארִין .

שֶׁעם זִיךְ נִיט טָאכְטֶער ! — הָאט סאפיא לַאכֶענְדִיג גִיזָאגְט — דָאס אִיז נִיט קֵיין חֶרְפָּה , אִיךְ אִין דַיינֶע יָארִין הָאבּ מִיךְ אוֹיךְ פֶערְלִיבְּט אִין אֵיינְגִין מַאן , אִיךְ בִּין אוֹיךְ גִיוָועזֶען אַזַא נַארִישׁ קִינְד וִויא דוּ , דֶר יוּנְגֶער מַאן וָועלְכִין אִיךְ הָאבּ גֶעלִיבְּט , אִיז גִיוָועזֶען אַיין אוּים וואוּנְךְ דָער נַאטוּר , אוּנ אִיךְ נַארִישׁ מֵיידִיל הָאבּ גִימֵיינְט אַז עֶר אִיז אַמַלְאָךְ , אוּנ וָוער וֵוייס וָואס פַאר אַפִּינְסְטֶערִין סוֹף אִיךְ וָואלְט גִיהַאט וָוען מַיין מוּטֶער וָואלְט אִים נִיט אַרוֹיס גִיטְרִיבִּין פוּן שְׁטוּבּ אוּנ וָואלְט מִיךְ נִיט חֲתוּנָה גִימַאכְט מִיט דֶעם וָואס אִיר אִיז גִיפֶעלִין .

וָוער הָאט דָאס אַייךְ גִיזָאגְט אַז אִיךְ הָאבּ לִיבּ שטראהלען .

נָאךְ וֵוייסְטוּ נִיט אַז מִיר בֶּעדַארְף מֶען נִיט זָאגִין וָואס אִיךְ בֶּעמֶערְק מִיט אַיין בְּלִיק וָועט דָאס אַיין אַנְדֶערֶע נִיט עֶרְפַאהְרִין מִיט טוֹיזֶענְד אוֹיגִין , דַאמָאלְס אִין אָבֶענְד אַז דִיר אִיז נִיט גוּט גִיוָוארִין אַלְס אִיךְ הָאבּ דִיר דֶער צֵיילְט פוּן שטראהלס חֲתוּנָה אוּנ דַיין פְּלוֹצְלִינְגֶע עֶרְשַׁיינוּנְג אוֹיף זַיין חֲתוּנָה , דָאס זַיינֶען בַּייא מִיר גִיוָועזֶען אַייזֶערְנֶע פַאקְטִין אַז דוּא בִּיזְט אִין אִים פֶערְלִיבְּט , נוּא אַדְרַבָּא קוּק מִיר גְלַייךְ אִין דִיא אוֹיגִין אוּנ זָאג אַז אִיךְ הָאבּ אַטָעוּת גִיהַאט .

זוזאנא הָאט אַרָאפּ גִילָאזְט דִיא בְּלִיקִין צוּא דִיא עֶרְד .

זֶעהְסְטוּ וִויא אִיךְ וֵויים אַלֶעס אוּנ פֶערְשְׁטֵייא אַלֶעס — הָאט סאפיא טְרִיוּאמְפִיהְרֶענְט גִיזָאגְט — מִיךְ הָאט דָאס בַּאלְד פֶערְדְרָאסִין , וָוארוּם אִיךְ בִּין דָאךְ פַארְט דַיינֶע אַמוּהְמֶע , אוּנ אַז אִיךְ וֶועל פַאר דִיר נִיט זָארְגִין וָוער דֶען וָועט פַאר דִיר זָארְגִין אַז קֵיין מוּטֶער הָאסְטוּ נִיט , מִיךְ הָאט דָאס אַזוֹי פִיל גִיקְרֵיינְקְט אַז אִיךְ בִּין אוּים מֶענְטְשׁ גִיוָועזֶען , דֶען אִיךְ הָאבּ בִּירֶעכִינְט וִויא דוּא קְרִיכְסְט אִין אַבְּלָאטֶע , נָאר וָואס הָאבּ אִיךְ גִיזָאלְט טָאן , אִיךְ זָאל דִיר גִיוָועזֶען זָאגִין אַז דוּא טוּסְט אַפֶעלֶער קָאן אִיךְ דָאךְ דִיךְ , אִיךְ הָאבּ גִיוואוּסְט אַז דוּא וָועסְט וָוערִין אִין כַּעַס , דַארִיבֶּער הָאבּ אִיךְ מִיט דִיר גָאר נִיט גִיוָואלְט וָועגִין דֶעם רֵיידִין אוּנ הָאבּ גִיטָאן דָאס וָואס אַצְּעֶרטְלִיכֶע מוּטֶער בַּאדַארְף טָאן .

זוזאנא הָאט פְּלוּצִים אוֹיף גִיהוֹיבִּין דָעם קָאפּ הָאט אַקוּק גִיטָאן אוֹיף אִיר מוּהְמֶען אוּנ אַלְס זִיא הָאט דֶער זֶעהֶען דָעם גִיפְּטִיגִין שְׁמֵייכִיל אוֹיף אִירֶע לִיפֶּען הָאט זִיא בַּאלְד פֶערְשְׁטַאנֶען אַז דִיא בַּארַאקְטֶערְלָאזֶע פְרוֹיא הָאט אַמֵייל אִין שטראהלס אוּנ גְלִיק , דַארוּם הָאט זִיא מִיט אַלֶע קְרֶעפְטִין אִיר כַּעַס

 אַיין

איין גיהאַלטין, אונ האט וויא דיא בעסטע אַקטריסע גימאַכט אַפּרייגדליך געזיכט אונ האט גיזאגט.

וואס זאל איך מיך לייקענען איך זעה יעצט אַז איר זייט מיר גיטרייא וויא אַמוטער טייערע ליבע מומע, איך ערקענע אַז איך האב ווירקליך געליבט שטראהלען, דען דער פערפלוכטער מענטש האט מיך וויא בעצויבערט, אונ ווען ניט דאס אונגליק וואס איהם האט געטראָפין, וואָלט איך געווים אין אַנאונגליק אַריינגעפאַלין. איך זאג אייך דיא וואַרהייט אַז ווען איך זאל וויסען ווער עס האט איהם דיא שרעקליכע חתונה אויפגעשפּילט וואָלט איך יענעם דיא הענד געקושט. דען נאר יענעם האב איך צו פערדאַנקען מיין רעטונג פון שטראהלס שלעכטע הענד. איך האב שוין ריכטיג ערפאַהרען וויא ער האט מיר געוואָלט אונגליקליך מאַכין.

אַנא דוא ביזט שוין צום שכל געקומען? — האט סאפיא שמייכלענד געזאָגט — נוא איצונד וועל איך דיר זאגען דיא גאַנצע וואַרהייט, אַז דאס האב איך דעם שלעכטין מענטשין אונגליקליך געמאַכט. איך מאג מיר ריהמען אַז נור מיין קאָפּ מיט מיין שכל האבין איהם אין אַסטראָג פערטריבען.

לאַנג לעבען זאָלט איהר מוהמעניא — האט זוזאנא געזאגט העכסט ערפרייהט אויף דעם גליקליכען צופאַל וועלכער וועט איהר ענטדעקען דיא קוועלע פון שטראהלס אונגליק — איך וועל אייך קיין מאל ניט אויף הערין צוא דאַנקען וואס איר האט מיך פון אַזא אונגליק גירעטעט, דער ציילט מיר איך בעט אייך וויא אַזוי האט דאס אייך געלונגען דעם באַנדיט אין אַסטראָג אַריין צוא וואַרפין.

איך וועל דיר דער ציילין וועסטו זיך האַלטין אין דיא זייטין לאַכענדיג — האט סאפיא גיענטפערט לאַכענדיג — דאס האסטו מיר אונ דעם ליבען וואלף קארטמאן צוא דאַנקען, איך האב גיגעבין דיא עצה אונ קארטמאן האט דאס אויס גיפירט וויא אַמאַלאַדיעץ.

דער ציילט זעה מיר וואס איז גיוועזען אייער עצה? — האט זוזאנא אונגידולדיג גיפרעגט ווערהענד איר האַרץ האט שטאַרק גיקלאַפּט.

וועסטו זעה פאר קיינעם דאס ניט דער ציילין?

בעהיטע גאט, איך וועל דאס האַלטין פערשלאָסין ביי זיך וויא אין איין אייזערנעם קאסטין.

דא איז פערשטייסטו מיך אַזא געשיכטע — האט סאפיא גיענטפערט — אין אַסטראָג זיטצט אַפּאָליטישער פערברעכער סימאן קלאפפשטיין, ער איז דאנילאס אַגוטער ברודער, איז גיוועזען מיין עצה דאנילא זאל ביי איהם אַרויס קריגין אַבריעף צוא שטראהלען וואס דורך דעם בריעף זאל שטראהל אויך בעשולדיגט ווערין אַלס פּאָליטישער פערברעכער נוא נוא וואס פערשטייסטו דא ניט, אַזוי איז גיוועזען, קלאפפשטיין האט אָן געשריבין אַזא בריעף, אונ האט דאס איבער גיגעבין דאנילאן, אונ דאנילא האט איהם איבער גיגעבין קארטמאנען,

אונ קארטמאן הָאט אִים צוּא גִישְׁטֶעלְט צוּם זָאנְדַארְמִיסְקֶען פָּאלְקָאוְונִיק , נוּא אִיצוּנְד פֶערְשְׁטֵייסְטוּ שׁוֹין וָואס פַאר אַשְׁפִּיטְצָעל אִיךְ הָאבּ דָא אוֹיף גִיטָאן זֶעהֶסְט שׁוֹין הָאטְשׁ וָואס פַאר אַקָאפְּף דַיין מוּהְמֶע הָאט ?

אִיצוּנְד פֶערְשְׁטֵייא אִיךְ שׁוֹין — הָאט זוזאנא גִיעֶנְטְפֶערְט אוּנ דִיא פַארְבִּין פוּן אִיר גֶעזִיכְט הָאבִּין זִיךְ מִיט יֶעדִין מָאמֶענְט אַלְס אַנְדֶערְשׁ גֶעבִּיטְין — נָאר זָאגְט מִיר טוּהְמִינוּא וָואס הָאט גִיהַאט קארטמאן צוּא שטראהלין ?

וָואס פַאר שְׁטֵייסְט דוּא דָא נִיט , קארטמאן אִיז אִין דִיר פֶערְלִיבְּט צוּם שְׁטַארְבִּין , נוּא אַז עֶר הָאט דֶער הֶערְט אַז דוּא רָאמַאנְסִירְסְט מִיט שטראהלין , הָאט דָאס אִים שְׁטַארְק פֶערְדְרָאסִין , אוּנ עֶר הָאט אִים פוּן וֶועג אָפְּגֶערוֹימְט .

אִיךְ בִּין אִים זַייעֶר דַאנְקְבַּאר פַאר זַיין לִיבֶּע צוּא מִיר אוּנ פַאר דֶער רַאכֶע וָואס עֶר הָאט גִיטָאן אִין שטראהלין — הָאט זוזאנא גִיעֶנְטְפֶערְט — אִיךְ וָואלְט וֶועלִין דִיא עֶהְרֶע הָאבִּין מִיט אִיהְם אַלֵיין צוּא רֵיידִין , אוּנ אִיהְם מוּנְדְלִיךְ צוּא דַאנְקֶען .

אַךְ אוֹיבּ דוּא ווִילְכְט נָאר וֶועט עֶר צוּא דִיר קוּמֶען הָאטְשׁ בַּאלְד .

נֵיין אַהֶער ווִיל אִיךְ נִיט עֶר זָאל קוּמֶען , פִילַייכְט אִיז מֶעגְלִיךְ אִיךְ זָאל מִיךְ זֶעהֶען מִיט אִים בַּייא אַייךְ ?

זֵייעֶר גוּט , בַּייא מִיר וָועסְטוּ קֶענֶען מִיט אִים רֵיידִין ווִיפִיל דַיין הַארְץ גִילוּסְט , אוֹיבּ דוּא וֶועסְט וָועלִין וֶועט עֶר אַלֵיין דִיר אִיבֶּער דֶער צֵיילִין דִי גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע , אָהָא עֶר הָאט שטראהלין גוּט חֲתוּנָה גִימַאכְט , אוּנ הָאט דוּרְךְ דֶעם דִיךְ מִיט דעבאראן פוּן אוּנְגְלִיק גִירֶעטֶעט , דָאס נַארִישֶׁע מֵיידִיל דעבארא אִיז פַאר עַגְמַת נֶפֶשׁ קְרַאנְק גִיוָוארִין . נָאר זִיא אִיז שׁוֹין בַּאלְד גִיזוּנְד , אוּנ זִיא וָועט וֶוערִין אַכַּלָה פַאר דַיין בְּרוּדֶער .

פַאר וֶועמֶען וֶוערְט זִיא אַכַּלָה פַאר מארקן ? — הָאט זוזאנא פֶער־וואוּנְדֶערְט גִיפְרֶעגְט .

וָואס ? דוּא ווַייסְט נָאר דֶער פוּן נִיט ? אַשֵׁיינֶע גֶעשִׁיכְטֶע עֶהְרֶענְוָוארְט ! דוּא ווַייסְט נִיט וָואס בַּייא אַייךְ אִין שְׁטוּבּ טוּט זִיךְ .

פוּן וַואנֶען ווַייסְט אִיר דָאס ?

אַפְּרַאגֶע פוּן וַואנֶען אִיךְ ווֵייס ? וָואס ווֵייס אִיךְ דֶען נִיט , אִיךְ בִּין נֶעכְטִין בַּייא נַאכְט אַרַיין גִיגַאנְגֶען צוּא דַיין פָאטֶער , הָאט עֶר מִיר גִיהֵייסִין וַוארְטִין אִין עֶרְשְׁטִין צִימֶער ווַייל בַּייא אִים אִיז גִיזֶעסִין דעבאראס פָאטֶער , אוּנ זַייא הָאבִּין עֶפֶּעס בַּאדַארְפְט רֵיידִין וֶועגִין אַגֵייטִיג גִישֶׁעפְט , אִיךְ בִּין זֵייעֶר נַייאגִיעֶרִיג גִיוֶועֶן צוּא ווִיסִין וָואס פַאר גִישֶׁעפְטִין הָאבִּין זַייא צְווִישִׁין זִיךְ , הָאבּ אִיךְ מִיךְ גִישְׁטֶעלְט אוּנְטֶער דֶער טִיר אוּנ הָאבּ זִיךְ אַיין גִיהֶערְט , הָאבּ אִיךְ גִיהֶערְט ווִיא הערמאן גוּסט הָאט גִיזָאגְט צוּא דַיין פָאטֶער , אַז עֶר אִיז גְרֵייט צוּא הַאלְטִין וָוארְט וֶועגִין דֶעם וָואס עֶר הָאט צוּא גִיזָאגְט אַז דעבארא זָאל זַיין מארקס כַּלָה , נָאר זַיין פְרוֹיא ווִיל נִיט אִיר הַסְכָּמָה דַאבַּייא צוּא גֶעבִּין , אוֹיף דֶעם הָאט דַיין פָאטֶער גִיעֶנְטְפֶערְט , אַז עֶר הָאט אַמִיטִיל דִיא מַאדַאם גוּסט זָאל יָא אַיין שְׁטִימֶען צוּא

דעם שידוך, אונ אויב נאר פון איר איז דיא מניעה מאג מען זיך שוין גריימין אויף דער חתונה.

דאס איז ביי מיר אנייעס — האט זוזאנא ערשטוינט געזאגט — נאר איך ווייס אז דעבארא וועט ניט וועלין הייראטהען מיט מיין ברודער.

זיא וועט וועלין, אירע עלטערין וועלין שוין ניט זיין אזעלכע נאראנים וויא פריער, זייא וועלין איר שוין קיין דעות ניט פרעגין, אונ וועל זיא מיט גוואלד חתונה מאכין מיט דעם מענטשין וואס זייא וועלין וועלין ניט מיט דעם וואס זיא וועט וועלין.

איך בין זייער נייגעריג צוא הערין דיא געשיכטע פון שטראהלס מפלה פאדראבגע — האט זוזאנא געזאגט — איך וואלט אייך זייער דאנקבאר געוועזן, ווען איר זאלט נאך קאנען מאכין אז דאנילא מיט קארטמאנגען זאלין ביידע זיין ביי אייך אין איין צייט, זייא זאלין דאס מיר ביידע ערציילין וויא אזויא זייא האבין דאס אפ געארבעט.

איך קאן דאס דיר צוליב טאהן — האט סאפיא געענטפערט — היינט ביי נאכט זייגער ניין זאלסטוא קומען צוא מיר אהיים וועלין זייא שוין ביידע דארט זיין, פערלאז זיך אויף דער מוהמע סאפיא, זיא וועט דיר ערשט ווייזען וואס פאר אגוטער פריינד זיא איז דיר, וועסטו קומען היינט ניין דעם זייגער?

יא איך וועל קומען, האט זוזאנא געענטפערט.

---

# לב.

## אצוגאב צוא דיא צרות.

איסר וויספעלד איז געזעסין אין זיין צימער זייער אומעטיג.

איך גלויב אז אונזערע לעזער האבין שוין פארשטאנען פון דיא פאריגע קאפיטלאך, אז איסר וויספעלד אונ פלטיאל אקס, איז איינער אונ דער זעלבער, אונ זייא פארשטעהען געוויס דיא אורזאכע פון זיין איצטיגעם אונרוהיגקייט.

דער מענטש וועלכער האט זיך פערשאפט אגרויסין קאפיטאל נור דורך פאלשקייט אונ גנבות, דער גרויסער גביר וועלכער האט זיך שוין גירעכינט זיכער פון אלע פערמאגען וועלכע זייגען אין שטאנד זיין מאסקע אראפ צוא ווארפין, האט זיך פלוצים געפונען אין אנגעפאהרפאלע פאזיציאן, ער האט זיך געפונען ארום גערינגעלט פון דיא אלע שרעקליכע פערזאנען וועלכע קאנען אים פון זיין הויכין גליק אין טיפין אבגרונד שליידערין, ער האט זיך ארום געזעהען אז ער האט זיין איינענעם זאהן אונגליקליך געמאכט, אונ וועהרענד פאר אים זיינען געוועזן אפין דיא טירין פון גן עדן, וועהרענד ער האט באדארפט

הייראטהען מיט אזא שיינעם ענגעל וויא עוגעניע מעקערוואלד, האט ער געציטערט אויף דער ווייסער וועלט ארוים גיין פיליכט וועט ער באגעגענען דיא שרעקליכע מענטשין וועלכע קאנען פון זיין גן עדן מאכען אתל, אונ פון זיין גלענצענדער לאנגע אקערקער מאכען.

ער האט ערהערט פון זיין כלה אז בנימין פריעדפיש וויל שטראהלען, זיין זאהן, רעטען אונ דיא רעטונג זוכט ער דורך זיין האנד, דאס איז גיוועזן אדאנער וועלכער האט אלע זיינע האפנונגען צערמאלמעט, ער האט געוואוסט אז קוים וועט אים בנימין דער זעהען אונ ערקענען, דאן... ער האט זיך אליין ניט געוואגט ענדיגען אין געדאנק דאס וואס דאן קאן זיין, דאצוא האט אים דיא שרעקליכע נאכריכט אז שטראהל׳ס הינקעדיגע טוטער, זיין ערשט ווייב איז אויך דא אין גאנצין דעם קאפ פערשלאגין. וואס טוהען זייא דא״? האט ער זיך אליין געפרעגט, וויא קומען זייא אהער? האבין זייא פיליכט ערפאהרען אז איך בין דא, אונ זיינען געקומען מיר זוכען? אדער דער צופאל האט זייא אהער געבראכט״?

דער צווייטער געדאנק, פיליכט האט זייא דער צופאל אהער געבראכט״ האט אים מעהר געשראקין אלס דער ערשטער, דער גרויסער קאפ וועלכער האט טויזענדער מענטשין דיא קעפ פארדרייט, איז גיוועזן אויף דער העכסטער שטופע פאנאטיש חאטש ער האט אפגעגאלט דעם בארד, אונ גיטאן אלעס וואס איוד טאר ניט טאן, ער האט געגלויבט אז קוים האט זייא דער צופאל אהער געבראכט איז דאס נאר אוואונק פון גאט, ער האט זייא אהער גיבראכט כדי זייא זאלין איהם דא געפינען אונ ענטלארפען (אראפ ווארפען זיין מאסקע פון אים).

זיין לאנגע וואר שרעקליך, ערשטינס האט אים געקריינקט דאס וואס ער האט זיין איינין קינד אין אונגליק געשליידערט, דען אבוואהל ער איז גיוועזן פון דער נאטור טיראניש, דאך האט דיא פעטערליכע ליבע זיך ניט פארלאשין אין זיין הערצען, דער לייב וועלכער האט פרעמדע קינדער אונערבארעמליך עלענד אונ אונגליקליך געמאכט, האט זיינע איינענע קינדער געליבט מיט דער צערטליכסטער ליבע, אונ האטש ער האט שטראהלען ניט גיקענט, ער האט אים נור איין מאל גיזעהען האט ער ביי דער נאכריכט אז ער איז זיינער אזאהן אים שטארק ליב בעקומען, דאצוא האבין נאך דיא גוטע מיינונגען וואס ער האט וועגען אים גיהערט פארגרעסערט זיינע ליידען, צווייטענס האט ער זיך געשראקען ביי דעם מינדעסטען גערויש פיליכט גייט צוא אים בנימין, אדער ציפה בעטין אויף שטראהלען, אונ ביי דעם געדאנק איז אים דאס בלוט אין דיא אדערין פערקיהלט געווארין, דריטענס איז ער אונרוהיג גיוועזן דער פון וואס מאריא גוסט איז דא, זיא מוז דאך געוויס וויסען זיין געשיכטע אונ ווער ווייס פיליכט וועט זיא אים ערקענען אונ וועט אים נאך דעם שידוך קאליע מאכען.

נָאר צוּא דֶער לֶעצְטֶער מַכָּה הָאט עֶר גֶעהַאט אַרְפוּאָה, בַּייא אִים אִיז נָאךְ גִילֶעגִין דֶער בְּרִיף וָואס בנימין הָאט אִיר אַמָאל גֶעשְׁרִיבִּין, דוּרְךְ וֶועלְכֶען עֶר קָאן אוֹיף אִיר וַוארְפִין אַמוֹרָא זִיא זָאל הַאלְטֶען מוֹיל, עֶר הָאט זִיךְ דֶערְמָאנְט אַז דַאמָאלְס אַלְס עֶר אִיז מִיט אִיר צוּא זַאמֶענְגֶעקוּמֶען אִיז זִיא אוֹיךְ עֶרְשְׁרָאקִין גֶעוָוארִין, אוּנ הָאט דֶעם גַאנְצִין מוּטְה פֶערְלָארִין, אַלְזָא אִיז דָאךְ דָאס אַצַייכֶען אַז זִיא הָאט אִים עֶרְקָאנְט, אוּנ זִיא גֶעדֵיינְקְט דִיא אַלְטֶע גֶעשִׁיכְטֶע, אוּנ קוֹים גֶעדֵיינְקְט זִיא יָענֶע גֶעשִׁיכְטֶע וָועט זִיא דָאךְ גֶעוִויס בַּאהַאלְטֶען זַיין גֶעהֵיימְנִים אוֹיךְ.

עֶר הָאט אָבֶּער צוּרִיק בַּארֶעכִינְט אַז זִיא אִיז דָאךְ נִיט מֶעהְר וִויא אַפְּרוּיא, אוּנ דִיא פְרוֹיֶען קָאנֶען בַּייא זִיךְ קֵיין גֶעהֵיימְנִיסֶע נִיט אַיינְהַאלְטֶען, זִיא קָאן זִיךְ עֶטְוָואס אוֹיס רֵיידֶען, אוּנ דוּרְךְ אוּנְפָארְזִיכְטִיגֶע וֶוערְטֶער קָאן זִיא אִיהם אוּנְגְלִיקְלִיךְ מַאכִין, אַלְזָא מוּז מֶען זֶעהֶען זוּכֶען עֶפֶּעס אַמִיטֶעל, זִיא זָאל זַיין פָארְזִיכְטִיג.

עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבִּין צוּא קְלֶערִין וָואס עֶר זָאל דָא טָאן, אוּנ אִיז עֶנְדְלִיךְ גֶעפַאלִין אוֹיף אַזַא פְּלַאן וֶועלְכֶער קָאן אִים אִין צְוֵוייֶען נוּטְצֶען בְּרֵיינְגֶען, הערמאן הָאט אִים עֶרְצֵיילְט אַז זִיא וִויל דֶעם שִׁידוּךְ נִיט דָאס הֵייסְט פֶערְבִּינְדֶען אִיר טָאכְטֶער מִיט זַיין זוּן, אַלְזָא זָאל עֶר אִיר אַרֵיינְשִׁיקֶען אַבְּרִיף אִין וֶועלְכִין זִיא זָאל זֶעהֶען אַז קוֹים וָועט זִיא אִים עֶרְצִירְנֶען וֶועט עֶר עֶנְדֶעקִין אִיר גֶעהֵיימְנִים, דוּרְךְ וֶועלְכִין זִיא קָאן מִיט אַמָאל אַלֶעס פֶערְלִירֶען, אִיר עֶהְרֶע, אִיר מַאן אוּנ אַלֶעס וָואס זִיא בֶּעזִיצְט, אַנַב וֶועט זִיא שׁוֹין מוֹרָא הָאבִּין פַאר אִים אִין אַנְדֶערֶע זַאכִין, אוּנ וֶועט שְׁטַארְק פָארְזִיכְטִיג זַיין.

עֶר הָאט שׁוֹין לַאנְג נִיט גֶעקְלֶערְט אוּנ הָאט אָנְגֶעשְׁרִיבִּין דֶעם בְּרִיף.

מַאדַאם נוסטו!

אִיךְ הָאבּ גִיהֶערְט אַז אִיר וִוילְט מַיין לִיבִּין זוּן נִיט בֶּעגְלִיקֶען מִיט אַייֶער טָאכְטֶערְס הַאנְד, אַלְזָא בֶּעט אִיךְ אַייךְ וִויא אַפָּאטֶער וֶועלְכֶער זָארְגְט פַאר זַיין קִינְד אִיר זָאלְט מַיין זוּן נִיט אוּנְגְלִיקְלִיךְ מַאכֶען, דֶען אָן אַייֶער טָאכְטֶער וֶועט עֶר זִיךְ בֶּעשְׁטֶענְדִיג אוּנְגְלִיקְלִיךְ פִיהְלֶען, אִיר מוּזְט מַאדַאם מִיר דָאס צוּלִיבּ טָאן אַלְס אַנ׳אַלְטֶען גוּטֶען פְרֵיינְד וֶועלְכֶער אִיז אַייךְ אַמָאל בַּייא גֶעשְׁטַאנֶען אִין אַייֶער נוֹיט.... אִיךְ גְלוֹיבּ נִיט אַז אִיהר וֶועט מִיר דִיא גִיפֶעלִיגְקֵייט עֶנְטְזַאגִין, אוֹיס הֵיילֶע דַאנְקְבַּארְקֵייט וָואס אִיךְ הַאלְט נָאךְ בִּיז הַייטֶע דֶעם בְּרִיף וָועלְכֶען פריעדפיש הָאט אַייךְ גֶעשִׁיקְט.... אִיךְ גְלוֹיבּ אוֹיךְ נִיט אַז אִיהר וֶועט זַיין צוּפְרִידֶען וֶוען דֶער בְּרִיף וֶועט אַרַיין פַאלֶען צוּא אַייֶער מַאן אִין דִיא הֶענְד. — אַייֶער עֶווִיגֶער פְרֵיינְד וָועלְכֶער וִויל הָאבֶּען דִיא עֶהְרֶע זַיין אַייֶער מְחוּתָּן,

איסר. ווייספעלד.

עֶר הָאט דֶעם בְּרִיף אַרֵיינְגֶעלֵייגְט אִין אַקָאנְוֶוערְט הָאט אִים פֶערְזִיגֶעלְט אוּנ הָאט אִים אַרֵיינְגֶעלֵייגְט אִין טַאשׁ.

הֶער ווייספעלד אִיז וִויל מִיט אַייךְ שְׁפְּרֶעכֶען — הָאט דֶער בֶּעדִינְטֶער

וָועלְכֶער אִיז פְּלוּצִים אַרֵיינגֶעקוּמֶען אִין צִימֶער גֶעמֶעלְדֶעט.

ווייספעלד אִיז בְּלַאס גֶעוָוארִין וְויא דָאס פַּאפִּיר וָואס אִיז גֶילֶעגִין אוֹיף טִישׁ, ״אִיךְ נֶעם הַיינְט קֵיין מֶענְטְשִׁין נִיט צוּא״ הָאט עֶר מִיט אַצִיטֶערֶענְדֶע שְׁטִימֶע גִיעֶנְטְפֶערְט דֶעם בֶּעדִינְטֶען, ״אִיךְ בִּין נִיט גֶעזוּנְד״.

דֶער בֶּעדִינְטֶער אִיז אַרוֹיס גִינַאנְגֶען אוּנ אִיז בַּאלְד צוּרִיק אַרֵיינְגֶעקוּמֶען דֶער מֶענְטְשׁ ווִיל בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט אָפְּטְרֶעטִין ״הָאט עֶר גֶעזָאגְט״ עֶר ווִיל נָאר מִיט אַייךְ שְׁפְּרֶעכִין״.

אִיךְ הָאבּ דָאךְ דִיר אֵיין מָאהְל גֶעזָאגְט: אַז אִיךְ בִּין קְרַאנְק אוּנ אִיךְ נֶעם קֵיין מֶענְטְשִׁין נִיט צוּא, הָאט עֶר אַנְגֶעשְׁרַייא גֶעטָאהן מִיט כַּעַס אוֹיף דֶעם מְשָׁרֵת.

דֶער מְשָׁרֵת הָאט גֶעוָואלְט אַרוֹיס גֵיין, נָאר ווייספעלד הָאט אִים אָפּ גֶעשְׁטֶעלְט מִיט דִיא וָוערְטֶער: פְּרֶעג וְויא עֶר הֵייסְט!

דֶער בֶּעדִינְטֶער הָאט זִיךְ בַּאלְד אוּמְגֶעקֶערְט מִיט דֶעם עֶנְטְפֶער. אַז דֶער מֶענְטְשׁ הֵייסְט הוּיטשִׁינדער דֶער שְׁקַאנְטִיסְט.

ווייספעלד הָאט פְרַייעֶר גֶעאַטְהֶעמְט, ״פִּיר אִים אַרֵיין אַהֶער״ הָאט עֶר בֶּעפָאהְלֶען, ״וָואס קָאן עֶר מִיר בַּאדַארְפִין״.

אִין צִימֶער אִיז בַּאלְד אַרֵיין גֶעקוּמֶען אַיוּדִיל אָרוּם גֶעקְלֵיידֶעט, מִיט אַפִּינְסְטֶער גֶעזִיכְט, עֶר הָאט זִיךְ דֶעמוּטְהִיג פֶערְנֵייגְט, אוּנ הָאט גֶעזָאגְט: פֶערְצַייהֶעט הֶער ווייספעלד וָואס אִיךְ בֶּעאוּנְרוּהִיג אַייךְ, מִיר קוּמְט פוּן אַייךְ אַקְלֵיין חוֹב וָועלְכִין אִיךְ בַּאדַארְף אִיצוּנְד נֵייטִיג הָאבִּין.

פוּן מִיר קוּמְט אַייךְ אַחוֹב? — הָאט ווייספעלד פֶערְוואוּנְדֶערְט גֶעפְּרֶעגְט — ״וֶוען הָאבּ אִיךְ בַּייא אַייךְ גֶעלְד גֶעלִיהֶען״?.

נִיט אִיהר נָאר אַייעֶר זָאהְן הָאט בַּייא מִיר גֶענוּמֶען גֶעלְד, דָאס אִיז אַלְץ אֵיינְס.

מַיין זָאהְן הָאט בַּייא אַייךְ גֶענוּמֶען גֶעלְד, אוֹיף וָואס הָאט עֶר בַּאדַארְפְט גֶעלְד? הָאט ווייספעלד נָאךְ מֶעהְר עֶרְשְׁטוֹינְט גֶעפְּרֶעגְט.

אוֹיף וָואס עֶר הָאט בַּאדַארְפְט דָאס גֶעלְד ווֵייס אִיךְ נִיט, נָאר בֶּעאוּנְרוּהִיגְט זִיךְ נִיט, עֶר הָאט בַּייא מִיר גֶענוּמֶען נִיט קֵיין גְרוֹיסֶע סוּמֶע.

וְויפִיל הָאט עֶר בַּייא אַייךְ גֶענוּמֶען?

אַקְלֵיינִיגְקֵייט נָאר אַקְלֵיינִיגְקֵייט, סַךְ הַכֹּל פִינְף טוֹיזִינְד רוּבִּיל — הָאט דֶער שְׁקַאנְטִיסְט קַאלְט גִיעֶנְטְפֶערְט.

וְויפִיל פִינְף טוֹיזִינְד רוּבֶּעל? — הָאט ווייספעלד אוֹיסֶער זִיךְ אַנְגֶעשְׁרַייא גֶעטָאן — אִיר זַייט מְשׁוּגָע צוּ דוֹל.

נֵיין הֶער ווייספעלד אִיךְ בִּין נִיט מְשׁוּגָע, אִיךְ הָאבּ אוֹיף דִיא אַלֶע פִינְף טוֹיזִינְד רוּבִּיל וֶועקְסְלֶען גֶעחַתְמֶעט מִיט אַייעֶר זָאהְנְ׳ס הַאנְד.

אוֹיף וָואס הָאט עֶר בַּאדַארְפְט אַזוֹיא פִיל גֶעלְד? — הָאט ווייספעלד גֶעפְּרֶעגְט אוּנ אִיז אַזְשׁ גֶעל גֶעוָוארִין פַאר כַּעַס.

פון װאָגען זאָל איך װיסען אויף װאָס ער האט דאס געלד באדאַרפט.
אויף װאָס קוקענדיג האט איר אים גיגעבין אַזוי פיל געלד?
װאָס הייסט אויף װאָס קוקענדיג? דעם הערען װייספעלד'ס זון זאָל מען קיין געלד ניט געטרויען װעמען דען זאָל מען שוין געטרויען געלד.
איך צאָל פאר מיין זאהן קיין חובות ניט — האט װייספעלד גיענטפערט װייס איך דאס זאגט איר אַזויא, איהר מאכט חוזק — האט הויטשינדער גיענטפערט שמייכלענד — װעט איר דען װעלין אייער זון זאָל זיצין אין אַסטראָג.
ער װעט ניט זיצין, ער איז נאך ניט פאָליעהריג, און זיין װעקסיל האט קיין װערטה ניט — האט װייספעלד צאָרניג געזאָגט.
נוּא ממה נפשך װעט ער גיט זיצען אין אַסטראָג װעל איך מיין געלד פון אנ'אנדער זייט אויפמאָנען, אימעצער זאָל מיר געבין פאר דיא פינף טויזינד קערבלאך פיר טויזינד ניין הונדערט ניין און ניינציג רובעל װעל איך ניט נעמען.
פון װעלכער זייט קלערט איר דאס אויפמאָנען דאס געלד?
אויב איהר װעט ניט װעלין צאָהלען פאר אייער זאהן, װעט מיר זיין מחותן צאָהלען, איך װייס אַז ער װערט מיט מזל אַחתן מיט אַגרויסין גביר'ס אַטאָכטער, און דער גביר װעט געװיס ניט װעלין זיין טאָכטערס חתן זאָל ליגין בייא לייטען אין דיא מיילער מיא זאָל זאָגען אַז זיין קינפטיגער שװיגער זאהן האט פאר שפילט פינף טויזינד רובל אין קאָרטען און אין מיאוס'ע הייזער....
דאס איז אַליגין קיינער װעט אייך ניט גלויבין.
האט קיין מורא ניט איך האב פאקטען איך װעל באװייזען װאו ער האט יעדעס קערביל געלאָזין, האט מיר אַגוטען טאָג, — האט הויטשינדער גיזאָגט און האט גיװאָלט אַװעק גיין.
שטייט! — האט װייספעלד צאָרניג געזאָגט.
װאָס װילט איר. — האט דער שקאָנטיסט געלאַסען נעפרעגט.
גיט אהער דיא װעקסלען און נייט אייך אייער געלד.
איר װילט זאגין פאַרקערט הער װייספעלד, נאט אייך אייער געלד און גיט מיר דיא װעקסלען'...
װייספעלד'ס נאַל איז שיער ניט צערפלאַצט געװאָרין פון דיא װערטער ער האט אַרויס גענומען פינף טויזינד רובל האט זייא אַװאָרף גיטאָן אוי'ף דעם טיש מיט אַשרעקליכען כעס.
הויטשינדער האט דאס געלד דווקא אָן כעס צוגענומען, ער האט קאַלט אַפּעקיל װעקסלען אַרויס גענומען און האט זייא געלייגט אויף דעם טיש, "זעהט איר איצונד זעה איך אַז איר זייט אַגוטער פאטער" האט ער גיזאָגט אונ איז געשװינד אַרויס געלאָפין.

שְׁלֶעכְט ! — הָאט ווייספעלד גֶעזָאגְט שְׁטַארְק אוּנְרוּהִיג צוּא זִיךְ אַלֵיין — עֶפֶּעס הָאט מִיר דֶער שִׁיקְזָאל אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּא פֶערְפָּאלְגִין פוּן אַלֶע זַייטֶען, אִיךְ הָאבּ מוֹרָא אִיךְ זָאל דָא קֵיין מִיאוּס׳ן סוֹף נִיט הָאבִּין.

אַנְוָואלְקֶען הָאט פֶערְדוּנְקֶעלְט זַיין גֶעזִיכְט.

# לג.

## אַפַּאטְשׁ פַאר אַפַּאטְשׁ.

טְרוֹיעֶרִיג, מוּטְהֶלָאז, שְׁוַואךְ, אִיז גִיזֶעסִין דִיא שֵׁיינֶע דעבארא אוֹיף אַשְׁטוּל נֶעבֶּען פֶענְסְטֶער, אוּנ הָאט אַרוֹיס גֶעקוּקְט אוֹיף דֶער רוּישֶׁענְדֶער גַאס, דִיא זָעלְבֶּע שְׁטָאט וָועלְכֶע הָאט מִיט אַקוּרְצֶער צַייט פְרִיהֶער אַזַא רֵייץ גִיהַאט אִין אִירֶע אוֹיגֶען, הָאט יֶעצְט בַּייא אִיר אוֹיס גִיזֶעהֶען טְרוֹיעֶרִיג, אָן פְרֵיידֶע אוּנ אָן פֶערְגֶעגִינֶען.

אִיר לִיבֶּע צוּא שטראהלען אִיז נִיט גִיוֶוען פוּן דִיא לִיבֶּעס וָועלְכֶע גְלִיהֶען גֶעשְׁוִוינְד אוֹיף אוּנ פוּן דֶעם מִינְדֶעסְטִין קְלֶענְסְטִין ווִינְד פַארְלֶעשִׁין זַייא זִיךְ, אִיר לִיבֶּע הָאט זִיךְ אִין אִיר בְּרוּסְט צוּפְלַאמְט לַאנְגְזַאם, אוּנ הָאט עֶנְדְלִיךְ אוֹיפְגֶעגְלִיהְט מִיט אַזַא פַייעֶר וָואס אַלֶע וַואסֶערִין פוּן דֶער וָועלְט זַיינֶען נִיט גִיוֶוען אִין שְׁטַאנְד זִיא צוּא פַארְלֶעשִׁין.

מִיר זָעהֶען זֵייעֶר אָפְט וִויא שֵׁיינֶע בְּלוּמֶען עֶנְטְווִיקְלֶען זִיךְ צְווִישֶׁען שְׁטָעכֶעדִינֶע גִיפְטִיגֶע דֶערְנֶער, מִיר זָעהֶען וִויא בַּייא דִיא עֶרְגְסְטֶע עֶלְטֶערִין עֶרְצִיהֶען זִיךְ אַמָאל קִינְדֶער וִויא דִיא שֵׁיינֶע בְּלוּמֶען, בַּייא אַזַא קָאקֶעטְקֶע וִויא מאריא וַואר הָאט זִיךְ אַזַא קִינְד וִויא דעבארא גֶעוִוים בַּאדַארְפְט עֶרְצִיהֶען פוּל מִיט פֶעהְלֶער, אוּנ דָאךְ הָאט זִיךְ דעבארא אוֹיס גֶעצֵייכִינְט בֶּעשְׁטֶענְדִיג מִיט אִיר אָרְדֶענְטְלִיכִין כַּארַאקְטֶער אוּנ מִיט אִירֶע שֵׁיינֶע זִיטֶען, וִויא אַרֵיינֶע מַאקֶעלָאזֶע בְּלוּמֶע, אוּנ דִיא קְלֵיינֶע גֶעצֵיילְטֶע פֶעהְלֶער וָואס זִיא הָאט אוּנְוִוילֶענְד גִיעֶרְבְּט פוּן אִיר מוּטֶער הָאט עֶנְדְלִיךְ שטראהל אוֹיס גֶעוָוארְצִילְט פוּן אִיר רֵיינֶעס הֶערְץ.

זִיא הָאט זִיךְ מִיט שטראהלען בֶּעקָאנְט מִיט צְוֵוייא יָאר צוּרִיק, עֶר הָאט דַאמָאלְס גֶעוָואלְט אַרֵיינְטְרֶעטֶען אִין ווארשעווען מֶעדִיצִינְסְקֶען פַּאקוּלְטֶעט, זִיא הָאט אִים דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל דֶערְזָעהֶען אִין טְהֶעאַטֶער אַלְס סְטוּדֶענְטִין הָאבֶּען גֶעשְׁפִּילְט צוּא נוּטְצֶען פוּן דִיא אַרְמֶע סְטוּדֶענְטִין, שטראהל הָאט דַאמָאלְס גֶעשְׁפִּילְט אַהוֹיפְּט רָאלֶע, אוּנ הָאט זַיין רָאלֶע גֶעשְׁפִּילְט פָארְטְרֶעפְלִיךְ גוּט, זָא דַאס, דָאס גַאנְצֶע פּוּבְּלִיקוּם הָאט אִים זֵייעֶר בֵּייפַאל גִיגֶעבִּין, אוּנ מִיא הָאט אִים אוּנְצֶעדְלִיגֶע מָאל אַרוֹיס גֶערוּפֶען, דעבארא וֶועלְכֶע וַואר דַאמָאלְס אוֹיךְ אִין טְהֶעאַטֶער הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט מִיט אִים בֶּעקַאנְט מַאכִין, אוּנ הָאט גִיבֶּעטִין אִיהְרֶע אַפְרֵיינְדִין וָועלְכֶע וַואר שׁוֹין מִיט אִים בַּאקָאנְט, עֶר זָאל זִיא

פאר איהם פארשטעלען, דיא פריינדין האט זיא נאך אין דעם זעלבען אבענד פאר געשטעלט פאר דעם ארעמען סטודענט אין דיא בעקאנטשאפט האט געפירט שטראהלען צו הערמאנען אין שטוב, זיא האט ביא איהם גענומען אנ'אוראק, אונ איז מיט יעדען טאג אלס מעהר צוא געבונדען געווארין צוא איהם.

שטראהל וועלכער האט באלד ערקענט מאריאס הארשאקטער, אונ האט ארויס גיזעהען וואס פאר איין איינפלוס אזא מוטער קאן מאכען מיט איהרע זיטען אויף איהר טאכטער, האט זיך ניט געשעמט אן צו ווייזען דעבאראן אויף אלע פעהלער פון איהר מוטער, אונ האט דאמיט פערהיט דער זאנפטער ראזע פון שלעכטעס ווערטער, ער האט אין דיא דרייא מאנהייט וואס ער האט מיט איהר גילערינט זיא פאר אפאללקאממענעם פערשטאנדיגען מענטשען געמאכט, זיא האט אנגעהויבען צו קוקען מיט פעראכטליכע בליקען אויף דיא פרויען וועלכע האבען געשלאסען פריינדשאפט מיט דער מאדע אונ מיט דעם שפיגעל, זיא האט זיך נור צו איין זאך געשטרעבט, זיין אגוטע ווירטהין, אגעטרייא ווייב, אונ אקלוגע מוטער, זיא האט שטראהלען פערגאטטערט, אונ האט אויף איהם געקוקט וויא אויף אנ'אנדער סארט מענטשען.

צו איהרע עלטערין האבען פערשטאנען אז זיא איז ניט גלייכגילדיג צו איהר לעהרער, אדער אנ'אנדער אורזאכע האט זייא בעוועגט זייא זאלין שטראהלען ענטזאגען פון דעם אוראק, דאס ווייסין מיר ניט, מאריא האט איהם שטרענג בעפאהלען ער זאל מעהר ביא זייא אין שטוב קיין גאסט ניט זיין, אונ שטראהל האט געמוזט אויפהערין זיינע לעקציאנען צו געבען פאר דער שיינער דעבארען.

דעבארא וואר העכסט צארניג אויף איהרע מוטער פאר דער בעליידיגונג וואס זיא האט צוגעטהיילט שטראהלען, דאס לעצטע מאהל אז ער איז ביא זייא אין שטוב גיוועזן האט זיא איהם גיבעטין ער זאל זיך מיט איהר אלע טאג זעהען ביא איהר פריינדין וועלכע האט זיא מיט איהם בעקאנט געמאכט, שטראהל האט מיט פערגעניגען דערצו איינגעוויליגט, אונ דער לעהרער מיט דער שילערין האבען זיך ווירקליך אלע טאג גיזעהען.

שטראהל האט אריינגעטראטין אין דעם מעדיצינישען פאקולטעט, ער האט באדארפט זוכען אוראקין אום זיך מיט זיין ארעמער מוטער וועלכע איז דאמאלס צו איהם געקומען ערנעהרין, אונ וויא בעשעפטיגט ער נואר, האט ער דאך איין טאג ניט פערפעהלט ער זאל זיך מיט דעבארען ניט זעהען, אונ דיא ראנדא-וואוען האבען דאצו געבראכט אז זייא האבין זיך בעשלאסין צו הייראטהען, עס מאג אפילו גישעהן וואס דא וויל.

הערמאן מיט מאריאן האבין ניט בעמערקט וואס מיט זייער טאכטער געהט פאר, אונ האבען זיך שטארק צוגיהערט צו דיא רייד פון דיא שדכנים, מיט פערגעניגען האבין זייא גיעפינט זייערע טיהרען פאר אלע יונגע קאוואליערין

וֶועלְכֶע הָאבִּין זִיךְ גְעשִׁ׳בִּינְט צוּא זַייעֶר טָאכְטֶער , זַייא זַיינֶען גִיוָועזֶען אַזוֹיא פֶּערבְּלֶענְדָעט אַז זַייא הָאבִּין נִיט בֶּעמֶערְקְט וִויא זַייעֶר טָאכְטֶער אִינְטֶערֶעסִירְט זִיךְ גָאר נִיט מִיט זַייעֶרֶע חֲתָנִים אוּנ מִיט זַייעֶרֶע שִׁידוּכִים , זַייא הָאבִּין זִיךְ עֶרְשְׁט אַרוּם גִיזָעהֶן אַז זַייא זַיינֶען בְּלִינְד גִיוָועזֶען אַלְס דעבארא אִיז פְּלוּצִים פֶערְ-שְׁוואוּנְדָען גֶעוָוארִין .

זִיא אִיז אִין אַהֵייטֶערִין אָבֶּענְד מִיט אִיהר גֶעלִיבְּטָען שטראהלען אוּנ מִיט זַיין מוּטֶער אַנְטְלָאפִין גֶעוָוארִין פוּן ווארשויא נָאךְ אגיר , שטראהל וָועלְכֶער הָאט גֶעוָואלְט זַיין סְטוּדִיוּם עֶנְדִיגֶען אוּנ דַאדוּרךְ נִיט גֶעטְרֶענְט וֶוערִין פוּן דעבאראן הָאט זִיךְ בֶּעשְׁלָאסִין מִיט אִיהר נָאךְ אגיר צוּ פְלִיהֶען , דֶער פְּלַאן אִיז גִיוָועזֶען עֶר זָאל אַרַיינְטְרֶעטִין אִין דֶעם אגיראר אוּנִיוֶוערְזִיטֶעט , אוּנ אַלְס עֶר וֶועט עֶנְדִיגֶען דָאקְטָאר זָאל עֶר הֵייַראטְהֶען מִיט זַיין גֶעלִיבְּטֶער דעבאראן .

דָאךְ מוּזֶען מִיר גֶעשְׁטֶעהֶען אַז עֶר אִיז אַנְטְלָאפִין גֶעוָוארִין מִיט דעבארען נִיט מִיט זַיין אַיינֶענֶעם וִוילֶען , נוּר צוּלִיבּ דעבאראן , וֶועלְכֶע הָאט שְׁטַארְק פֶערְהַאסְט אִיהר מוּטֶער אוּנ הָאט נִיט גֶעקֶענְט צוּקוּקֶען אִיהרֶע אוּנְאַרְטִיגֶע זִיטֶען , זִיא הָאט זִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען הוּנְגֶער אוּנ מַאנְגֶעל צוּ לַיידֶען מִיט שטראהלען צוּזַאמֶען אַיידֶער לֶעבֶּען וִויא אַפְּרִינְצֶעסִין בַּייא אִיהר מוּטֶער אִין הוֹיז .

וָואס וַוייטֶער אִיז גִיוֶועזֶען אִיז שׁוֹין אוּנְזֶערֶע לֶעזֶער בֶּעוואוּסְט .

דָאס אוּנְגְלִיק וָואס שטראהלען הָאט גֶעטְרָאפֶען וַואר פַאר אִיהר אַיין אוּנְ-עֶרְטְרֶעגְלִיכֶער קְלַאפּ , זִיא הָאט פְּלוּצִים פֶערְלָארִין אִיהר הַיילִיגֶעלִיבְּטֶען פַאר וֶועלְכִין זִיא הָאט זִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען אַלֶעס אִין דֶער וֶועלְט אוֹיף צוּ אָפְּפֶערִין , אוּנ הָאט גֶעמוּזְט אָנְקוּמֶען צוּרִיק צוּ אִיהר קָאקֶעטִישֶׁער מוּטֶער , דָאס הָאט זִיא עֶנְטְקְרֶעפְטֶעט אוּנ הָאט אִיהר צוּ בֶּעט גֶעוָוארְפִין , זִיא אִיז צְוַוייא טָאג רֶעכְט קְרַאנְק גֶעלֶעגִין , אוּנ הָאט זִיךְ גֶעווּאוּנְטְשֶׁען דֶעם טוֹיט , נוּר דִיא אָרְצְטֶע וָואס אִיהרֶע עֶלְטֶערִין הָאבִּין גֶעבְּרַאכְט הָאבִּין זִיא נִיט גֶעלָאזְט שְׁטַארְבִּין , אוּנ צְוַוייא טֶעג אַרוּם זַיינֶען אִיהרֶע קְרֶעפְטִין צוּרִיק גֶעקוּמֶען , אוּנ הָאבִּין זִיא פוּן אִיהר גִילֶענֶער אוֹיפְגֶעהוֹיבִּין .

אַצוּנְד זִיצְט זִיא אוּנ קוּקְט דוּרְךְ דֶעם פֶענְסְטֶער מִיט פֶערְצְוַוייפֶעלְטֶע בְּלִיקֶען אִין גַאס , זִיא הָאט אוֹיף אַלֶע גֶעגֶענְשְׁטֶענְדֶע גֶעקוּקְט וִויא אוֹיף אוּנְ-נוּטְצִיגֶע זַאכֶען .

אִיהר וֶועט אֶפְשַׁר עֶפֶּעס עֶסִין פְּרַיילִין ? — הָאט זִיא פְּלוּצִים גֶעפְרֶעגְט מַאריאס דִינְסְט דבשה וָועלְכֶע אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען שְׁטִיל אִין צִימֶער .

נֵיין אִיךְ וִויל קֵיין זַאךְ נִיט — הָאט דעבארא גִיעֶנְטְפֶערְט .

אִיהר הָאט דָאךְ נָאךְ הַיינְט גָאר נִישְׁט גֶעגֶעסֶען , אוּנ אִיהר זֶענְט שְׁוַואךְ ?

דָאס אִיז נִיט קֵיינֶעמְס זָארְג — הָאט דעבארא גִיעֶנְטְפֶערְט .

חָלֶעבִּין דבורוניה דָאס אִיז פוּן אַיךְ אַגְרוֹיסֶע עֲוְלָה — הָאט דבשה גֶעזָאגְט — אִיהר זֶענְט נָאךְ אַיוּנְג קִינְד , אוּנ צִיהט אוֹיף זִיךְ אַזֶעלְכֶע צָרוֹת , גְלוֹיבְּט מִיר אַז אִיהר בַּאדַארְפְט אַזוֹיא נִיט זָארְגֶען , מִישְׁטֵיינְס גֶעזָאגְט וָואס

מִיר זִינְדִיגֶע מֶענְטְשִׁין קָאנֶען זִיךְ אוּים קְלַייבֶּען פַּאר אַגְלִיק, וָואס בַּייא אוּנְז וַוייזְט אוּים אַגְלִיק לָאזְט זִיךְ נָאר אוּים אַשְׁטְרִיק, פְּרֶעגְט מִיךְ, אִיךְ בִּין שׁוֹין וִויא זָאגְט מֶען דָאס אַבִּיוָואלֶע יוֹדֶעְנֶע אִיךְ וַוייס שׁוֹין פַּאטְשָׁאם פוּנְט לִיבָּא.

דבורה הָאט צָארְנִיג אַקוּק גֶעטָאהן אוֹיף דבשהן, אוּנ הָאט אָבְּגֶערְמַאלְט אוּמְגֶעוֶוענְדֶעט דָאס גֶעזִיכְט צוּם פֶּענְסְטֶער.

יַא יַא מִיר בְּלִינְדֶע מֶענְטְשֶׁען קָאנֶען טַאקֶע זִיךְ אוּים קְלַייבֶּען מַזִיל — הָאט דבשה וַוייטֶער גֶעזָאגְט, מִיא בַּאדַארְף נִיט גְלִיקְלִיכֶער וִויא אִיךְ בִּין גִיוֶוען, פְּרֶעגְט אַייעֶר מוּטֶער זִיא גֶעדֵיינְקְט מִיךְ נָאךְ אַז אִיךְ בִּין גִיוֶוען מִיא טָאג זָאגִין אַגְבִירָה, אִיךְ הָאבּ גֶעהַאט אַמַאן וָואס טַאטֶעס מַאמֶעס הָאבִּין זִיךְ מִיט אִיהם גֶעבֶּענְטְשׁ, מִיר הָאט נִיט גִיפֶעלְט פוּן פֵייגִיל מִילְךְ, נוּא מַיין סוֹף זֶעהט אִיהר דָאךְ, אַזַא סוֹף טָאהר מֶען קֵיין שׂוֹנֵא נִיט וִוינְטְשֶׁען, מַיין גֶעטְרַייעֶר מַאן הָאט מִיךְ שׁוֹין פוּן צְוַואנְצִיג יָאהר אַוֶועק גֶעוָוארְפִין אוּנ אִיךְ דַאנְק גָאט וָואס אַייעֶר מַאמֶע הָאט מִיךְ חָאטְשׁ צוּלִיב אַלְטֶע בֶּעקָאנְטְשַׁאפְט פַּאר אַדִינְסְט צוּגֶענוּמֶען, אַזָא מִיא קָאן זִיךְ אוּים קְלַייבִּין מַזִיל, אַוִויסְט פִינְסְטֶער מַזִיל זָאל מַיין מַאן דָער קָאלְבֵּיינִיק דָארְט הָאבִּין וואוּ עֶר אִיז.

אִיהר וַוייסְט נָאר נִיט וואוּ עֶר אִיז אַהִינְגֶעקוּמֶען? — הָאט דעבארא גֶעריהְרְט פוּן דִיא וֶוערְטֶער גֶעפְּרֶעגְט.

פוּן וַואנֶען זָאל אִיךְ וִויסֶען, אִיךְ בִּין גִיוֶוען בַּייא דֶעם סְמָאלָאוֶוער טַאטֶער אוּנ צֶעהֶען מָאהל לְהַבְדִיל בַּייא דֶעם סָאקְרֶעשְׁטֶער צַדִיק, דֶער עֶרְשְׁטֶער הָאט מִיר גֶעזָאגְט אַז עֶר הָאט זִיךְ גֶעטוֹיפְט, אוּנ דָער צְוֵוייטֶער הָאט מִיר מַבְטִיחַ גִיוֶוען אַז עֶר וֶועט קוּמֶען דוּרְךְ דָעם קֵימֶען, מֶעהר וַוייס אִיךְ נִיט.

אִין דֶער מִינוּט הָאט ווייספעלדם בֶּעדִינְטֶער אַרַיינְגֶעטְרָאגִין אַבְּרִיף.

וֶועמֶען בַּאדַארְפְט אִיהר? — הָאט דבשה גֶעפְּרֶעגְט.

אִיךְ הָאבּ אַבְּרִיף צוּ דֶער מאדאם גוסט.

גִיט מִיר דֶעם בְּרִיף וֶועל אִיךְ אִיהר אָבְּגֶעבִּין.

נַיין אִיךְ מוּז אִים אִיר אִין דֶער הַאנְד אָבְּגֶעבִּין — הָאט דֶער מְשָׁרֵת גֶעזָאגְט. גֶעהט אַרַיין צוּ אִיהר אִין צִימֶער זִיא זִיצְט אַצוּנְד אַלֵיין וֶועט אִיהר דֶעם בְּרִיף אִיהר אָבְּגֶעבִּין — הָאט דבשה גֶעזָאגְט אוּנ הָאט דֶעם מְשָׁרֵת אַרַיינְ-גֶעפִיהְרְט אִין צְוֵוייטֶען צִימֶער.

מאריא אִיז גֶעזֶעסֶען לֶעבֶּען טִישׁ אוּנ הָאט גִילֶעזֶען אַבוּךְ.

מִיא הָאט אַייךְ גֶעבְּרַאכְט אַבְּרִיף מאדאם — הָאט דבשה גֶעזָאגְט אַריין קוּמֶענְד.

מאריא הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקוּקְט, פוּן וֶועמֶען אִיז דָאס אַבְּרִיף? הָאט זִיא גֶעפְּרֶעגְט.

פוּן דֶעם הֶערִין ווייספעלד — הָאט דֶער מְשָׁרֵת גִיעֶנְטְפֶערְט אוּנ אִיז אַרוּים גֶעגַאנְגֶען צוּזַאמֶען מִיט דבשהן.

מאריא הָאט אוֹיפְגִיעֶפִינְט דֶעם בְּרִיף, אוּנ אַלְס זִיא הָאט אִיהם דוּרְךְ

גְעלֶעזֶען איז זיא פון אָרט אויפְגֶעשְׁפּרוּנְגֶען בְּלַאס וויא דֶער טוֹיט, דיא עֶרְשְׁטֶע מָאמֶענְטֶע וואר זיא וויא צוּדוּלְט וויא בֶּערוֹישְׁט, זיא הָאט גְעזֶעהֶען אַז נוּר אַיין טְרִיט שְׁטֶעהט פוּן אִיהר אַשְׁרֶעקְלִיךְ אוּנְגְלִיק, עֶנְדְלִיךְ אָבֶּער הָאט זיא זִיךְ בַּארֶעכִינְט: וָואס הָאט זיא דָא מוֹרָא, אוּנ אַז ווייספעלד וָועט זָאגִין וָואס אַמָאהל איז גִיוָועזען וָועער וָועט דָאס אִיהם גְלוֹיבֶּען, אוּנ וָוען עֶר וָועט אֲפִילוּ זַייזֶען בנימינ'ס בְּרִיף אִיז וָואס? פוּן אִיהר הָאט עֶר דָאךְ קֵיין בְּרִיף נִיט, אוּנ אַז יֶעמַאנְד וָועט אוֹיף אִיהר אָנְשְׁרַייבֶּען וָועער ווייס וָואס וָועט מֶען דָאס אַלְס גְלוֹיבֶּען? זיא הָאט גֶעחַאפְּט אַפַּאפִּיר אוּנ הָאט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען דֶעם בְּרִיף.

הֶער ווייספעלד!

לֶעזֶענְד אַייעֶר בְּרִיף הָאבּ אִיךְ גֶעצְווייפֶעלְט צוּ אִיהר זֶענְט בַּייא אַייעֶר קְלָארֶען פֶערְשְׁטַאנְד, וָואס הָאט אִיהר אָנְגֶעפְּלוֹידֶערְט אִין אַייעֶר בְּרִיף אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה אַיין וָוארְט נִיט, מַיין טָאכְטֶער קָאן אַייעֶר זַאהְנְס פְרוֹיא נִיט זַיין, עֶרְשְׁטִינְס וַוייל אַייעֶר זָאהן גִיפֶעלְט מִיר נִיט, אוּנ מַיין טָאכְטֶער וָועט עֶר גֶעוִויס נִיט גִיפֶעלִין, צְווייטֶענְס וִויל אִיךְ נִיט הָאבִּין אַמְחוּתָּן אַבֶּעטְרִיגֶער וֶועלְכֶער הָאט בִּדְלוּת גֶעשְׁטֶעלְט זַיין פְּרִינְצִיפַּאל אוּנ הָאט גֶעלָאזְט זַיין ווַייבּ אַנְ'עֲנוּנָה זַייט צְוַואנְצִיג יָאהר, אַייעֶר ווַייבּ דִינְט בַּייא מִיר אוּנ וָוען אִיהר וָועט זִיךְ וַואגֶען נָאךְ נַארֶעשְׁקֵייט צוּ רֵיידִין וָועט זיא אַייךְ בֶּעעֶהְרִין מִיט אַוויזִיט....

מאריא גוסט.

זיא הָאט דֶעם בְּרִיף פֶערְזִינְגֶעלְט אוּנ הָאט אִיהם דוּרְךְ אַבֶּעדִינְטֶען אָפּ גֶעשִׁיקְט צוּ ווייספעלדן.



# לד.

## דיא פֶערְטְרוֹיעֶטֶע דִינְסְטֶען.

וואוהִין לַייפְט אִיהר דָאס דבשה? — הָאט גֶעפְרֶעגְט מלכה דִיא אַלְטֶע דִינְסְט וֶועלְכֶע אִיז גֶעקוּמֶען מִיט דֶער מאדאם מעקערוואלד, זִיךְ בַּאגֶעגֶענְד אִין דֶער גַאס מִיט דבשהן מאריא'ס דִינְסְט.

אַי מלכהניא! מִיר אִיז גֶעקוּמֶען הָאטְשׁ לוֹיפִין פוּן בְּרִיק אִין וַואסֶער אַרַיין — הָאט דבשה גִיעֶנְטְפֶערְט וויינֶענְד — מַיין פֶערְפְלוּכְטֶע בַּאלַאבָּאסְטֶע קֵיין גוּטְס זָאל זיא נִיט הָאבִּין טַאטֶע זִיסֶער מַאכְט מִיר פָּשׁוּט דֶעם טוֹיט, אִיךְ אַרְבֵּייט בַּייא אִיהר וויא אַנְ'אָקְס אִין דֶער סָאכֶע אִיךְ הֶער פוּן אִיהר פַאר דֶער מִינְדֶעסְטֶע זַאךְ זִלְזוּלִים, אוּנ טְרָאג פוּן דֶעסְט וֶועגִין אַלְס רוּהִיג אִיבֶּער, וַוארוּם וָואס דֶען וָועה אִיז מִיר קָאן אִיךְ טָאהן, אַז אִיךְ בִּין אַזוֹיא עֶלֶענְד וִויא אַשְׁטֵיין, נָאר דָא פוּן צְווייא טֶעג גֶעהט זיא עֶפֶּעס אַרוּם אִין אַיין רְצִיחָה, ווִיא דֶער רָשָׁע אִין גֵיהִינָם מוּטְשֶׁעט זיא מִיךְ, חַיינְט הָאבּ אִיךְ אִיהר עֶפֶּעס נִיט אַזוֹיא נִיךְ גֶעפָאלְגְט הָאט זיא מִיךְ מִיט אִיהרֶע גֶעזוּנְטֶע קוּלַאקְעס גֶעהַרְגְט

און געשלאָגען אַז דערהרגעט זאָל זיא ווערין פון נאט פאַטער געטרייער, איך האב זיך שוין בעשלאָסין איין מאָהל מאהל פאַר אַלע מאָהל איך זאָל פון איהר אַוועק געהן וואס גאט וועט מיט מיר מאַכין זאָל ער שוין מאַכין, איך וועל בעסער אין דיא הייזער אַרום געהן אַבי בייא איהר ניט צו דינגען.

וואוהין זשע קלערט איהר אַצונד געהן? — האָט מלכה גיפרעגט.

זאָל מיך אַזויא וויסען אַשלעכט מזיל וויא איך ווייס וואוהין צו געהן, איך וועל ערגעץ אויס זוכען אַמעקלערין, אונ בעטין זיא זאָל פאַר מיר אויס זוכען אַשטעלע.

ווייסט איהר גאָר וואס דבשה — האָט מלכה געזאגט זיך בעטראַכ-טענד — בייא אונז איז היינט דא אַרבייט איבערין האַלדז, איהר ווייסט דאך אַז מאָרגין בייא נאכט איז חתונה בייא חולהן, וועל איך בעטין מיין מאדאם זיא זאָל אייך צו נעמען אויף דיא עטליכע טעג איבער דער התונה, זיא וועט אייך געוויס צו געמען.

לאנג לעבען זאָלט איהר מלכהניא, חלעבין איהר וועט זיך פאַרטינע עולם הבא קויפין איך וואָלט מיך געשטעלט דינען מיא טאהר דאס ניט זאגין אפילו בייא דעם מלאך המות, אבי ניט בייא דער מכשפה מאריא, חלעבין איהר ווייסט גאָר ניט וויא גאט צו דאנקען דער פאר וואס ער האָט אייך אַריינ-געגעבין אין אַזא טייערין אָרט וויא בייא קלאראן, וויפיל דינט איהר שוין בייא איהר דוכט זיך שוין אַצייט מיט יאהרין.

ניין ניט לאנג — האָט מלכה לאַכענד גיענטפערט — ניט מעהר וויא צווייא אונ צוואנציג יאהר.

צווייא אונ צוואנציג יאהר? — האָט דבשה פערוואונדערט געפרעגט — קאן מען שוין פערשטעהן וויא גוט אייך איז אַז אַזויא לאַנג זענט איהר אויף איין שטעלע, אייער באלאבאסטע ווייזט טאקע אויס אַדימאַנט צו זיין.

זיא איז ניט אַזא דימאַנט וויא איהר מיינט — האָט מלכה גיענטפערט — נאך ווייסט איהר ניט אַז יעדער וואָרים האָט אַדאָרים, מסתמא שטעקט דא עפעס אַשפילקע אין פופיק.

איך פערשטעה ניט בנאמנות וואס פאר אַשפילקע קאן דא שטעקין וואב צוליב דעם זאָל אַבאלאבאסטע זיין גוט צו אַדינסט.

מסתמא איז דא עפעס פאראַנען וואס פערשטעהט איהר דא ניט.

איך בין ניט פון דיא ווייבער וואס זיינען קאָט צוא וויסען יעגעמס סודות — האָט דבשה געזאגט — נאָר פון דעסט וועגין בין איך זייער טשיקאווע צו וויסען, פאר וואס האַלט מען אייך אַזויא לאנג?

פרעגט גאָר ניט מסתמא איז רעכט — האָט מלכה שמייכלענד גיענטפערט.

אַז עס איז רעכט דאס זעה איך, איך בין אָבער טשיקאווע צו וויסען פאר וואס עס איז רעכט.

אִיךְ טָאהר דָאס פַאר קֵיינֶעם נִיט דֶער צֵיילֶען וַוייל צוּלִיבּ דֶעם הַאלְט מֶען מִיךְ אַזוֹיא לַאנְג אִיהר פֶערְשְׁטֶעהט ?

יַא דָאס פֶּערְשְׁטֶעה אִיךְ, נָאר פַאר מִיר מָאגְט אִיהר הָלֶעבִּין אַלְס זָאגִין, אִיהר קָאנְט דָאךְ מִיךְ נִיט פוּן גֶעכְטִין, אִיהר וֵוייסְט דָאךְ אַז אִיךְ בִּין נִיט פוּן דִיא דִינְסְטֶען וָואס קָאנֶען קֵיין זַאךְ אִין זִיךְ נִיט אַיינְהַאלְטֶען, אִיךְ בִּין אַמָאהל אוֹיךְ גִיוֶועזֶען אַבַּאלְהַאבָּאסְטֶע הַלְוַאי זָאל אִיךְ חָאטְשׁ הַאלְבּ תַּעֲנוּג הַיינְט גֶענִיסֶען פוּן דִיא וָואס אִיךְ הָאבּ דֶעמָאלְט גֶעהַאט נִישְׁקָאשֶׁע מלכהניא דֶערְצֵיילְט מִיר, הָאט גָאר קֵיין מוֹרָא נִיט, זָאל אִיךְ שְׁטוּם אוּנ קְרוּם וֶוערִין, זָאל מִיר דָאס מוֹיל פוּן הִינְטֶען שְׁטֵיין, זָאל אִיךְ אַפִּינְסְטֶער קְוִויטֶעל הָאבִּין אוֹיף הַיינְטִיג נַייא יָאהר אוֹיבּ אִיךְ וֶועל אִימֶעצֶען עֶטְוָואס דֶער פוּן דַאכְטִין.

נוּא אַז אִיהר שְׁלֶעפְּט מִיךְ בַּייא דֶער צוּנְג, אוּנ אִיהר שְׁוֶוערְט אַזוֹיא מוּז אִיךְ אַייךְ דָאךְ שׁוֹין דֶער צֵיילֶען, נָאר גֶעדֵיינְקְט אִיהר זָאלְט חָלִילָה קֵיין וָוארְט נִיט אוֹיס רֵיידִין.

זָאל מִיר אָפּ גֶעדַארְט וֶוערִין דִיא צוּנג אוֹיבּ אֲפִילוּ אַהַאלְבּ וָוארְט וֶועל אִיךְ פוּן מוֹיל אַרוֹיס לָאזִין. — הָאט זִיךְ דבשה גֶעשְׁוָוארִין.

דָא אִיז פֶערְשְׁטֶעהט אִיהר מִיךְ דבשהניא אַזַא מַעֲשֶׂה — הָאט מלכה גִיעֶנְטְפֶערְט — מִיא הַאלְט מִיךְ דֶער פַאר, אִיךְ זָאל נִיט אוֹיס זָאגֶען אַז חוהלע אִיז אַמַמְזֵר.

וָואס? חוהלע אִיז אַמַמְזֵר? פִּינְסְטֶער אִיז מִיר! וָואס הֵייסְט אַמַמְזֵר?

פָּשׁוּט אַמַמְזֵר, אוּנ וַוייטֶער גָאר נִישְׁט — הָאט מלכה גִיעֶנְטְפֶערְט — מִיט צְוַואנְצִיג יָאהר צוּרִיק הָאט מֶען זִיא גֶעפוּנֶען אִין מִיטֶען דֶער נַאכְט לֶעבֶּען טִיהר.

דִיא הָאר שְׁטֶעלִין זִיךְ בְּנֶאֱמָנוּת קַאפֵּייר — הָאט דבשה פֶערְוואוּנְדֶערְט גֶעזָאגְט — דֶער צֵיילְט מִיר אִיךְ בֶּעט אַייךְ וִויא אִיז גִיוֶועזֶען דִיא מַעֲשֶׂה.

דָא אִיז גִיוֶועזֶען אַזַא גֶעשִׁיכְטֶע, אַיין מָאהל אִין מִיטֶען דֶער נַאכְט, אַלֶע הָאבִּין שׁוֹין בַּייא אוּנְז גֶעשְׁלָאפִין, נָאר אִיךְ הָאבּ מִיךְ נָאךְ גֶעפָּארֶעט אִין קִיךְ, פְּלוּצִים הֶער אִיךְ עֶפֶּעס אַקוֹל פוּן אַקִינְד, בַּייא אוּנְז אִין שְׁטוּבּ זַיינֶען אָבֶּער קֵיין קְלֵיינֶע קִינְדֶער נִיט גִיוֶועזֶען אִיז מִיר פָּשׁוּט דָאס בְּלוּט פֶערְגְלִיוֶוערְט גֶעוָוארִין אִין אַלֶע אָדֶערִין, פְּרִיהֶער הָאבּ אִיךְ גֶעמֵיינְט אַז דָאס אִיז אַקָאטְץ נָאר אִיךְ הָאבּ פָּארְט דֶערְקֶענְט אַקוֹל פוּן אַקִינְד, וָואס הָאבּ אִיךְ גֶעמֵיינְט מִסְתָּמָא אִיז דָאס אַנִיט גוּטֶער, אִיךְ הָאבּ גֶענוּמֶען לֵייעֶנֶען נָאךְ אַמָאהל קְרִיאַת שְׁמַע, עֶס הֶעלְפְט אָבֶּער נִיט, דָאס קוֹל הֶערְט זִיךְ אַלְס, דָא הָאבּ אִיךְ מִיךְ שׁוֹין נִיט גֶעקֶענְט אַיינְהַאלְטֶען אוּנ הָאבּ אוֹיפְגֶעוֶועקְט דֶעם בַּאלַאבָּאס מִיט דֶער נַבַּאלַא-בָּאסְטֶע, זֵייא זַיינֶען אַלֶע אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, מִיר הָאבִּין אָנְגֶעצוּנְדֶען לִיכְט אוּנ זַיינֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אִין דְרוֹיסֶען, עֶרְשְׁט אַקִינְד לִיגְט אִין שֵׁיינֶע וִויקֶעלַאךְ אוּנ שְׁרַייט נֶעבַאךְ, דִיא מאדאם הָאט אוֹיף דֶעם רַחֲמָנוּת גֶעהַאט, אוּנ הָאט דָאס אִין שְׁטוּבּ אַרַיינְגֶענוּמֶען, מִיא הָאט אַקוּק גֶעטָאהן עֶרְשְׁט דָאס אִיז זֶעהֶער אַשֵׁיין קִינְד אַמֵיידֶעלֶע, אוּנ בַּייא אִיהר אוֹיף דֶעם הַאלְדְז הָאט גֶעהַאנְגֶען

אַבְרִיף, אִין דֶעם בְּרִיף הָאט דֶעם קִינְדְס מוּטֶער גִיבֶּעטְן מִיא זָאל אוֹיף אִיהר טָאכְטֶער רַחֲמָנוּת הָאבִּין וַוייל זִיא וַוארְפְט דָאס אַוֶועק פְּשׁוּט אוּיס נֵייט, אוּנ זִיא בֶּעט מִיא זָאל זִיא רוּפֶען מִיט דֶעם נָאמֶען מרים הוה, דֶער הָער הָאט אֲפִילוּ גֶעוָואלְט אוֹיף מָארְגִין דָאס קִינְד אִין פְּרִיווּט אָבּ גֶעבִּין נָאר דִיא מאדאם הָאט נִיט דֶערְלָאזְט, זִיא הָאט גֶעזָאגְט אַז זִיא וִויל דָאס הָאדֶעוֶוען,

מִיא הָאט צוּגֶענוּמֶען צוּ דֶעם קִינְד אַנַאם אוּנ מִיא הָאט דָאס גֶעהָאדֶע-וֶועט, מִיךְ הָאט מֶען שׁוֹין נִיט אַוֶועק גֶעלָאזְט, אִיךְ בִּין גֶעבְּלִיבֶּען אַנְיַאנְקֶע בַּייא דֶעם קִינְד דָאס הָאט זִיךְ טַאקֶע אוֹיף מַיינֶע הֶענְד אוּיס גֶעהָאדֶעוֶועט, אוּנ אַז דָאס קִינְד אִיז שׁוֹין אַלְט גֶעוָוארִין אַכְט יָאהר אוּנ מִיא הָאט דָאס טַאקֶע לִיבּ גֶעהַאט וִויא אַנְאֵייגִין קִינְד הָאט מֶען שׁוֹין מוֹרָא גֶעהַאט מִיךְ אָפּ צוּ לָאזִין כְּדֵי אִיךְ זָאל קֵיינֶעם נִיט דֶער צֵיילֶען וֶוער דָאס קִינְד אִיז.

נוּא אוּנ דָאס אִיז דִיא אִיצְטִיגֶע כַּלָּה עווגעניע אָדֶער חוהלע? — הָאט דבשה הֶערְכְּסְט עֶרְשְׁטוֹינְט גֶעפְרֶעגְט.

יוֹדֶענְע וָואס אִיהר זָענְט אִיהר הָערְט דָאךְ אַז דָאס אִיז זִיא, נוּא אַצוּנְד פֶּערְשְׁטֶעהט אִיהר שׁוֹין פַאר וָואס מִיא הַאלְט מִיךְ אַזוֹיא לַאנְג?

יַא אַצוּנְד פֶּערְשְׁטָעה אִיךְ שׁוֹין — הָאט דבשה גִיעֶנְטְפֶערְט.

גֶעדֵיינְקְט זְשֶׁע אִיהר זָאלְט זִיךְ חָלִילָה פַאר קֵיינֶעם נִיט אוּיס רֵיידִין נִיט אֵיין וָוארְט וָואס אִיהר הָאט פוּן מִיר גִיהֶערְט, אִיהר פֶערְשְׁטִעהט דָאךְ אַלֵיין, אַז אִיךְ קָאן חָלִילָה דִיא שְׁטֶעלֶע פֶערְלִירֶען.

אִיךְ הָאבּ אוֹיף אַייךְ חָלֶעבִּין פַארְאִיבִּיל וָואס אִיהר בֶּעט מִיךְ אַזוֹיא פִיל — וָואס בִּין אִיךְ עֶפֶּעס אַפִּיטְשִׁינְק מֵיידֶעלֶע, אָדֶער אַרְכִילוּת זָאגֶערִין — הָאט דבשה גִיעֶנְטְפֶערְט.

נוּא קוּמְט צוּ מַיין מאדאם וֶועל אִיךְ מִיט אִיהר רֵיידִין וֶועגִין אַייךְ — הָאט מלכה גֶעזָאגְט — אוּנ בֵּיידֶע וַוייבֶּער זַיינֶען אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען צוּא דֶער מאדאם מעקערוואלד.

# לה.

## דֶער בֶּעפְרַייֶעטֶער גֶעפַאנְגֶענֶער.

וַויינְט נִיט צִיפֶּה! — הָאט בנימין גֶעזָאגְט צוּ ציפהן וֶועלְכֶע אִיז גֶעזֶעסֶען נֶעבֶּען אִיהם אוּנ הָאט בִּיטֶערֶע טְרֶערִין פֶּערְגָאסִין — אוּנְזֶער הֵיילִיגֶע גְמָרָא זָאגְט: אַז אַמֶענְטְשׁ טָאהר זִיךְ פוּן גָאטְס רַחֲמָנוּת נִיט מְיַאֵשׁ זַיין, וֶוען אֲפִילוּ אַשַׁארְפֶער שְׁוֶוערְד לִיגְט אוֹיף זַיין הַאלְדְז, גָאט קָאן נָאךְ גֶעבִּין אִיהר זָאלְט וֶועהֶען אַייעֶר סענדערין בֶּעפְרַייט אִין פִיל גוּטְס.

אַי פִינְסְטֶער אִיז מַיין וֶועלְט! הָאט דִיא אוּנְגְלִיקְלִיכֶע מוּטֶער גֶעקְלָאגְט — אִיךְ הָאבּ מוֹרָא אַז אִיךְ הָאבּ פֶּערְשְׁפִּילְט מַיין טַייעֶר קִינְד מַיין אֵיינְצִיגֶע שְׁטִיטְצֶע

אוֹיף דֶער עֶלְטֶער, אִיךְ הָאבּ מוֹרָא אַז אִיךְ וֶועל אִיהם שׁוֹין נִיט זֶעהֶען, גְּוַואלְד וואוּ נֶעמְט מְעֶן גֶעפֶּעס אַגוּטֶען פְרַיינְד עֶר זָאל מִיר דָא הֶעלְפִין.

וואוּ הָאט אִיהר הַיינְטִיגֶע צַייטֶען גוּטֶע פְרַיינְד! — הָאט בנימין פֶערְצְווייפֶעלְט גֶעזָאגְט אוּנ הָאט אַמָאךְ גֶעטָאהן מִיט דֶער הַאנְד — נָאךְ מַיין מֵיינוּנְג אִיז נָאר נִיטָא אַיין גוּטֶער מֶענְטְשׁ אוֹיף דֶער וֶועלְט, אִיהר הָאט דָאךְ אַסִימָן אַז אִיךְ בִּין גֶעגַאנְגֶען צוּ ווייספעלדס כַּלָּה, אוּנ הָאבּ זִיא מִיט טְרֶערִין גִיבֶּעטִין זִיא זָאל אַייעֶר זָאהן טָאהן אַטוֹבָה, הָאט זִיא מִיךְ פוּן דֶער שְׁטוּבּ אַרוֹיס גֶעטְרִיבֶּען.

מִיךְ פֶערְדְרִיסְט וָואס אִיךְ בִּין צוּ אִיהר גִיט גֶעגַאנְגֶען, אוֹיף מִיר וָואלְט זִיא גֶעווִיס רַחֲמָנוּת גֶעהַאט.

נַיין דָאס אִיז נִיט אַמֶענְטְשׁ פוּן רַחֲמָנוּת — הָאט בנימין גִיעֶנְטְפֶערְט — אִיךְ הָאבּ זִיא דֶער קֶענְט אַז זִיא אִיז אַשְׁלַאנְג, אִיהר וָואלְט גֶעווִיס אוֹיךְ פוּן אִיהר גֶעהַאט דֶעם זֶעלְבֶּען שְׁוַוארְצִין סוֹף וָואס אִיךְ, מִיךְ פֶערְדְרִיסְט מֶער נִיט וָואס אִיךְ הָאבּ אִיהר גִיט מְכַבֵּד גִיוֶוען אוֹיפִין פְּלַאטְץ.

נוּא וָואס וָואלְט גִיוֶוען וֶוען אִיהר זָאלְט זִיא גִיוֶוען זִידְלֶען, וָואלְט מַיין סענדער דוּרְךְ דֶעם גִירֶעטֶעט גֶעוָוארִין? — הָאט ציפה גֶעיָאמֶערְט.

נִיט צוּלִיבּ דֶעם — הָאט בנימין גִיעֶנְטְפֶערְט — נָאר אַזַא שְׁוַויין בַּאדַארְף מֶען גֶעבִּין אִיבֶּער דֶעם קָאפּ.

נָאר וָואס טוּט מֶען אַצוּנְד רבי בנימין — הָאט ציפה גֶעזָאגְט וַויינֶענְד — וָואס וֶועט דָא זַיין דֶער סוֹף פוּן מִיר, אִיהר קָאנְט דָאךְ דָא עֶווִיג נִיט זִיטְצֶען, אִיהר מוּזְט דָאךְ פָאהרִין אַהֵיים, וואוּהִין זָאל אִיךְ מִיךְ קֶעהרִין? בִּיטֶער אִיז מַיין לֶעבֶּען!

אִיהר וֶועט אוֹיךְ פָאהרִין מִיט מִיר, אִיהר וֶועט בַּייא מִיר זִיטְצֶען, אוּנ וֶועט עֶסִין דָאס וָואס מִיר אַלֶע וֶועלִין עֶסִין, הָאט בנימין גִיעֶנְטְפֶערְט.

גָאט אִיז מִיט אַייךְ וָואס רֶעט אִיהר? אִיךְ זָאל אַוֶועק פָאהרִין פוּן דַאנֶען? אִיךְ זָאל אִיבֶּער לָאזִין מַיין סענדערקען דָא אִין אַסְטְרָאג, אוּנ זָאל אַוֶועק פָארִין צוּ אַייךְ עֶסִין אוּנ טְרִינְקֶען? נַיין דָאס וֶועל אִיךְ נִיט טָאהן.

וָואס וֶועט אִיהר אָבֶּער אַייעֶר סענדערין דָא הֶעלְפִין? — הָאט בנימין גֶעזָאגְט — אִיהר זֶעהט דָאךְ אַז מִיא לָאזְט אַייךְ אֲפִילוּ נִיט צוּ צוּ אִיהם.

פוּן דֶעסְט וֶועגִין קָאן אִיךְ פוּן דַאנֶען נִיט אַוֶועק פָארִין, אִיךְ מוּז דָא בְּלַייבֶּען בִּיז אִיךְ וֶועל ווִיסֶען וָואס מִיט אִיהם אִיז גֶעוָוארִין, אִיךְ וֶועל אִין דִיא הַייזֶער אַרוּם גֶעהֶען, אִיךְ וֶועל בֶּעטְלֶען גַיין, אוּנ וֶועל דָא בְּלַייבֶּען.

אִין דֶער מִינוּט הָאט דִיא ווִירְטְהִין פוּן דֶער קְוַוארְטִיר גִיעֶפִינְט דִיא טִיהר אוּנ הָאט אַגֶעשְׁרַייא גֶעטָאהן: ציפה אַייעֶר זָאהן גֶעהט!

וֶוער? מַיין זָאהן? — הָאט ציפה גֶעשְׁטַאמֶעלְט אוֹיפְשְׁפְּרִינְגֶענְד פוּן אִיהר אָרְט אוֹיךְ בנימין אִיז אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען מִיט אַבְּלַאסֶעס גֶעזִיכְט פַאר אִיבֶּער רַאשׁוּנְג.

אִין דֶעם מָאמֶענְט אִיז סענדער שטראהל אַרַיינְגֶעלָאפִין אִין צִימֶער;

מיין זאהן ! מיין קינד ! — האט ציפה יאמערענד געשריען פאללענד דעם זאהן אויף דעם האלדז — דוא ביזט שוין פרייא ?

יא מוטער איך בין שוין פרייא — האט שטראהל גיענטפערט מיט שטראהלענדע אויגען מיין אונשולדיגקייט האט זיך ענטדעקט , איך בין פרייא .

געלייבט ביזטו גרויסער גאט ! — האט בנימין געזאגט אוים שפרייטענד דיא הענד צום הימעל .

מיין טייערער ליבער זאהן ! — האט ציפה געשריען איהם קושענד אונ צו דריקענד צו איהר ברוסט — אך איך בין גאר דיא חסדים ניט ווערט וואס גאט האט מיט מיר געטאהן , דער צייל מיר מיין קינד וויא אזויא ביזטו גירעטעט געווארין .

גאט האט מיר זיין גוטען מלאך געשיקט אונ האט מיך גירעטעט — האט שטראהל גיענטפערט — איסר ווייספעלד'ס טאכטער זוזאנא זיא וואר מיין גוטער ענגעל , נור איהר האב איך מיין פרייהייט צו פערדאנקען .

גיבענטשט זאל זיא זיין פון זיין ליבען נאמען ! — האט ציפה געזאגט — ערצעהל דאך מיר מיין קינד וויא אזויא האט זיא דיך גירעטעט .

דאס איז אלאנגע געשיכטע — האט שטראהל גיענטפערט — נאר איך וועל אייך אין קורצען ערצעהלען , אז זיא האט ריכטיג ערפאהרען פון וואנען מיין אונגליק וואקסט , אונ דורך דעם האט איהר געלונגען צו געפינען פאר מיר ארפואה .

נוא זאג זשע פון וואנען האט דיך דיא קויל געטראפין .

אפאליטישער פערברעכער האט געשריבען צו מיר אבריף פונעם אסטראג , אין דעם בריף זעהט מען אז איך בין אנעפעהרליכער פערברעכער , זוזאנא האט ערפאהרען ריכטיג ווער עס האט דעם סאציאליסט געבעטען ער זאל מיר אזא בריף שרייבען , אונ וואס ער האט דאבייא געמיינט , זיא האט דאס נעמעלדעט דעם זאנדארמיסקען פאלקאווניק וועלכער האט באלד ארעסטירט דעם מענטשין וועלכער האט דעם בריף צו נעשטעלט , אונ דעם וועלכער האט דעם בריף בייא דעם פערברעכער אוים גענארט , אויך דעם סאציאליסט קלאפפשטיין האט מען גענומען אויף אדאפראס , אונ מיא האט ריכטיג ערפאהרען דיא עפערע , אז איך בין דא גאר ניט שולדיג , נור מיא האט אויף מיר אבלבול געמאכט , דער פאלקאווניק האט מיך דיא מינוט בעפרייט .

אדאנק דיר גרויסער גאט פאר דיינע חסדים ! — האט ציפה געזאגט אויפ-הייבענד דיא טהראנענדע אויגען נעגען הימעל — אגוטען מזיל זאל זיא דער פאר האבין , דאס איז אגאלדין קינד לעבין זאל זיא , וואו נעמט מען זיא אצונד וואלט איך איהר אלע גלידער אוים נעקושט .

זיא איז מיט צווייא שטונדען פריהער אוועק געגאנגען פון דעם פאל-קאווניק נאך איידער זיא האט ערפאהרען אז איך בין פרייא , דען מיא האט

זיא אוועק גערופען אהיים דארט איז עפעס אגאנצער סקאנדאל גיוועזען.

וואס פאר אסקאנדאל? האט בנימין געפרעגט.

דער פאטער האט אנגעפאטשט דעם אינגערין ברודער זוזאנאס, איך ווייס ניט פאר וואס, האט דער זאהן דעם טאטין צוריק געפאטשט, אונ האט אלע שויבען פון דיא פענסטער אויס געבראכין, דער פאטער האט געמוזט רופען פאליציייא אונ מיא האט דעם סקאנדאליסט אין סמירישטעלנעם דאס אוועק געפירט.

געבאך ארחמנות אויף זוזאנעס פאטער — האט ציפה געזאגט.

איך פערשטעהע גאר ניט — האט בנימין געזאגט — מיר דוכט אז היינט איז בייא ווייספעלדן דיא חתונה, איך בין מיט אפאר שטונדען צוריק פאר בייא געגאנגען מעקערוואלדס קוואַרטיר האב איך גיזעהען וויא דיא מוזיק זיינען אהין אריינגעגאנגען אונ האב בעמערקט וויא אלעס איז גרייט צו דער חתונה, איך האב זאגאר גיזעהען דיא כלה איז געשטאנען אין פענסטער פערפוצט אין דעם ברויטשלייער.

וואס ניהער דאס איינס צום צווייטען — האט שטראהל גיענטפערט — איז מסתמא דער סקאנדאל גיוועזען פאר דער חתונה.

קאן זיין אז צוליב דעם זאל דיא חופה אפ געליינט ווערין? האט ציפה געזאגט.

ניין דאס געוויס ניט, ווייספעלד וועט זיך געוויס מאכין ניט וויסענדיג אונ וועט געהען צו דער חופה, ווייל ער וועט זיך שעמען פאר דער וועלט, נאר זאגט מיר וואס הערט זיך מיט מיין דעבאראן? וואו איז זיא אצונד?

איך וויים מעהר ניט אז זיא איז אין דער זעלבער נאכט וואס מיא האט דיך ארעסטירט אוועק געגאנגען צו איהרע עלטערין, ווייטער וויים איך גאר נישט. — האט ציפה גיענטפערט.

איך מוז זיך נאך היינט זעהן מיט זוזאנאן — האט שטראהל געזאגט — זיא האט מיך גיבעטין אז קוים וועל איך ארויס געהן פון געפענגעניס, זאל איך איהר געבין צו וויסען, אונ זיא האט בייא מיר פערדינט, איך זאל צו איהר געהן אונ איהר בעדאנקען פאר דער מיהע וואס זיא האט געהאט צוא ליב מיר.

איך וועל אויך מיט דיר געהן מיין זאהן! — האט ציפה געזאגט — איך מוז איהר אויך באדאנקען דער פאר וואס זיא האט מיך פון טויט לעבעדיג געמאכט.

אונ מיין דאנק מוז איך איהר אויך געבין, דען דער וואס טוט מיין וואהלטהעטער אטובה דער האט דאס מיר געטאהן — האט בנימין געזאגט.

נוא קומט לאמיר אלע געהען — האט שטראהל גיענטפערט אויפהייבענד זיך פון ארט.

אונ וויא וועט זיין אז מיר וועלין זיא ניט טרעפין אין דער היים? —

האָט ציפּה גֶעפְרֶעגְט — דֶען קוּים אִיז בַּייא אִיהר פָּאטֶער הַיינְט חֲתוּנָה מוּז זִיא דָאךְ אוֹיךְ דָארְט זַיין.

נוּא וֶועלִין מִיר גֵיין אוֹיף דֶער חֲתוּנָה — האָט שטראהל גֶיעֶנְטפֶערְט.

יָא מִיר וֶועלִין גֵיין אוֹיף דֶער חֲתוּנָה — האָט אוֹיךְ בנימין בַּייא גֶעשְׁטִימְט — דֶען דַאמִיט וָואס מִיר וֶועלִין זוזאנאן פַאר אַלֶע אִין דִיא אוֹיגֶין דַאנְקֶען, וֶועט דִיא שְׁמָאלְצֶע כַּלָה עווגעניע זֶעהֶן וָואס פַאר אַנ׳אוּנְטֶערְשֵׁייד עֶס אִיז צְוִוישֶׁען אִיהר אוּנ צְוִוישֶׁען זוזאנאן.

וָואס פַאר אַעווגעניע ? — האָט שטראהל גֶעפְרֶעגְט.

בנימין האָט אִיהם אַלֶעס עֶרְצֵייהְלְט פוּן זַיין וִויזִיט בַּייא עווגעניען אוּנ וִויא אַזוֹי זִיא האָט אִיהם בֶּעהַאנְדֶעלְט.

אוֹיב אַזוֹי — האָט שטראהל גֶעזָאגְט מוּנְטֶער וֶועט דָאךְ טאָקֶע זַיין נַייעֶר גְלַייךְ צוּ וַוייזֶין אִיהר אַז דֶער כַאראַקְטֶערְלָאזֶער שטראהל אִיז בֶּעפְרַייעֶט גֶעוָוארִין אָן אִיהר הִילְף. קוּמְט לָאמִיר גֵיין.

אוּנ אַלֶע זַיינֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּ ווייספעלדן.



## לו.

### אֵיין מַאן מִיט דְרַייא וַוייבֶּער:

בַּייא אבראם מעקערוואלד אִין זַיין גְרָאס אַרְטִינֶגֶער קְוָוארְטִיר וַואר אַפְּרֶעכְטִיגֶער בַּאל. רַייכְפֶּערְפּוּצְטֶע הֶערְרֶען, אוּנ אִין בּוּרְלְיַאנְטֶען גֶעשְׁמִיקְטֶע פְרוֹיֶען הָאבְּען גֶעוִויזֶען זֵייעֶרֶע פֶעהִיגְקֵייט אִין דֶער טַאנְצְקוּנְסְט. זַייא הָאבֶּען גֶעשְׁוֶועבְּט אִיבֶּער דֶעם גְרָאסֶען בְּרֵייטֶען זַאל וִויא דִיא פֶעעֶן (רוחות), עווגעניע פֶערְפּוּצְט אִין אַטְהֵייעֶר סַאמֶעטְקְלֵייד מִיט אַלַאנְגֶע שְׁלֶעפֶּע, אִין דֶעם לַאנְגֶען בְּרוֹיטְשְׁלֵייעֶר וֶועלְכֶער וַואר נָאךְ לֶיינְגֶער פוּן אִיהר שְׁלֶעפֶּע האָט אַרוּם סְפַּאצִירְט מִיט אַהֵייטֶער פְרֵיילִיךְ גֶעזִיכְט צְווִישֶׁען דִיא גֶעסְט, אוּנ האָט יֶעדֶען בֶּעגְלִיקְט מִיט עֶטְלִיכֶע זִיסֶע וֶוערְטֶער: אוֹיף יֶעדֶעס גֶעזִיכְט האָט גֶעשְׁטְרַאהְלְט גְלִיק אוּנ פְרֵיידֶע, אוֹיךְ אוּנְזֶער בֶּעקַאנְטֶע מאריא גוסט פֶערְפּוּצְט וִויא אַקֶענִיגִין האָט דָא עֶפֶעקְט גֶעמַאכְט מִיט אִיהר טְהֵייעֶר קְלֵייד אוּנ מִיט אִיהרֶע בְּלֶענְדֶענְדֶע צִירוּנג. דָאךְ אִיז אוֹיף אִיהר גֶעפוּדֶערְט פָּנִים וִויא אַשָׁאטֶען גֶעלֶעגֶען. זִיא האָט וֶועניג גִירֶעט וֶועניג גֶעטַאנְצְט, אוּנ וֶועניג גֶעלַאכְט.

אִין אַווינְקֶעל וַואר צוּ בֶּעמֶערְקִין אוּנְזֶער בֶּעקַאנְטֶע דעבארא מִיט אַבְּלַאסֶעס גֶעזִיכְט. נָאר פֶערְפּוּצְט אוֹיף דֶער הֶעכְסְטֶער שְׁטוּפֶּע. זִיא אִיז גֶעזֶעסִין שְׁטוּם וִויא דִיא וַואנְד. אוּנ האָט מִיט טְרוֹיעֶרִיגֶע בְּלִיקֶען גֶעקוּקְט אוֹיף דִיא טַאנְצֶענְדֶע, אַלֶע גֶעסְט הָאבִּין שְׁטִילֶערְהַייט בֶּעוואוּנְדֶערְט אִיהר פְּרַאכְט, אוּנ אֵיינֶע דִיא צְווייטֶע האָט פֶערְטְרוּיט אַסוֹד, אַז דָאס שֵׁיין מֵיידִיל אִיז אַנְטְלָאפִין גֶעוָוארִין פוּן

(ב״א)

פון איהרע עלטערין מיט אַנאָרמען סטודענט, אונ אַלס דער געליבּטער איז אין אַסטראַג אַריין איז זיא צוריק געקומען צו דיא עלטערין.

וואס באַטייט דאס וואס דער חתן איז נאך ניטא? האט קלארא געפרעגט איהר מאן בסוד.

איך פערשטייא דאס אויך ניט — האט אבראם געענטפערט.

מען האט באַדאַרפט פילייכט שיקען צו איהם ערפאהרען וואס דאס באַדייט.

מיר וועלין וואַרטען נאך אַביסעל — האט אבראם געענטפערט — קוים וועט ער נאך אין אַפירטעל שטונדע ניט קומען וועל איך צו איהם שיקען.

עס האט מעהר ניט געדויערט וויא פינף מינוט איז געקומען ווייספעלד מיט זיין טאכטער זוזאנא.

מיר זעהען זעהער אָפט וויא בעלי שמחות געהען אַרום מיט בעטריבּטע פערבּיטערטע הערצער, נאר קיין מאהל איז דוכט זיך אַרייבער חתן מיט אַזא צובראָכין האַרץ געקומען אויף זיין חתונה וויא יעצט ווייספעלד.

ער האט אין דיא לעצטע עטליכע טעג געהאט אונגערטרעגליכע שמערצין, דער געדאַנק אַז ער האט זיין איינציגעם זאהן אונגליקליך געמאכט דיא נאכריכט אַז בנימין פריעדפיש מיט זיין ערשטע ווייב זיינען דא. דער בריף וועלכין ער האט אַלס אַנטוואָרט ערהאַלטען פון מאריאן. דער שקאַנדאַליסט הוטשינדער וועלכער האט ביי איהם גענומען 5000 רובּיל פאר זיין בן יחידם וועקסלען. ענדליך דיא עגמת נפש וואס ער האט געהאט פון דעם זעלבען בן יחיד פאר זיין חופּה. דען ער איז געקומען טויט שיכור אונ האט געפאדערט ביי איהם געלד. ווייספעלד וועלכער וואר אַזוי אויך אויף איהם צארניג האט איהם דער יאַנגעט אַפאַטש אויף וועלכען ער האט באַלד דרייא צוריק בעקומען אונ דערצו נאך דעם סקאַנדאַל וואס דער שיכורער עזות פּנים האט אַלע שויבען פון דיא פענסטער אויסגעבראָכין, זא דאס מען איז פון אַלע זייטען אויף זיין ביי ווארנדער צוזאַמען געלאָפין. אונ ער (ווייספעלד) האט געמוזט אַראָפּוואַרפין פון זיך דיא בושה אונ זיך ווענדען צו דער פּאָליציי מען זאל זיין זאהן אַרעסטירען. דאס אַלעס האט איהם עלטער געמאכט מיט 50 יאהר. ער האט זיך נאך געמוזט פערפוצען אונ געהן אויף זיין חתונה. דאָרט זאל דער וויי קיין סקאַנדאַל ניט ווערין.

ער איז אַריינגעקומען טויט אונ צוטומעלט וויא נאך אַפּאַזשאר אין דעם רייבער זאל וואו עס וואר זא פריילין מונטער צוליב דעם וואס ביי איהם איז חתונה, וואס ער נעמט אַזא שיין מיידיל. מען האט איהם באַלד פון אַלע זייטען אַרום געריגעלט, מען האט איהם געוואונטשין גליק, וועהרענד אין זיין הערצען האט נאך געקלאַפּט פון דער שאנדע וואס ער האט געהאט אין דער היים.

דבורה וועלכע האט דערזעהן פון ווייטען זוזאנאן אַריינקומענד איז באַלד צו איהר צוגעלאָפין.

זוזאנא האט אויסגעזעהן אויך שטאַרק צורודערט. מען האט גלייך

געקענט ערקענען אז דיא טהייערע קליידער וואס זיא האט אויף זיך אנגעצויגן האט זיא זעהער גיך אונ געכאפט אנגעטאהן , דען זייא זיינען וויא ניט אויף זייער ארט געלעגין . זאגאר איהרע האר וואהרען ניט פערקאמט וויא עס באדארף צו זיין .

איך האב דיר שוין אזוי לאנג ניט געזעהען ליבע זוזאנא — האט דעבארא געזאגט נאך ציהענד נאך זיך איהר פריינדין אין אזייטיגען ווינקעל .

איך בין געוועזען בעשעפטיגט — האט זוזאנא געענטפערט .

מיט וואס ביזטו דאס אזוי בעשעפטיגט געוועזען ?

מיט פערשיידענע ארבייט — האט זוזאנא וויא מיט געוואלט אויסגערעדט זיא האט אקוק געגעבין אויף דעבארען , אונ דאס ערשטע מאהל זייט זייא האבין זיך דערקענט האט זיא מיט האס אויף איהר אבליק געווארפין וויא זיא וואלט געזאגט : האב איך דארום דאס לעבין איינגעשטעלט אום דיר צו בעגליקען? זיא האט געפונען אנ'אויסרייד דאס זיא מוז צוגעהען צו דיא כלה , נור אום פון דעבאראן בעפרייט צו ווערין .

אין זאל איז געווארין מיט דעם חתנס ערשיינען נאך פרייליכער , מען האט געטאנצט געגעסין געטרונקען , ווייספעלד האט זיך אלע מינוט ערשראקען אומגעקוקט וויא ער וואלט מורא געהאט עפעס אשר זאל ניט אריינפליהען אונ זאל זיין גן עדן צערשטערן . ער האט דערזעהן מאריאן , אונ אלע פארבין האבין זיך אין זיין געזיכט געביטען . "זיא איז דא אויף מיין חתונה ?" האט ער זיך געקלערט ווער ווייס אפשר איז זיא געקומען נור צוליב דעם זיא זאל מיר אונגליקליך מאכין . ער האט זיך דער מאהנט אן דיא ווערטער וואס זיא האט אין איהר בריף געשריבען "אייער פרויא דינט ביי מיר . . . . זיא וועט אייך בעעהרין מיט אוויזיט" וואס זאל דאס באדייטען ? — האט ער זיך געקלערט — זאל איך גלויבען אז אויך מיין צווייטע פרויא דבשה איז דא אונ זיא דינט ביי מאריאן ? נאר ניין ! דאס איז אונמעגליך .

אבוואהל ער האט זיך געוואלט איינבילדען אז דאס איז אונמעגליך . האט פארט אויף איהם דאס לייב געציטערט : פיליייכט איז דאס ווירקליך אזוי ? אונ דיא פערפלוכטע מאריא וועט פלוצים זיין דבשהן אריין שיקען מיט אוויזיט וועהרענד ער וועט שטעהן מיט זיין כלה אונטער דער חופה ? דער געדאנק האט איהם אזוי ערציטערט , אז ער האט זיך מיט קיין גליד ניט גערירט .

חתן שוין צייט צו געהן צו דער חופה ! — האט אבראם געזאגט צוגייענד צו איהם , ווייספעלד האט זיך וויא פון אשרעקליכין חלום ערוואכט .

ער האט באדעקט דיא כלה . דיא חופה האט מען געשטעלט טאקע אין זאל . ער איז געשטאנען אונטער דער חופה אין איינע צרות . האט יעמאנד אהוסט געטאהן האט ער געמיינט אז דבשה גייהט מיט אגוואלד . אונ אז ער האט שוין דיא כלה מקדש געוועזען אונ האט צובראכין דאס גלעזיל אלס אלע האבין שוין אנגעהייבין צו שרייען מזל טוב , איז איהם וויא אבארג פון הערצען אראפגעפאלין . יעצט האט ער זיך שוין גערעכינט וויא זיכער . דען קוים האט

מאריא בּיז אַהער גֶעשְׁווִיגֶען וֶועט זיא דָאךְ וַוייטֶער גֶעווים שְׁוַויינֶען. עֶר אִיז גֶעוָוארִין פְּרֵייליכֶער, אונ הָאט זיך גֶעזֶעצְט מִיט דִיא כַּלָה צום טִישׁ.

דבשה דֶערְלַאנְגְט דיא גִילְדֶענֶע יוֹךְ! — הָאט קלארא אַגֶעשְׁרַייא גֶעטָאהן.

דֶער רָשָׁע אִין קֶבֶר קָאן זיך גֶעווים אַזוֹי נִיט עֶרשְׁרֶעקִין אַלְס דֶער מַלְאַךְ הַדוּמָה פְּרֶעגְט אִיהם פְּלוּצִים: וִויא הֵייסְטוּ? אַזוֹי וִויא ווייספעלד הָאט זיך עֶרְשְׁרָאקִין בַּייא דִיא וֶוערְטֶער. וִויא אַקָאנְוואוּלְסְיָאן הָאט דֶער רוּף אַלֶע זַיינֶע בֵּיינֶער דוּרְכְגֶעצוּקְט. עֶר הָאט זיך מוֹרָא גֶעהַאט אוּם צוּקוּקֶען פִּילַייכְט וֶועט עֶר דֶערְזֶעהֶן דִיא שְׁרֶעקְלִיכֶע דבשהן וָועלְכֶע הָאט אִיהם אוּנְטֶער דֶער חוּפָּה אַזוֹי גֶעשְׁרָאקֶען. אִין דֶער מִינוּט אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען זוזאנא אוּנ הָאט זיך אוֹיךְ נֶעבִּין דֶעם זֶעלְבִּין טִישׁ גֶעזֶעצְט וואוּ דֶער פָּאטֶער מִיט זַיין כַּלָה זַיינֶען גֶעזֶעסִין.

עֶס הָאט נִיט גֶעדוֹיעֶרְט קַיין צְוַוייא מִינוּט הָאט דבשה צוּגֶעטְרָאגִין אַוַואזֶע מִיט גִילְדֶענֶע יוֹךְ. אוּנ מלכה הָאט נָאךְ גֶעטְרָאגִין צְוַוייא טֶעלֶער מִיט לֶעפִיל גָאפִּיל.

דֶעם טוֹיט מִיט אַלֶע זַיינֶע יִסוּרִים הָאט ווייספעלד גֶעפִיהלְט אַלְס עֶר הָאט דִיא דבשהן דֶערזֶעהֶען. עֶר הָאט דֶערקֶענְט זַיין צְווייטֶע פְּרוֹיא.. גֶעשְׁווִינְד הָאט עֶר אָבְגֶעוֶוענְדֶעט זַיין גֶעזִיכְט. זִיא זָאל אִיהם נִיט זֶעהֶען.

דבשה הָאט אִיהם אָבֶּער נָאךְ פוּן וַוייטֶען דֶער זֶעהֶן. זִיא הָאט אָבֶּער אִיהרֶע אוֹיגֶען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט. זִיא הָאט גָאר נִיט גֶעוואַגְט צוּ דֶענְקֶען אַז דָאס אִיז אִיהר פלטיאל. נֵיין! דָאס הָאט אִיהר גֶעווים אִיהר פַאנְטַאזִיֶע גֶענַארְט. זִיא הָאט אַוֶועק גֶעשְׁטֶעלְט דִיא וַואזֶע אוֹיף דֶעם טִישׁ אוּנ אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען.

זִיא הָאט אָבֶּער אִין קִיךְ נִיט גֶעקֶענְט רוּהֶען. דִיא עֶהְנְלִיכְקֵייט הָאט זִיא גֶעצוֹינְין וִויא אַמַאגְנֶעט אִין זַאל זִיא זָאל נָאךְ אַמָאהל אַקוּק גֶעבִּין אוֹיף דֶעם חָתָן. זִיא הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אִין אַנִּוא ווינְקֶעל פוּן וַואנֶען זִיא הָאט אִיהם גוּט גֶעקֶענְט זֶעהֶען. אַלְס זִיא הָאט אִיהם אַהִיבְּשֶׁע צַייט בֶּעטְרַאכְט. אִיז זִיא אַרַיין גֶעלָאפִין צוּרִיק אִין קִיךְ. אִיז גֶעפַאלִין מלכהן אוֹיף דֶעם הַאלְז מִיט אַיָאמֶער: מלכהניא! קְרַיין הַארְץ! אִיךְ וֶועל דָאס נִיט אוֹיסְהַאלְטִין, אִיךְ וֶועל פוּן מוֹחַ אַרָאפּ, אִיךְ וֶועל שְׁטַארְבִּין — הָאט זִיא גֶעשְׁרִיעֶן.

וָואס אִיז אַייךְ פַּאר אַגוּטִס דבשה? — הָאט מלכה נִיפְרֶעגְט עֶרשְׁרָאקֶען.

מלכהניא! נְשָׁמָה מַיינֶע! הַארְץ מַיינְס! דֶער חָתָן-אַי אִיךְ וֶועל זִיךְ אַמִיתָה אָנְטָאהן! דֶער חָתָן אִיז....

וָואס אִיז עֶר? — הָאט מַלְכָּה עֶרְשְׁטוֹינְט נִיפְרֶעגְט.

עֶר אִיז מַיין מַאן פלטיאל — הָאט קוֹים דבשה אוֹיסְגִירֶעדְט.

וָואס פְּלוֹידֶערְט אִיהר? אִיהר הָאט גֶעמוּזְט מַאקִי מְשׁוּגָע וֶוערִין — הָאט מלכה הֶעכְסְט עֶרשְׁרָאקֶען אוּנ פֶּערְוואוּנְדֶערְט גֶעזָאגְט.

נַיין אִיךְ פְּלוֹידֶער נִיט. אוּנ אִיךְ בִּין נִיט מְשׁוּגָע. נָאר וַוארְט בַּאלְד וֶועל אִיךְ הִיסֶען אוֹיף קְלָאר.

זִיא אִיז צוּרִיק אַרַיינְגֶעלָאפִין אִין זַאל הָאט אוֹיפְגֶעזוּכְט מאריאן.

באלעבאסטע — האט זיא געזאגט — האט קיין פאראיביל ניט וואס איך בין צו אייך צוגעגאנגען זאגט מיר איך בעט אייך איהר זאלט מיר געזונד זיין איהר האט דאך געקאנט מיין מאן פלטיאלן איא איהר האט איהם געקאנט?

מאריא האט פערשטאנען וואוהין דיא ווערטער גייען אונ האט מיט בעם געזאגט אוועק פון מיר דוא שפילה. איך וויל אין דיינע ד׳ אמות ניט שטיין! דבשה איז אוועקגעגאנגען.

ווייספעלד האט בעמערקט וויא דבשה האט עפעס גירעדט מיט מאריאן אונ ער איז נאר אויף דאס נייע ערציטערט געווארין.

דבשה האט זיך אבערמאלס געשטעלט פון ווייטען האט געקוקט אויף דעם חתן זיא האט זיך שוין ניט געקאנט איינהאלטען „עס מאג זיין וואס דא וויל!" האט זיא צו זיך אליין געזאגט איך מוז דיא זאך ריכטיג דערגייהן דאס איז ער ער האט אפילו דיא נוליע אויף דעם שטערין אזוי וויא אין דער צייט וואס ער איז מיין מאן גיוועזען.

זיא איז צוגעלאפין צום טיש וואו ווייספעלד איז גיזעסין. ער האט ווייטער אבגעווענדעט דאס פנים. דאס האט איהר נאך געוויסער געמאכט איהר ספק.

פערשפארסט זיך בעהאלטען פלטיאל — האט זיא געזאגט — איך האב דיר ערקענט. קוק נאר אויף מיר אונ זאג מיר אין דיא אויגין אז איך בין ניט דיין ווייב.

צו וועמען רעדט איהר דאס? האט עטעניע געפרעגט פארוואונדערט.

איך רייד צו מיין מאן פלטיאלן וועלכער האט מיט אייך אצונד חתונה געהאט האט דבשה גיענטפערט.

דיא פרויא מוז זיין וואהנזיניג — האט ווייספעלד געזאגט אונ דיא ציין האבין איהם אין מויל געטרעסעט.

גיין קאלבוניק איך בין ניט משוגע — האט דבשה געשריען מיט אזא געשרייא אז וויפיל מענטשין עס זיינען גיוועזען אין זאל זיינען צוא דעם טישעל צוגעלאפין.

יודין דאס איז מיין מאן! — האט דבשה געשריען ציינענד אויף ווייספעלדן. אלע געסט זיינען וויא צודולט געווארין ביא דעם געשרייא אונ ביא דיא ווערטער.

נעמט צו פון דאנען דיא משוגענע! האט עטעניע געשריען.

ביא דעם פובליקום איז שוין טאקי באלד רעכט גיוועזען אז דבשה איז משוגע אונ מען וואלט זיא ארויסגעווארפין פון זאל. נאר אנייע סצענע האט ערשיינט אונ האט געהאלפין דער ערשטער.

אין זאל זיינען פלוצים אריינגעקומען דרייא מענטשין צווייא מענער מיט אפרויא. זייא האבין גיפרעגט וואו איז זוזאנא ווייספעלד. מען האט זייא אנגעוויזען אויף דעם טישעל וואו חתן כלה זיינען גיזעסין.

קוים האט דבשה דערזעהן דעם עלטערין פון זייא האט זיא געגעבין אגעשרייא רבי בנימין! נאט האט אייך אהער געבראכט. לאנגע יאהר אויף

אײך זָאגְט װֶער אִיז דֶער מֶענְטְש ? אִיהר װֶעט אִיהם גֶעװִיס ,עְרְקֶענֶען . זִיא הָאט גֶעװִיזֶען אוֹיף װײספעלדן .

אַלְס בנימין הָאט אוֹיף װײספעלדן אַקוּק גֶעטָאהְן הָאט ,עֶר נִיט מִיט זַיין קוֹל אַנְגֶעשְׁרַייא גֶעטָאהְן : פלטיאל ?

אַהַא אִיהר זֶעט יוּדִין אַז אִיךְ בִּין נִיט מְשׁוּגָע ? — הָאט דבשה נֶעשְׁרִיעֶן . דֶער ,קָאלְבַּאסְנִיק הָאט טַאקִי בַּייא דֶעם יוּדִין גֶעדִינְט אוּנ הָאט אִיהם בְּדַלוּת גֶעשְׁטֶעלְט . ,עֶר אִיז דֶעמָאלְט גִיוֶוען מַיין מַאן אוּנ הָאט גֶעהֵייסִין פלטיאל אקס .

ווִיא פלטיאל אקס ? —־הָאט ציפה אַנְגֶעשְׁרַייא גֶעטָאן אַנָא לָאמִיךְ אִיהם נָאר אָנְקוּקֶען אֶפְשֶׁר אִיז דָאס דֶער עוֹכֵר יִשְׂרָאֵל וָואס הָאט מִיר אוּמְגְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט . אוּנ רֵיידֶענְדִיג אִיז זִיא אוֹיךְ צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם חָתָן אוּנ אַלְס זִיא הָאט אִיהם אֵיין מִינוּט בֶּעטְרַאכְט הָאט זִיא גֶעגֶעבִּין אַנֶעשְׁרֵייא . פִינְסְטֶער אִיז מִיר ! דָאס אִ׳ז דָאךְ טַאקִי פלטיאלקע דֶער תַּכְשִׁיט וָואס הָאט מִיר שׁוֹין דְרַייסִיג יָאהְר אַנְגֶענוּנָה אִיבֶּערְגֶעלָאזְט .

דֶער אוּנְמֶענְטְשׁ אִיז מַיין פָאטֶער ? הָאט שטראהל ,עֶרְשְׁרָאקֶען צוּ זִיךְ אַלַיין גֶעזָאגְט .

דִיא גֶעסְט הָאבִּין זִיךְ אֵיינֶע דִיא אַנְדֶערֶע ,עֶרְשְׁטוֹינְט אָנְגֶעקוּק .

הֶערְט זֶע בְּרִידֶער ! — הָאט װײספעלד גֶעזָאגְט אוֹיפְשְׁטֶעהֶענְד פוּן דֶעם צָרְט אִיךְ זֶעה אַז אִיךְ בִּין דָא גוּט אַרַיינְגֶעפַאלִין . אוּנ מַיין פֶערְטְהֵיידִינוּנְג וָועט מִיר נָאר נִיט הֶעלְפִין . אַלְזָא בִּין אִיךְ מוֹדֶה פַאר אַייךְ אַז אִיךְ בִּין וִוירְקְלִיךְ פלטיאל אקס דֶער מַאן פוּן דִיא צְוַוייא וַוייבֶּער . אוּנ דֶער רוֹיבֶּער פוּן דֶעם מֶענְטְשִׁין נָאר פַאר מַיין מַפָּלָה מוּז אִיךְ אַם וֶוענִיגְסְטֶען רַאכֶע נֶעמֶען פוּן דֶער פֶּערְזָאן וֶועלְכֶער הָאט מִיר דִיא חֲתוּנָה אוֹיפְגֶעשְׁפִּילְט ,הֶערְר גוסט ! — הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ הערמאנען וֶועלְכֶער אִיז גְרַאדֶע גֶעבֶען אִיהם גֶעשְׁטַאנֶען — אִיהר זָאלְט וִויסֶען אַז אַייעֶר פְרוֹיא מאריא הָאט נָאךְ אֵיידֶער זִיא הָאט חֲתוּנָה גֶעהַאט מִיט אַייךְ , דֶעם מֶענְטְשִׁין (צֵייגֶענְד אוֹיף בנימין) אַקִינְד גֶעשֵׁיינְקְט . —

ווִיא וַואגְט אִיהר זִיךְ מַיין פְרוֹיא אַזוֹי בֶּעלֵיידִגֶען ? — הָאט הערמאן צָארִינְג גֶעשְׁרִיעֶן .

נַאט אַייךְ אַבַּאוַוייז — הָאט פלטיאל גֶעזָאגְט אַרוֹיסְנֶעמֶענְד אַבְּרִיף פוּן טַאשׁ — לֶעזְט אִיהם אִיבֶּער וָועט אִיהר זֶעהֶען אַז אִיךְ בֶּעלֵיידִיג נִיט אוּמְזָאנְסְט אִיךְ אַלֵיין הָאבּ דָאס קִינְד צוּגֶענוּמֶען אוּנ הָאבּ זִיא דָאס אִיז שׁוֹין אַנֶעשִׁיכְטֶע פוּן 20 יָאהְר אִין מִיטֶען דֶער נַאכְט אַוֶועקְגֶעלֵייגְט אִין װארשויא אִין דֶער פְרַאנְ־ צִיסְקַאנֶער גַאס פַאר דֶעם הוֹיז 40 ‬‏№ אוּנ הָאבּ נָאךְ אַפַּאלְשִׁין בְּרִיף צוּגֶעלֵייגְט אַז דָאס הָאט אַמוּטֶער אוֹיס נוֹיט דָאס קִינְד אַוֶועקְגֶעוָוארְפִין . וָואס מִיט דֶעם קִינְד אִיז גֶעוָוארִין וַוייס אִיךְ נִיט . ,עֶס קָאן זַיין אַז אִיהר מַמְזֵר לֶעבְּט .

אבראם מִיט קלארען הָאבִּין זִיךְ בְּלַאס ,עֶרְשְׁרָאקֶען אָנְגֶעקוּקְט .

דוּא װִוילְסְט וִויסֶען ,קָאלְבַּאסְנִיק וָואס מִיט דֶעם קִינְד אִיז גֶעוָוארִין — הָאט דבשה גֶעשְׁרִיעֶן אוּנ הָאט אוֹיסְגֶעשָׁאסִין מִיט אַוִוילְדֶען גֶעלֶעכְטֶער . דָאס הָאט

זיך אויס גֶעהֶדֶענֶוועט אַכַּלָה פאר דיר. מִיט דֶעם מַמְזֵר וֶועלְכֶען דוא הָאסְט מעקערוואלד׳ן אונטֶערגֶעוָוארְפִין הָאסְטוּ אַצוּנְד חֲתוּנָה גֶעהַאט.

וָואס? וִויא? הָאט פלטיאל וִויא וַואהְנְזִינִיג גֶעפְרֶעגְט.

אָט דָאס וָואס דוא הֶערְסְט עוֹכֵר יִשְׂרָאֵל — הָאט דבשה לַאכֶענְד גֶיעֶנְטְפֶערְט — פְּרֶעג דַיינֶע מְחוּתָּנִים וֶועלין זֵייא דִיר זָאגֶען.

עֶס אִיז גֶעוָוארִין אַשְׁרֶעקְלִיכֶער טוּמֶעל אִין זַאל. מאריא מִיט עווגעניען זֵיינֶען אִין אוּנְמַאכְט גֶעפַאלִין. ציפה מִיט דבשהן הָאבִּין פֶעסְט אָנְגֶענוּמֶען פלטיאלן אוּנ הָאבִּין אִיהם גֶעפַּאטְשְׁט פוּן בֵּיידֶע זַייטֶען. בנימין אִיז גֶעשְׁטַאנֶען וִויא אַסְמַּאטוּעַ אוּנ הָאט נִיט גֶעוואוּסְט וואוּ עֶר אִיז אִין דֶער וֶועלְט.

אִין דֶער סוּמַאטָאכֶע הָאט מֶען גִיט בֶּעמֶערְקְט וִויא שטראהל מִיט דעבארן זֵיינֶען שְׁטִיל פוּן דֶעם זַאל פֶערְשְׁווּאוּנְדֶען גֶעוָוארִין.

* * *

מִיט אַמָאנְהַייט שְׁפֶּעטֶער הָאט מֶען גֶעלֶעזִין אִין אנירער בְּלֶעטֶער דִיא וֶוערְטֶער:

גֶעסְטֶערִין הָאט מֶען רַאזְבִּירַאיֶעט דִיא דֶיעֶלָא פוּן דֶעם אַנְטְלָאפֶענֶעם קַאסִיר פלטיאל אקס אִין אַקְרוּזְנֶעם סוּד. עֶר וַואר בֶּעשׁוּלְדִיגְט 1) אִין דֶעם וָואס עֶר אִיז אַנְטְלָאפִין גֶעוָוארִין מִיט צְוַואנְצִיג יָאהְר צוּרִיק פוּן דָער שְׁטָאדְט קרויסבאב מִיט זַיין פְּרִינְצֶעפַּאלְס גֶעלְד 150 טוֹיזֶענְד רוּבִּיל 2) אִין דֶעם וָואס עֶר הָאט צְווייא וַוייבֶּער אַוֶועקְגֶעוָוארְפִין אוּנ הָאט חֲתוּנָה גֶעהַאט מִיט אַדְרִיטֶער. אוּנ צוּם סוֹף מִיט אַפֶּערְטֶער 3) אִין דֶעם וָואס עֶר הָאט צְוַואנְצִיג יָאהְר גֶעוָואהְנְט אוֹיף אַפְרֶעמְדִין פַּאשְׁפָּארְט אוּנְטֶער אַפְרֶעמְדִין נָאמֶען. זַיין פֶערְטְהֵיידִינֶער הָאט גֶעהַאלְטִין אַפְּרֶעכְטִיגֶע רֶעדֶע נָאר דִיא פְּרִיסְיַאזְנֶע הָאבִּין אִיהם בֶּעשׁוּלְדִיגְט. אוּנ דֶער סוּד הָאט אִיהם פֶערְאוּרְטְהֵיילְט אוֹיף 15 יָאהְר סִיבִּיר. זַיין קַאפִּיטַאל הָאט מֶען אָפְּגֶענֶעבִּין זַיין אַמָאהְלִינֶען פְּרִינְצִיפַּאל. פריעדפישין, מֶערְקְווִירְדִיג אִיז דָאס — שְׁרַייבִּין וַוייטֶער דִיא בְּלֶעטֶער — וָואס זַיין זָאהְן פוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע וַוייבּ אלעקסאנדער שטראהל הָאט גֶעהֵיירַאטְהֶעט מִיט דִיא טָאכְטֶער פוּן דִיא פְּרוֹיא וֶועלְכֶע עֶר הָאט אוֹיף זַיין אֵייגֶענֶער הָאכְצַייט (מִיט דִיא זֶעלְבִּיגֶע פְּרוֹיא׳ס אַטָאכְטֶער פוּן אַנֶעלִיבְּטֶען) שְׁטַארְק קָאמְפְּרָאמֶענְטִירְט אוּנ הָאט פַאקְטִישׁ אוֹיסגֶעווִיזֶען אַז זִיא אִיז אֵיינֶע אוּנְאָרְדֶענְטְלִיכֶע. דִיא קָאמְפְּרַאמֶענְטִירְטֶע פְּרוֹיא מאריא גוסט אִיז וַואהְנְזִינִיג גֶעוֶועוָארִין, אוּנ דֶער מַאן הָאט זִיא נָאךְ ווארשויא אַוֶועק גֶעפִיהְרְט. אקס טָאכְטֶער גֶעפִינְט זִיךְ יֶעצְט בַּייא אִיהר בְּרוּדֶער אלעקסנדער. וֶועלְכֶען זִיא הָאט נָאךְ פְרִיהֶער אֵיידֶער זִיא הָאט גֶעוואוּסְט אַז עֶר אִיז אִיהְרֶער אַבְּרוּדֶער פוּן אַנ׳אוּנְגְלִיק גִירָעטֶעט.

נָאךְ עַד הַיּוֹם עֶרְצֵייהְלִין דִיא אנירער אֵיינְוָואהְנֶער דִיא גֶעשִׁיכְטֶע פוּן דֶעם אַנְטְלָאפֶענֶעם קַאסִיר פלטיאל אקס.

(ס״א)

